## קאַפּיטל איינס

נאַכט איבער זומפּיקע פעלדער. נידעריקע נעפּלען פאַרקנוילטע, געדיכטע, וואַנדערן אויף גאַנץ טרויעריקער וועלט. זיי לאָזן נאָך זיך אַ שוואַרצן חלל, אַן אומהיימלעכן, אַן ענלעכן צו די צעפּאַלענע שוואָמען. דער חלל ווערט גלייך פאַרהילט פון נייע נעפּלען, זיי דערשטיקן דעם צווייגן־געראיש, דאָס געשריי פון נאַכטפייגל, וואָס שניידן דורך די נעפּלען און טראָגן זיך פאַרביי ווי שוואַרצע צלמים.

אַן אָפּשטאַרבנדיקע וועלט, אַ דערוואָרגענע, הויכט איצט אויס איר נשמה. די הימלען האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט, כדי זי אַריינצונעמען אין אירע תהומען און פאַרוואַנדלען דעם באַשאַף אין תוהו־ובוהו.

לושין פירט זיין קליינע מיליטערישע איינהייט דורך די וויסטיקע זומפּוועגן. די גרופּע האָט זיך קוים אָפּגעריסן פון אַ שטאַרקער דייטשער קאָנצענטראַציע און איז פאַרזונקען געוואָרן אין די אומבאַקאַנטע טאָרף־פעלדער און קוסטן־פאַרוואַקסעניש. אַ מאַן צוואַנציק טאָפּטשען אין די באַגנעס, און דער נעפּל האָט זיי ממש בלינד געמאַכט. די מענטשן זענען דערשלאָגן. דער נעפּל האָט פאַרשלאָסן זייערע מיילער און אָפּגענומען דאָס געהער. זיי הערן אַפילו ניט דעם געפּליוך אין די וואַסערן און דאָס ברעכן זיך פון די קוסטעס. אַ שורה שאָטנס, ווי שטיקער וואָרצלען אויס־געקאָרטשעטע, וויגט זיך אין דער נאַכט.

די קליינע אויסשפּיר־גרופּע אונטער דער אָנפירונג פון וולאַדימיר לושין האָט מיט אַ צייט צוריק באַקומען אַן אויפגאַבע פון שטאַב דורכצוגיין די פראָנטליניע און אָנהויבן אַ טעטיקייט אין דייטשן הינטערלאַנד, אַ צען קילאָמעטער פון דייטשישע פּאָזיציעס.

לושין, אָדער לושיי, ווי עס האָבן אים גערופן זיינע מענטשן, האָט זיך דורכבאַקומען דורך די דייטשע פראָנטפּאָסטנס און איז אָנגעקומען אויף דעם באַשטימטן אָרט. אין דער זעלביקער נאַכט האָט זיך אָנגעהויבן דאָס גרויסע אַרטילערישע פייער פון די רוסישע פּאָסטנס. אַ שטאַרקע דייטשע איינהייט האָט זיך אומגעריכט אָנגעהויבן צוריקצוציען. די אַפּטרעטנדיקע דייטשן האָבן אָנגעטראָפן לושינס מענטשן און זיי אָנגעהויבן צו פאַרפאָלגן. אַזוי אַרום איז לושין פאַרזונקען געוואָרן אין די זומפּן, ווייט פון אייגענע. אויפן דריטן טאָג האָט זיך דאָס רוסישע פייער איינגעשטילט, און לושין איז שטעקן געבליבן אין דער וויסטעניש אַ פאַרפאָלגטער פון פאַרפאָלגטע, אַן אַפּטרעטנדיקער פאַר אַפּטרעטנדיקע.

זיי האָבן אין דער נאַכט פאַרלאָרן דעם וועג. צו ערשט האָבן זיי זיך געהאַלטן ביים ראַנד פון אַ קוסטנפעלד, דערנאָך האָבן זיי אָנגעטראָפן אַ בלאָטיקן זייטוועג, וואָס איז אויפגעלייזט געוואָרן אין אַ שליימיק פעלד. ערשט אין האַלבנאַכט האָבן זייערע פיס דערפילט טרוקענעם באָדן. דאָ האָבן לושינס מענטשן באַשלאָסן צו רוען.

פאַרטאָג איז דער נעפּל צערונען געוואָרן.

לושין איז ניט געשלאָפן. ער האָט זיך אַרומגעדרייט צווישן די קוסטעס און איינגעקוקט זיך אין די פּנימער פון די מידע סאָלדאַטן. זיינע קליינע שיפּלעכע אויגן, די טיף־אַריינגעזעצטע, האָבן דורכגענומען די שלאָפנדיקע מיט אַזאַ שאַרפקייט און דורכדרינגלעכקייט, ווי זיי וואָלטן באַרירט געוואָרן פון זשאַר. די סאָלדאַטן האָבן זיך איינגעקאָרטשעט, אויף די פּנימער האָבן געגומען ווימלען אומרויקע שאָטנס אַזש די הויט האָט געציטערט. אין זיין בליק איז ניט געווען קיין גוטסקייט און ניט קיין בייזקייט, ניט קיין מיטגעפיל און ניט קיין פרעמדקייט. דאָס איז געווען ווי דער באַריר פון עפּעס גליענדיקס וואָס עס איז אין דער ערשטער רגע שווער אונטערצושיידן צי דאָס איז פראָסט אָדער פייער.

די מענטשן האָבן דעם לייטענאַנט לושין ניט ליב געהאַט. זיי האָבן אָבער אין דער געפאַלנקייט זייערער געזוכט זיין בליק און געוואַרט אויף זיין וואָרט, דאָס קלאָרע, דאָס שאַרפע. עס איז זיי פרעמד געווען זיין גרויסער, אויסגעבויגענער שטערן, די אַרויסשטאַרנדיקע קינבאַקן, וואָס

האָבן געמאַכט פון זיין קאָפּ אַ שאַרפן דרייעק. דאָך האָט זיי די דאָזיקע פּרעמדקייט צוגעצויגן. אַליין פויערים־קינדער, אָפּשטאַמיקע פון דנאָ, האָבן זיי געקוקט אויף דעם קליינוווקסיקן לייטענאַנט ווי אויף אַ מענטש פון אַ ווייטער וועלט, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט צו זיי פון אַ הייכקייט. די לאַנגע, ווייסע פינגער די באַוועגלעכע און, באַזונדערס, די אויגן האָבן ווי קיזלשטיין געקענט שניידן די נאַכט אַזוי ווי מען שניידט גלאָז. אַליין האָבן זיי געהאַט ברייטע פּנימער, אָפּענע, גרויסע אויגן וואַסערדיקע, וואָס זענען צעשווומען געוואָרן אין די הימלען די גרויע און אין די זומפּן די שליימיק־גרינע. זיי זענען ענלעך געווען צו דער דאָזיקער ערד דער האַרבסטיקער, וואָס האָט פון די וואַסערן פאַרלאָרן איר האַרטקייט און געעפנט די טראַכט. נאָר איין לושין איז געבליבן דאָס וואָס ער איז געווען, בעת מען האָט אים איבערגעגבן די קליינע מיליטערישע גרופּע — אַ פעלדזן־שפּליטער פון אַ גרויסן מעכטיקן באַרג.

עס איז שוין ליכטיק.

ערגעץ־ווו אויפן האָריזאָנט פלאַנטערן זיך נאָך שיכּורע נעפּלען. לושין גייט הין און צוריק און קוקט אויף די רוענדיקע זעלנער.

דער גרויסער ווייסרוסישער פויער לאַבוטין האָט אַראָפּגעלאָזט זיין קינדערישן קאָפּ צו דער ברוסט און צונויפגעלייגט בײדע האַנטפלאַכן ווי צו אַ תּפילה.

קאַבאַיעוו — דער הפקרדיקער קאָזאַק מיט די קײלעכדיקע אַקסל און צונויפגעוואַקסענע שוואַרצע ברעמען, סאָפּעט מיט די נאָזלעכער. זיינע זידלערייען האָבן אין זיך שאַרפזין, ביטערניש און נשמה־אומריינקייט. ער איז באַקאַנט מיט זיינע קללות וואָס ער וואַרפט פון זיך מיט אַזאַ לייכטקייט, ווי איינער וואָס וואַרפט קערנער פאַרסמטע אויף פאַרוויל־דעוועטע פעלדער. די קללות באַליידיקן אין מענטש דאָס וואָס איז פאַר אים דאָס טייערסטע, דאָס אינטימסטע.

לעבן קאַבאַיעוון ליגט בוריאַן דער גרוזינער מיט אַ פּרצוף פון אַ סריס, אַ פליכטוואַטער פוסט־און־פּאַסניק מיט פעטע ליפּן און גרויסע אייז־קאַלטע, קורצזיכטיקע אויגן. אַ שטאַמלער וואָס רעדט רוסיש אַזוי ווי

מען רעדט אין שיכּרות ווען די ליפּן ווערן לויז ווי דאָס ציימל ביי אַ פערד אַן אַנטלאָפנס פון אַ צעריסענעם געשפּאַן. ווי אַזוי בוריאַן איז אַריינגעפאַלן אין דער דאָזיקער אויסשפּיר־גרופּע ווייס איין גאָט. אפשר איז דאָס געווען אַ צופאַל, און אפשר האָט מען געוואָלט אין פאָלק פּטור ווערן פון דעם סריס מיט די פאַרגלייזטע אויגן?

וואָלאָכאָוו איז איינגעקנוילט ווי אַ בייגל. עס שטאַרן נאָר אַרויס די קני און די שוואַרצע וואָנצעס.

לושין האָט אים ליב, דעם פּראָסטן יונג, דעם שלאָסער מיט די גרויסע האַנטפלאַכן, וואָס רעדט רוסיש מיט אַ מעכטיקער שטים אַזוי ווי מען וואָלט געוואַלגערטביימער, און אַז ער שווייגט איז עס ווי דאָס שווייגן פון אַ ווינטמיל אין אַן אָנווינטיקן טאָג. אַן אָפן פּנים, גרויסע חידושדיקע אויגן, וואָס יעדעס מאָל נעמען זיי אָן אַן אַנדער פאַרב. טייל מאָל זענען זיי מוטנע ווי דער זומפּ און טייל מאָל ליכטיק ווי דער הימל. אַ פּנים וואָס קאָן געקנאָטן ווערן אַזוי ווי עס קאָן אַ פעלד פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ גאָרטן אָדער אין אַ וויסטעניש.

דער האַלב־טאָטער האַלב־רוס פון קאַזאַנער געגנט, סאַדקאָ, ווייבט פון שלאָף. זיינע ליפּן זענען בלאָ און דאָס פּנים ווי אַש.

בודנאָוו איז שוין אויפגעשטאַנען. ער קוקט מיט די באַברעמטע אויגן. ער שמייכלט צו די וויטקייטן, עס קומט אָבער אַרויס אַ גרימאַס. די מוילווינקלען הייבן זיך און צוזאַמען מיט די מוילווינקלען באַוועגן זיך די צעשויבערטע וואָנצעס ווי אַ ווינט וואָלט זיי געטריבן. אַ נידעריקער, אַ קיילעכיקער מיט אַ געקאַרבטן שטערן. אַ טעמפּער שווייגער, וואָס ווערט נאָר צעוואַרעמט בעתן עסן און בעת קאַבאַיעוו שליידערט די קללות אויף דעם ווייבערשן מין. דעמאָלט קלאַפּט ער יעדן איינעם אין פּלייצע און כיקעט מיט אַ קוויטשיקן קול: — אוי, ברידערלעך, אוי, האַרציקע, אוי, טייבעלעך... אין די נעכט לויערן זיינע אויגן מיט אומ־געוויינטלעכער שפּירעוודיקייט. ער גייט תמיד פאַרויס און פּלאָנטערט אַרויס די איינהייט פון אַלערליי זומפּ־פּאָליאַנעס ביז ער דערגייט צו אַ דאָרף־וועגל.

כאָכלאָוו פאַרריכט דעם רימען. ער קוקט אויף דעם לייטענאַנט

לושין מיט אַרויסגעזעצטע וואַסערראויגן. דאָס איז אַ פויערים־זון פון אַ דאָרף ביי קיעוו. ער האַלט זיך תּמיד לעבן בוריאַנען. אַ פּאַרטייעטער, אַ וואַכעדיקער, מיט אַ קאַנטיקן קאָפּ וואָס זיצט ממש אויף די אַקסל, איז ער ווי אַן אייז־קריע, וואָס טראָגט זיך אויף אומרויקע וואַסערן און קיינער ווייס ניט וואָס אין דער קריע איז איינגעפרוירן. וויי איז צו דעם פּאַראָם, וואָס באַגעגנט אַזאַ אייז־קריע אויף צעשפּילטע וואַסערן. — אָהאָ, ער וועט אַמאָל ערגעץ אָנשלאָגן זיך אין אַ ברעג, און אפשר אין אַן אַנדער קריע, דער דאָזיקער כאַכאַל, דעמאָלט וועלן מיר אים דערזען! — האָט שפּאַסיק איין מאָל וועגן אים געזאָגט דער לייטענאַנט לושין.

בוסליי נישטערט שוין אַרום אין דעם קליינעם וועלדל. ער איז ווי אַ געיעג־הונט וואָס דערשנאַפּט טריט. דאָס איז אַ באַקאַנטער בראָדיאַגע, וואָס האָט דורכגעשניטן דאָס לאַנד אין דער לענג און אין דער ברייט. געאַרבעט אין גאָלדגרובנס פון סיביר, אין די קוילן־שאַכטעס פון שפּיצבערגען, אויף קאַטאָרגע אין קאָמי. געווען אַ מאַטראָס אויפן קאַספּישן ים. אַ גוטמוטיקער יונג. דער גערעכטער טיילער פון ברויט אין דער איינהייט, דער וואָס שפּילט זיך פון לאַנגווייליקייט מיטן קינזשאַל און פּרוווט די שאַרפקייט זיינע אויף דער האַנטפלאַך. ער איז טאַטואירט פון קאָפּ ביז די פיס. זיין גערונצלט פּנים האָט אין זיך דעם פּיבערדיקן שאָטן פון געלן גאָלד און קוילן. זיין שטערן איז צעאַקערט אַזוי ווי דער ים־פלאַך אין ווינט. אין די אויגן טראָגט ער די פינצטערניש פון שאַכטעס. ער רייסט זיך צו אַ גערעכטיקייט, אַזאַ אידעאַל־ריינער און ליכטיקער, ווי אַ שנייפעלד אַ ניט־באַטראָטענע. די קלענסטע שפּורן פון אָנרירן די דאָזיקע גערעכטיקייט מאַכן אים ווילד. ער רייסט דעם רימען, ביילט די פויסטן און שליידערט דעם קינזשאַל מיט אַזאַ קראַפט אין אַ שטאַם אַריין, אַז מ׳קאָן אים דערנאָך קוים אַרויסשלעפּן.

וועט בוסליי געפינען מענטשישע שפּורן? וועט ער דערקענען אַ וועג צו אַ דערפל?

ראָסטין פּאָרעט זיך מיטן אויטאָמאַט. ער איז פליייסיק, דער פאַבריקס־אַרבעטער. דערקענסט ניט אויף אים קיין מידקייט, קיין גע־פאַלנקייט. ער לאַכט ניט, ער קרעכצט ניט. ער באַגייסטערט זיך ניט.

תּמיד אַ גלײַכגילטיקער, אַ שווײַגנדיקער. ער איז גרוי ווי אַש. דו דערקענסט קיין מאָל ניט, צי דאָס אַש איז פון אַ שײַטער וואָס גליט נאָך אָדער איז שוין לאַנג־פאַרלאָשן פון רעגנס און ווינטן. עס טרעפט אַז דו צעשאַרסט אַזוי דאָס אַש מיט די פינגער און דערפילסט פּלוצעם אַ ברי פון אַ שטיק טליענדיקן קויל — אַזוי איז עס אָפט מיט ראַסטינען דעם שווײַגער. ער וואַרפט אַמאָל אַ שאַרף וואָרט, אַ דורכגעטראַכטס, וואָס רודערט אַלעמען אויף ווי דער זשאַר פון אונטערן אַש אין אַ ווינטיק פעלד.

דאָס קליינע פּויערל כיטראָוו פּלאָנטערט זיך אונטער אַלעמענס פיס. אַמאָל לויפט ער אַנטקעגן לושינען מיט אַ הכנעהדיק שמייכעלע, אַן אַנדער מאָל האַלט ער זיך לעבן דעם קאַזאַק קאַבאַיעוו און זוכט געלעגנהייטן אַרויסצווײַזן אים קליינע געפעליקייטן.

— אפשר פאַררייכערן מיר ?... ווילסטו מאַכאָרקע ?...

זײַן פּנים איז דערביי פול מיט דערוואַרטונג. ער פאַרוואַנדלט זיך אין אַ געטריבענעם הונט, וואָס בעט גנאָד ביי פרעמדע שוועלן. ער לאַכט עס דער ערשטער פון קאַבאַיעווס גראָב זידלעריי און ענדיקט דער לעצטער דאָס טעמפּע געלעכטער. אַפילו ווען ער האָט שוין אויפגעהערט לאַכן, דוכט זיך אַלץ אַז ער שמייכלט נאָך. דאָס איז צוליב די אַרויסשטאַרנדיקע פאָדערשטע ציין, וואָס ער קען זיי ניט פאַרדעקן מיט די ליפּן.

בורגין, דער ראָטע־שרייבער, מיט די הויכע אויסגעבויגענע אַקסל, איז צוליב אַ צופאַל אַרײַנגעפאַלן אין דער אויסשפּיר־גרופּע. עפּעס אַ שיכּורער סאָלדאַט האָט געזונגען אַ שפּאָטליד וועגן פּאָלקאָווניק און זײַן געליבטער. דער שיכּור האָט זיך מודה געווען, אַז דאָס ליד האָט אים אויסגעלערנט דאָס ראָטע־שרייבערל בורגין. מיט אַ וואָך שפּעטער איז בורגין אָפּגעשיקט געוואָרן מיט די אויסשפּירער.

מען האָט אים ליב בורגינען פאַר זײַנע אויסטערלישע מעשׂות וועגן פאַריז און ווין. ער קען דאָרט אַלע נאַכט־קנייפּעס. מען הערט אים אויס שעהן־לאַנג.

בודנאָוון שויבערן זיך די וואָנצעס און פאַר פרייד קלאַפּט ער בורגינען גוטברודעריש אין דער קרומער פּלייצע.

קאַבאַיעוון זעצט זיך אַזש אָפּ אַ שוים אין די מויל־ווינקלען פון לאַכן.

בורגין איז בעתן דערציילן ערנסט און פייערלעך. ער קוקט מיט גרויסע אויגן, טונקעלע. איבער די אויגן — געדיכטע ברעמען. זיין ברייט מויל מיט די ליפּן רוען זעלטן, סיידן אין די שווערע נאַכט־וואַנדערונגען.

לייטענאַנט לושין האָט אים ניט ליב, דעם בורגין, ער גלייבט ניט זיין שיינרעדעריי, ניט זיינע מעשׂות. אין בורגינס פּנים איז פאַראַן שפּאָט. אַ טיף פאַרבאָרגענער שפּאָט. די יידישע אויגן זיינע שפּיגלען אָפּט אַרויס פרעמדקייט און אומעט. דאָס פּאַסירט אָבער זעלטן, נאָר בעת בורגין איז אַליין. דערנאָך נעמען זיינע אויגן איבער די פרייד און טרויער פון פרעמדע. זיי ווערן ווי שוואָמען, וואָס זאַפּן אין זיך איין אַלץ וואָס עס איז דאָ אין די סאָלדאַטישע הערצער. טייל מאָל דוכט זיך זיי, אַז דאָס רעדט בורגין מיט זייער צונג און אַז ער קוקט מיט זייערע אויגן, און די שענסטע חלומות זייערע האָט בורגין אויך געחלומט.

דער גרעסטער שוויגער איז דער סאָלדאַט דזשיגיטאָוו, אין פאַר־קירצונג דזשיגיטאַ. מען רופט אים „דער געשטופּלטער פּאָפּ״. כאָטש זיינע פּאָקן־גריבלעך זענען פלאַכע און מען זעט זיי אָן נאָר אויף די קינבאַקן און קיין תּפילות פּרעפּלט ער ניט — דאָך איז אים געבליבן דער דאָזיקער צונאָמען. אַ טעמפּער שטערן. אויגן פון טרוקענע קראָפּעווע־זריעה. אין זיין פּנים איז אַלץ אומבאַשטימט און אומקלאָר; ניט דער שמייכל וואָס איז ווי וואַקס פאַרגליוווערט, ניט זיין כּעס וואָס ווערט ווי געמילדערט פון די גלייכגילטיקע אויגן. מען דערקענט ניט אויף אים קיין מידקייט, ניט קיין געפּאַלנקייט. ער טראָגט אין זיך ניט קיין הכנעה צו קיינעם, און אין די געציילטע רייד וואָס ער לאָזט פאַלן איז פאַראַן האַרטקייט און לאָגיק. איידער ער זאָגט עפּעס — באַוועגט ער די ליפּן. טייל מיינען, אַז דזשיגיטאָוו דער פּאָפּ שטאַמלט. דאָס איז אָבער ניט קיין שטאַמלעריי. זיין ליפּן־געציטער דערמאָנט אין אַ פויגל ערב דעם פלי, ווען ער פּרוווט אויס די פליגל. ער איז זייטיק, פאַרשלאָסן אָבער מיט אַ וואַך אויג לויערט ער אויף יעדן טריט וואָס עס מאַכט לושין און וואָס עס טוען

זיינע מענטשן. ער הערט אַלעמען געדולדיק אויס, שטופּט דערביי אָן זיין אומגעלומפּערטן ציבעק מיט מאַכאָרקע און שאַרט זיך אַוועק מיט זיין הוידנדיקן גאַנג אויף די צו־קורצע פיס.

דאָס זענען ניט אַלע מענטשן פון לושינס גרופּע.

אָגלאָבלין פראָן פירט דעם וואָגן מיטן פערד, סטיאָפּאַ און שומילאַ העלפן אים אַרויס בעת דער וואָגן פאַרזינקט אין די בלאָטעס. עס איז דאָ צווישן זיי אַ סאַניטאַרין מאַשאַ — אַ מויד מיט רויט־פאַרלאָפענע באַקן.

שוין צוויי טעג ווי עס איז שטיל אין דער זומפּיקער געגנט. מען הערט ניט קיין אָפּהילך פון האַרמאַטן־שיסערייען און אין די נעכט נישטערן ניט קיין רעפלעקטאָרן אין די הימלען.

טאָרפפעלדער, מאָך און טרוקענער טשערעט — און דאָס אַלץ איז איינגעפאַסט אין אַן ענגן רינג פון וועלדער בלאָן־און־בלאָע, מער ענלעכע צו געדיכטע נעפּלען ווי צו וועלדער.

לושין האָט געהאַט דאָס געפיל ווי ער וואָלט אַרויסגעשליידערט געוואָרן פון אַ וועלט און עס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט פון הימל אָט דער דאָזיקער וואַלדרינג און אים אַרומגענומען. ער איז איצט אין אַ גע־שלאָסענעם קרייז פון וועלדער ווו קיין אַרויס איז ניטאָ. ער גייט ניט וווהין ער דאַרף גיין, כּדי צו דערשלאָגן זיך צו אייגענע — ער ווערט געפירט פון אָט אָ די האַלב־וועגלעך די פאַרלאָרענע, פון די שטעגלעך די פאַרזונקענע. וווהין איז ניט וויכטיק, דער עיקר — אַרויסרייסן זיך פון גרינעם שליים, פון דער פוילנדיקער געוויקסן־וועלט, פון די וועלדער די מאָכיקע, פון די פעלדער פאַרגאָסענע מיט שטיקער הימל און מיט ליימיקע וואָלקנס.

נאָך אַ טאָג און זיין מאַכט וועט זיך ברעכן אַזוי ווי עס ברעכט זיך דער האַרבסטיקער פאַרטאָגיקער אייזפאַנצער פון די קאַלוזשעס. די מענטשן פון דער איינהייט וועלן זיך צעלויפן איבער די פעלדער. דערוויייל גייען זיי. עס האַלט זיי צוזאַמען דער מיראַזש פון דערפער נאָענטע.

דעם פרישטיק האָבן זיי געגעסן גייענדיק; לעצטע שטיקער שוואַרץ ברויט. מיטאָגצייט וועלן זיי צעלייגן אַ פייער.

— עס דערוואַרט אונדז אַ רויק דאָרף, אַ זאַטס. די שלאַכטן האָבן זיך איינגעשטילט. מען וועט אונדז אויפנעמען ווי ברידער. נאָך אַ ביסל אויסדויער... היטן דאָס געווער און גיין פאָרויס... פון דאָרט וועט מען זיך דערשלאָגן צו די היימען...

מען האָט אויסגעהערט לושינען מיט חידוש. דאָס ערשטע מאָל ווי ער דערמאָנט מער ניט די פּאָזיציעס פון וועלכע מען איז אַוועק. ער רעדט וועגן די היימען, וועגן דער מלחמה וואָס ענדיקט זיך. ער טראָגט דאָך אין זיך די פאַרקערפערונג פון מאַכט. זיינע רייד האָבן וואָג. אונטער אים שטייט דאָך די גרויסע אַרמיי.

סאַדקאָ וויינט. טרערן רינען איבער זיין גרוי פנים. ער שלעפּט קוים די פיס. זיי זענען האַלב פאַרשטייפט.

אָגלאָבלין קניפּט דאָס געשפּאַן און שעלט מיט טויטע קללות גאָטס באַשאַף:

— אויף איין אָרט האָסטו געמאַכט אַ וויסטעניש, אָן אַ טראָפּן וואַסער, אַזוי ווי אין מידבר קאַראַ־קומאַ, און אויף אַ צווייט אָרט האָסטו אויסגעגאָסן אַלע פּאָמאָיעס פון דיינע הימלען... עך, דו! וואָלסט דיין וועלטעלע בעסער פאַרראַכטן און ניט געמאָרעט דעם בידנעם נאַראָד...

בוסליי שלאָנדערט זיך ערגעץ אַרום. ער גייט פאָרויס מיט צע־שפּרייטע נאָזלעכער און שפּילט זיך מיטן קינזשאַל.

שומילאָ שלעפּט דעם וואָגן און סאָפּעט ווי אַ שטורעמווינט צווישן אַלטע שטאַמען.

די שרעק פאַרלאָרן צו גיין אין די זומפּן בינדט אַלעמען צונויף. יעדער באַזונדער איז אָנמעכטיק, פאַרמישפּט אומצוקומען. איצט וועלן זיך אַלע האַלטן צוזאַמען און אויב עס וועט נויטיק זיין וועלן זיי העלדיש־קייטן באַווייזן. ער איז אָבער אומרויק, לושין. עס האָט אים אומרויק

געמאַכט בוסליי, דער וואָס לויפט פאָרויס ניט געפרעגט ביי קיינעם אָבער מיט אַלעמענס שטילער הסכמה. און אַז ער קומט צוריק טיילט ער זיך מיט זיינע נייסן מיט דזשיגיטאַ און בוריאַנען.

פאַר וואָס ציט עס אַזוי דעם בראָדיאַגע צום געשטופלטן פאָפּ, און פאַר וואָס האָט זיך דער סריס בוריאַן צוגעשאַרט צו דזשיגיטאַן? אַפילו דאָס קליינע פויערל כיטראָוו דרייט זיך אַרום לעבן דעם שווייגנדיקן פאָפּ און שטשירעט מיט די אַרויסגעזעצטע ציין.

די מאַכט אין דער גרופּע געהערט צו לושינען. ער איז עס דער באַפעלער פון נעכטן און דער האַר פון מאָרגן — אָבער איצט איז די מאַכט ניט אין זיינע הענט. מען הערט אים נאָר בעת ער רעדט וועגן מאָרגן, וואָס וועט קומען אויב מען וועט דערגרייכן אַ יישוב, אָבער דעם וועג צום „מאָרגן" פירט בוסליי.

פאַר וואָס האָט דערוואַכט דער פּראָסטאַק דזשיגיטאַ? פאַר וואָס חנפהט אים אַזוי דער בוריאַן און דער איינגעשרומפּענער כיטראָוו?

סאַדקאָ האָט זיך אַראָפּגעזעצט אויף דער ערד. ער קען מער ניט גיין.

— סאַ ליגן! — האָט אויסגעשריען לושין. — דו מוזט גיין!

ער האָט געוווּסט, אַז דאָס איז אַ געליימטקייט פון מידקייט און פּחד און מיט דעם געשריי האָט ער געוואָלט פאַרטרייבן סאַדקאָס געפאַלנקייט.

— לאָזט אים ליגן — האָט אויסגעכיקעט בודנאָוו. — ער וויל דעזערטירן, דערנאָך וועט ער אָנווייזן דעם שונא ווו מיר געפינען זיך!

— מ'קאָן ניט לאָזן אַ מענטשן, — האָט ראָסטין געזאָגט.

— טאָ נעם אים אויפן רוקן.

— איך וויל אים פירן — האָט זיך אָנגערופן בוריאַן.

ווען די איינהייט האָט זיך דערווייטערט, איז דער סריס נאָך אַלץ געבליבן מיט סאַדקאָן און צו אים שטיל גערעדט.

אין זומפּפעלד האָט אַ קלאַפּ־געטאָן, ווי עס וואָלט זיך איבער־געבראָכן אַ יונגע סאָסנע.

לושין איז פאַרגליווערט געוואָרן.

דער סריס האָט זיך אַליין דערנענטערט פון צווישן טשערעט און אויף זיין רימען האָט זיך געהוידעט דער נאַקעטער פיסטאָלעט.

— ווו איז סאַדקאָ?

בוריאַן האָט געקוקט מיט גלעזערנע אויגן אויף לושינען און געשוויגן. ער האָט נאָר געטייטלט צום זילבערנעם טשערעט. און מיט אַ מאָל איז אויסגעוואַקסן דער געשטופּלטער דזשיגיטאָ. ער איז האַרט צוגעגאַנגען צו לושינען און שטיל געזאָגט:

— מיר זענען איצט זיכער מיט סאַדקאָן. ער וועט אונדז קיין שלעכטס ניט טאָן.

דער ציבעק האָט זיך געריוויכערט און אַ רויך־וואָלקנדל איז אָנגעשוואומען און הענגען געבליבן צווישן לושינס ציטערנדיקע פינגער און דעם גלייכגילטיקן קאַלטן פּנים פון אויסטערלישן סאָלדאַט דזשיגיטאָוו.

לושין האָט לאַנג געקוקט אויפן געשטופּלטן און געוואַרט, אַז דאָס רויך־וואָלקנדל זאָל פאַרשווינדן.

די נאַכט האָט די גרופּע געלאַגערט אין אַ וואַלד. דער האַרבסטווינט האָט געריסן די ביימערשפּיצן און אונטן האָבן די שטאַמען געקרעכצט ווי זיי וואָלטן זיך געשפּאָלטן. געדאַכט האָט זיך אַלעמען, אַז עס פאַלן ווענט. אָפּט האָבן זיך אָפּגעריסן שטיקער צווייגן געדיכט באַנאָדלטע און זענען אַראָפּגעפאַלן אויף דעם וואַלדבאָדן ווי אונטערגעשאָסענע נאַכטפייגל.

דער טשערעט פון די זומפּן האָט זיך געוויגט, געבראָכן, אַזוי ווי עמעצער וואָלט געטראָטן אויף טרוקענע צווייגן. שאָטנס זענען געלאָפן צו די פעלדער, דער ווינט האָט זיי צונויפגעבונדן און דערנאָך צעריסן אויף פּיץ־פּיצלעך.

לושין האָט זיך אויפגעכאַפּט מיט פיבער. זיין פּנים האָט געברענט, ער איז געלאָפן הין און צוריק. זיין קאָפּ — ווי אַן אַ שיידל. דער ווינט צינדט זיין מאַרך. ער פילט, באַלד וועט עס אויפפלאַקערן און אין וואַלד וועט ליכטיק ווערן. די קני זענען אים לויז. ער איז ניט דער האַר איבער זיי, זיי וויגן זיך ווי די שאָטנס אין ווינט.

— העי, וואָס ליגט איר ווי דערוואָרגענע? שטייט אויף, ברידער! מיר האָבן ניט פאַרבלאָנדזשעט! מיר זענען אויף דעם ריכטיקן וועג צו אַ וווּנדערדאָרף... איך זע דאָס דאָזיקע ווונדערשיינע שטיק לאַנד מיט גאָלדענע קאָרן־פעלדער! איך זע עס! די מענטשן וואַרטן דאָרט אויף אונדז... ס׳וועט זיין אַ גרויסער יום־טוב... זייערע טעכטער פוצן שוין אויס די כאַטעס און שפּרייטן פאַר אונדז וואַרעמע געלעגערס... ווייסט איר אַז די וועלט איז אונטערגעגאַנגען? מיר האָבן ניט פאַרבלאָנדזשעט! דאָס האָט די וועלט פאַרבלאָנדזשעט! מיר זענען די לעבן־געבליבענע... מען דאַרף אָנהייבן פון דאָס ניי. מיר וועלן באַשאַפן אַ בעסערע און שענערע... ווער צינדט עס אַזעלכע גרויסע פייערן? פאַר וואָס איז אַזוי הייס? גענוג געלייגט פייערן! גענוג! מיר וועלן דאָך ניט אַרויס פון פייער־רינג! קינדערלעך, טרייבט די שאָטנס אַוועק! יאָגט זיי! בוסליי, בוסליי! דו ביסט דער ערלעכסטער פון אַלעמען! דו וועסט דער ערשטער אַריינמאַרשירן אין ווונדערדאָרף... וואַשט אייערע הענט אין די זומפּוואַסערן.... וואַרפט פון זיך די טראַנטעס... דאָס פאָלק פון דאָרף וועט אייך אויפנעמען מיט געזאַנג און פרייד... ווער האָט דאָס אויפגעריסן מיין האַרץ און עס אַזוי אָפן אַנטפּלעקט פאַר דער זומפּיקער נאַכט? — — —

אַרום לושינען איז געוואָרן טויט־שטיל. עס האָבן זיך געוויגט די שאָטנס. כיטראָוו איז געשטאַנען מיט אַן אויפגעריסן מויל. די אַרויסגע־זעצטע ציין האָבן געגליווערט מיט אַ הכנעה־געלעכטערל.

די איבערגעוואַקסענע מויד ברעכט די הענט אויף איר בוזעם. קאַבאַיעוו שעלט די זומפּ, די נאַכטפעלדער, דעם האַרבסטווינט. ער שעלט זיי מיט אַזעלכע קללות ווי דאָס אַלץ וואָלט געהאַט מאַמעס. אַלץ האָט ביי קאַבאַיעוון אַ מוטער: דער בוים, דער הימל, די נאַכט, די צרות און דער הונגער.

פראַן אַגלאַבלין האָט איינגעגראָבן דעם קאָפּ אין פערדס גריווע און פילט די פייכטקייט פון די אייגענע טרערן אויף דעם פערדס איינגעפאַ־לענעם קאַרק.

שומילאָ זוכט צווישן די וואָלקנס דעם שטערן־שימער. עד, וואָלט

ער זיך אַ לאָז־געטאָן אין דער נאַכט אַריין דורך די זומפּן צו זיין היימיש דאָרף.

ראָסטין האָט אַרומגענומען לושינען מיט גרויס מילדקייט.

— דו ביסט קראַנק, לייטענאַנט לושין, פיבערסט.

דאָס קליינע פּויערל כיטראָוו איז אויפגעשפּרונגען.

— ס׳וועט דיר בעסער ווערן. לייג זיך. כ׳וועל דיך איינדעקן. כ׳וועל דיר געבן צו טרינקען קיפּיאַטאָק פאַרפאַרעטן מיט מאַלינע־צווייגן...

בוריאַן האָט זיך געשאַרט צווישן די שטאַמען און עפּעס געזוכט אין דער פינצטערניש. דער פּאָפּ איז געזעסן און אומבאַוועגלעך געקוקט אין דער נאַכט אַריין, און אַז בוריאַן האָט זיך אַוועקגעשטעלט לעבן אים האָט ער שטיל געשעפּטשעט צו דער שוואַרצער ליולקע:

— אָן לושינען זענען מיר אַ באַנדע דעזערטירן, מיט לושינען — אַ מיליטער־איינהייט...

בוריאַן איז אַוועק און פאַרהילט זיך אין שאָטנס.

לושין האָט ניט געקענט איינרוען. ער האָט געטריבן פון זיך דאָס קליינע פּויערל.

— כ׳בין ניט קראַנק... איך רייד צו אייך און איר קוקט אויף מיר ווי אויף אַ גערירטן... ווי ס׳וואָלטן מיינע אָדערן געווען אונטערגעצונדענע... באַלד וועלן מיר אַרויס פון די פאַרשאָלטענע באַגנעס... איך הער שוין דעם געפלאַטער פון טויבן איבער שטילע היימען... איך זע ווי עס וויגן זיך די גאָלדענע זאַנגען, אַזוי ווי די זון וואָלט אַראָפּגענידערט אויף דער ערד... פאַר וואָס באַנעמט איר ניט מיינע רייד?...

בורגין, וואָס איז געזעסן די גאַנצע צייט אַ פאַרשטומטער, האָט זיך אויפגעכאַפּט.

— איר זענט טעמפּ ווי העק ניט־געשאַרפטע! קוקט אָן לושינען, וועט איר זען אַז יעדעס וואָרט זיינס איז אמת. העי, דו, פראָן אָגלאָבלין, הייב אויף די ראָזשע, וואָס כליפּעסטו ווי אַ באַבע? בוריאַן, וואָס שלאָנדערסטו זיך אַרום מיט דיין מיאוסן פּרצוף און סודעסט זיך אין די ווינקלען? לייטענאַנט לושין פאַרשטייט אייך אַלעמען! וואָס מיינט איר, אַז ער רעדט פון היץ? אוי, איר אומגלויביקע! איר זענט ווי די

פּי אין נאַכטיקע פעלדער! לייגט צו אייערע אויערן! הערט אייך איין אין ווינט וואָס טרייסלט די ביימער־שפּיצן, וועט איר דערהערן די פּרויען־שעפּטשערייען פון נאָענטן דאָרף. איר וועט דערהערן זייערע ניגונדיקע שטימען. הערט! דאָס איז ניט דער געשאָרך פון קוסטעס, ניין! דאָס זענען לידער געזונגען פון דאָרפסמיידן...

דאָס פויערל כיטראָוו איז לעבעדיק געוואָרן. ער האָט געפּאָכעט מיט די הענט און געטרייסלט דעם קאָפּ, בודנאָוו האָט מיט די האַנטפלאַכן געגלעט די וואָנצעס אויף אַרויף, און די ליפּן זענען אים פייכט געוואָרן.

— עפּעס הער איך... אין דער מאַמעס מאַמען אַריין...

דער ווינט האָט זיך פאַרשטאַרקט. איצט האָבן זיך אָפּגעריסן אַלע שאָטנס און זענען פאַרפלויגן ערגעץ וויט. אַ נאַכט אָן שאָטנס. אַ וויסט געוואָי. פייערדיקע רייד פון לושינען און אַ געוויין פון אײנציקן פערד.

מאַריאַ, אָדער ווי מען האָט זי גערופן, מאַשאַ, איז די גאַנצע נאַכט געשטאַנען אויף די קני און זיך געצלמט. זי האָט געזען ווי בוריאַן שאַרט זיך אַרום צווישן די צווייגן און קוקט מיט אַ פאַרלאָשן פּנים אויף דזשיגיטאַן.

אין האַלבנאַכט איז צוגעקומען בודנאָוו צו מאַשאַן און געשטאַמלט. געגלעט איר רוקן. זי האָט געבעטן ביים הייליקן ניקאָליי פאַר לושינען, פאַר אָגלאָבלינען, פאַר דעם אָרעמען פערד, פאַר די זומפּן.

— פאַר וואָס האָסטו, אַלמעכטיקער, אַזוי באַשטראָפט די דאָזיקע ערד? פאַר וואָס האָסטו זי דערטרונקען אין זומפּן, אַז דיין אַרויסשפּראָץ זאָל דאָ קיין האָפט ניט האָבן, אַז די וואָרצלען פון יעדן געוויקס זאָלן פוילן? פאַר וואָס האָסטו געמאַכט, אַז דער ווילדער טשערעט זאָל אַרויפ־שיסן צו די הימלען, אַז דער סטערטשנדיקער טראָסטניק זאָל אין די נעכט אויסשטעכן די גרינע שטערן־אויגן דיינע? אַז אַ לוסטיק זשאַבע־קוואַ־קעריי זאָל פאַרטויבן דאָס פייגל־געצוויטשער? אַז דער שטילער מאָך זאָל דאָ וויקלען זיך אַזש אויף די העכסטע סאָסנעס און פאַרדעקן די זאַפטיקע בורשטין־שטאַמען? פאַר וואָס האָסטו עס באַשאַפן אַזאַ ערד, וווּ דער מענטשישער טראָט איז ניט זיכער און עס דוכט זיך, אַז אָט־אָט

וועט דער וואַנדערער פאַרזונקען ווערן? אַפילו די פּי שרעקן זיך צו גיין אויף דיינע קראַנקע לאָנקעס ווו עס לויערן זומפּן פאַרדעקטע מיט גרינעם שליים און באַגנעס מיט גרינע סם־גראָזן? פאַר וואָס לאָזסטו, אַז די ריינע לופט זאָל פאַרסמט ווערן פון זומפּ־וואַסערן, פון געפוילעכץ? ווילסטו דען אַליין צעשטערן דאָס וואָס דו האָסט מיט אַזוי פיל האַרץ באַשאַפן? — — —

דער זומפּפיבער האָט פאַרשפּינען דעם לייטענאַנט לושין אין אַ געוועב פון דינע גליענדיקע פעדעם. ער האָט זיך געריסן פון דעם געוועב און ניט געקענט אַרויסרייסן דעם קאָפּ פון דער פייערנעץ. ער האָט געזען אויף יעדן שפּאַן זוניקע שטעגן, אָפענע ווי די הימלען. אַפילו די פאַרגליווערטע בלאָע וועלדער זענען צעשניטן געוואָרן פון פייערדיקע שטעגן און האָבן אַנטפּלעקט ליכטיקע טויערן צו אַ ווונדערוועלט. טייל מאָל זענען זיך די אַלע שטעגן צונויפגעלאָפן אין איין שטיק זון. דעמאָלט איז ער געווען זיכער, אַז ער גייט איבער אַ זון־טעפּיך, וואָס גאָט אַליין שפּרייט אויס אונטער זיינע פיס.

דאָס צעפיבערטע האַרץ זיינס האָט אויסגעטרוימט די וווּנדערלעכסטע טרוימען. אָט אַ דער טרוקענער, שכלדיקער יונגער לייטענאַנט, וואָס האָט געירשנט פון זיין פאָטער, דעם רעגירונגס־באַאַמטן, שטילקייט, פאַרשלאָסנקייט, גלייכגעוויכט און ניכטערקייט, איז פּלוצעם געפאַנגען געוואָרן פון אַ חלום־וועלט. דער זומפּפיבער האָט אויפגעריסן די צוימען מיט אַזאַ אימפּעט ווי עס ברעכן זיך אויף טויערן פון ברענענדיקע שטאָלן און עס שפּאַרן פון דאָרט צעווילדעוועטע פערד.

אַז מען האָט געקוקט אויף לושינען האָט זיך אויסגעדוכט, אַז אַ אָרעאָל פון זונליכט רינגלט אַרום זיין קאָפּ.

ער האָט זיך נאָך געהאַלטן אויף די פיס. דער אימפּעט האָט אים געטראָגן אַזוי ווי עס טראָגט זיך אַ שפּליטער פון באַרג צו די טאָלן.

עס איז ווידער אַדורך אַ טאָג און אַ נאַכט. ווידער האָט מען געלייגט פייערן אין די אָוונטן. לושין איז געזעסן נאָענט צום פייער און

גערעדט. דאָס איז געווען אַן אויסמיש פון האָפענונג און פאַרלאָרנקייט, פון פרייד און טרויער, פון חלום און וואַנזין. ער האָט פאַרלאָרן די גרענעצן צווישן ערד און הימל, צווישן זומפּ און טריקעניש, צווישן וואַלד און פינצטערניש. ער האָט געזען ווי די וואָלקנס שפּרייטן זיך צופוסנס און די שטעגן וויגן זיך איבער אים. טייל מאָל איז אים אויסגעקומען, אַז ער שפּרייזט צווישן שטערן. ער טרעט אויף זיי, ער שטויסט זיי אַוועק מיטן גוף, ער שליידערט זיי אין די זומפּן אַריין, זיי פאַלן צווישן די נאַכטיקע גראָזן און ער הערט דאָס געפּאַל זייערס אין די וואַסערן. ניין, ניט קיין וואַסערן זענען דאָס, נאָר שוואַרצע שפּיגלען צעהאַקטע פון געוואָרפענע שטיינער. אַ פאַלנדיקער שטערן מוז זיך ערגעץ פאַרהאַלטן. עס איז דאָ אַ סוף צום פאַלן. ווו איז זיין סוף? דער זומפּ? די דאָזיקע אײַנהייט די פאַרלאָרענע? אָדער דאָס קאָרנפעלד דאָס גאָלדענע?...

זיין פּנים איז אָנגעשוואָלן געוואָרן. די קינבאַקן זענען אָפּגעטעמפּט געוואָרן, און דער שטערן האָט זיך מערער אויסגעבויגן און צונויפגע־פּרעסט די אויגן־לעכער.

מען האָט שוין געגעסן די רעשטלעך פון פערד. דעם וואָגן האָט מען געלאָזן צווישן קוסטעס צוזאַמען מיט אַ טייל פון געווער.

די טעג זענען ענלעך געווען צו זיך ווי די זומפּיקע לאַנדשאַפט. האַרבסטיקע טעג: אַן אויסמיש פון רעגן און נעפּל, פון שפּליטערס זון מיט שימל־שאָטנס, פון ווינט און שטורעמס האַרבסטיקע, געפּענטעטע פון וואַלדרינגען בלאָ־גרויע. און אַלץ האָט זיך איבערגעחזרט ווידער אַ מאָל, אַזוי ווי די בעריאָזעס די האַלב־דערטרונקענע, וואָס בלענדן אַרויס פון געדיכטן גרין מיט אַ ווייסן פיבער; אַזוי ווי די ווערבעס די ווילד־צעשויבערטע מיט די צעשפּאָלטענע שטאַמען, די אויסגעקרימטע, וואָס זענען ענלעך צו די אַלטע בערדיקע בעטלער ביי פעלד־קרייצונגען, ווען עס פאַרכאַפּט זיי אַ זאַווייע; אַזוי ווי די זומפּן מיט די בערגלדיקע גראָז־אינדזלען צווישן וועלכע עס שווימען אַרום וואָלקנס צעריסענע — וואָלסט געשוואָרן, אַז דאָס זענען צעאַקערטע פעלדער אומגליקלעכע,

פאַרפּלייצטע פון פרילינגס־וואַסערן, און אין זומער וועט זיך דאָ כוואַליען גאָלדענער ווייץ.

ווידער זעסטו די סאָסנעס די פאַרהויקערטע, די אָלשעס די וויינעב־דיקע און די קוסטעס די קניענדיקע, די פאַרקראַמפּטע, וואָס טרינקען זיך אין זומפּן. באַלד וועט דאָס אַלץ אַוועקשווימען ערגעץ ווייט צו די וואַלד־נעפּלען, צו די וואָלקנס, צו די הימלען, און אַלץ וועט מיטשווימען, דער גאַנצער האַרבסטיקער באַשאַף מיט די בלאָנדזשענדיקע וואַנדערער.

אפשר איז דאָס גאַנצע וואַנדערן אין די זומפּן אַ גאַנג אין אַ פאַר־שלאָסענעם קרייז, ענלעך צו דעם קרייז, וואָס עס מאַכט אַ פערד אַ בלינדס איינגעשפּאַנט אין מיל־שטיינער?

פאַר וואָס שפּרינגען זיי אָפּ די וואַלד־נעפּלען ווי נאָר מען דער־נענטערט זיך צו די האָריזאָנטן?

פאַר וואָס לויפן נאָך די באַגנעס און די טאָרף־פעלדער און פאַר־לויפן דיר דעם וועג?

פאַר וואָס וויינען אַלע קוסטעס מיטן זעלביקן געוויין און די בעריאָזעס גליווערן מיטן זעלביקן וויסן שגעון־געלעכטער ווי נעכטן און ווי פאַר נעכטן?

בוסליי האָט ניט איין מאָל אַריינגעהאַקט זיין קינזשאַל אין דעם רונדיקן שטאַם פון בעריאָזעס. ער איז געשטאַנען אַ רגע אַ פאַרגאַפטער און געשפּירט דאָס געציטער פון שטאַם. טראָפּנס ווי צעשמאָלצענער זילבער זענען אים געפאַלן אויף די הענט. עטלעכע בלעטער האָבן זיך אָפּגעריסן און געפאַלן. ער האָט דעם קינזשאַל אַ דריי געטאָן און אויפ־געריסן אַ שטיק שטאַם. אַ טיפע וווּנד, אַ ראָזלעכע, איז פאַרלאָפן געוואָרן מיט אַ געלבלעך־גרינער פליסיקייט. אַ שטיק ווייסע קאָרע, ווי אַ טיכל אין מיידלשע הענט, האָט לאַנג געוווּנקען צו אים. דערנאָך האָט ער געזוכט די שפּורן פון זיין קינזשאַל אין די בעריאָזעס וואָס ער האָט באַגעגנט און זיי ניט געפונען.

ווייטער קען מען שוין ניט גיין.

לושין איז אַריינגעפאַלן אין אַ שווערן שלאָף. ער קען מער ניט אויפהייבן דעם קאָפּ. ער רעדט אומפאַרשטענדלעכע רייד און האָט דערביי

צו די אויגן. דאָס איז אַ שטאַמלעריי וואָס רייסט זיך ווי דאָס שפּינגעוועב.

שומילאָ האָט זיך אַוועקגעלייגט לעבן שייטער און וויל זיך ניט רירן פון אָרט.

אָגלאָבלין האָט צעכראַסטעט די ברוסט און פּרעפּלט תּפילות. מאַשאַ פּאָרעט זיך ביים פייער און קען ניט צעבלאָזן קיין פלאַם. קאַבאַיעוו איז אַריינגעפאַלן אין אַ זומפּ. דאָס קליינע פויערל האָט אים קוים פון דאָרט אַרויסגעשלעפּט. איצט טריקנט ער זיך ביים פייער וואָס מאַשאַ צעבלאָזט.

בורגין האָט אַריינגענומען דעם קאָפּ אין די הענט און וויגט זיך אַזוי ווי די טשערעט־קוסטעס אין ווינט.

דזשיגיטאַ איז ווי אויסגעהאַקט פון שטיין. זיין פּנים — אַ מאַסקע. קיין ציטער פון די ווימפּערן, קיין באַוועג מיט די ליפּן. אַפילו די שלייפ־אָדערן די טונקל־אָנגעלאָפענע זענען ווי די גראָע קריצן אין טויטן מירמל. נאָר די אָפּשטייענדיקע אויערן זענען אָנגעשפּיצט. ער כאַפּט אויף דאָס טעמפּע געקלאַפּ פון בוסלייס קינזשאַל אין די שטאַמען. ער ווייס, אַז דאָס צייכנט דער בראָדיאַגע דעם וועג, כדי ער זאָל ניט פאַרבלאָנדזשען.

בוריאַן האָט דווקא אין די טעג דערוואַקט. ער איז געוואָרן באַ־וועגלעכער. ער האָט עס פאַרגעלייגט איבערצולאָזן אַ טייל פון געווער און אַליין האָט ער צוגענומען ביי די מידע זייערע נאַגאַנעס. ביי טאָג האָט ער אויסגעמיטן די באַגעגענישן מיט דזשיגיטאַן, נאָר אין די נעכט איז ער נעבן אים געשטאַנען אַ שווייגנדיקער.

בורגין האָט געמאַכט גרויס אָנשטרענג אויפצוהאַלטן די מענטשן מיט זיינע וווּנדער־מעשׂות. זיין כּוח איז געלעגן אין שיינרײדעריי, אין פאַרבליפן די פּשוטע פויערים־זין מיט וווּנדער פון אַ פרעמדער וועלט, מיט שפּאָטישע רייד, מיט געווירצטע ווערטער. אַלץ איז געווען אויס־געמישט מיט ביטערניש, מיט גיפט. ער האָט געערדט און זיינע דיקע ליפּן זענען פאַרלאָפן געוואָרן מיט אַ פעטקייט. די הענט האָבן מיט־געערדט.

פון קליינעם פויערלס ליפּן האָבן זיך געצויגן גאַוועד־פּעדעם. בוריאַן האָט געקוקט פינצטער און טעמפּ, אויפשליסנדיק דערביי דאָס מויל ווי צום עטעמען.

— ערגעץ אין ווין... אויף שיינע גאַסן זענען דאָ אַזעלכע הייזער פאַר אַלערליי הויכע לייט אויף צו פאַרוויילן זיך... אויף אונדזער לשון האָבן די הייזער אַן אַנדערן נאָמען... הייזער פאַר כינעזער... פאַר טערקן... פאַר רוסן... גייסט דאָרטן אַריין, מיינסטו, אַז דו ביסט אין אייגענעם לאַנד... אוי, מאַמעלע הימלישע... פאַר רוסן: ווייסע טעפּיכער ווי שניי... אַ בעט ווי אַ שליטן... הערסט געקלאַנג פון גלעקלעך ווי פון אַ טראָיקע... און אין שליטן אַ נקבה, אַן אמת רוסישע דושענקאַ... און פאַר די כינעזער אַ כינעזישער טעמפּל מיט בודאַ... אַזוי פאַר אַלע פאַרשוינען לויט דעם אָפּשטאַם...

מאַשאַ האָט אַוועקגעבויגן דעם קאָפּ.

בוסליי איז אַוועק ווייט. ווען וועט ער צוריקקומען?

בורגין איז שטיל געוואָרן. נאָר כאָכלאָוו לאַכט מיט אַ קאַלט געלעכטערל ווי עס וואָלט זיך געבערעקלט אַ קריע.

וואָס זאָל ער טאָן, דער בורגין, אין דעם זומפּיקן וואַלד? ער האָט ניט דעם אויסדויער פון קאַבאַיעוון, ניט די טעמפּקייט פון כאָכלאָוון, ניט די ביטערע נאַרישקייט פון קליינעם פויערל און ניט די אָנגעצונדענע אָדערן פון אויסגייענדיקן לושין. עס איז אים פרעמד די שטילקייט פון וואָלאָכאָוון און די קאַלטע גלייכגילט פון ראָסטינען. עס ציט אים צום סודותדיקן בוריאַן. ער האָט מורא פאַר זיין פאַרגליווערט פּנים און די מורא ציט אים צו. ער איז גרייט אים צו חנפהנען. ער וואָלט אַלץ געגעבן פאַר אַרויסרופן אויפן פּנים פון סריס אַ לייטזעליקן שמייכל. פאַרשלאָסן מיט זיבן שלעסער איז דער געשטופּלטער פּאָפּ. וויפל מאָל בורגין האָט זיך ניט באַמיט אָנבינדן מיט אים אַ געשפּרעך איז עס אים ניט געראָטן. אַפילו ווען אַלע האָבן געלאַכט פון בורגינס מעשׂות איז דזשיגיטאַ געזעסן אַ זייטיקער און געוואָרפן אומרויקע בליקן. דאָס זענען געווען באַצווינגערישע בליקן. בורגינען האָט באַשלאָגן אַ שווייס און אין די שלייפן

איז אים ענג געוואָרן ווי מען וואָלט דעם קאָפּ איינגעפּרעסט צווישן קלעצער.

ווי דערפאַרן דאָס ראַטע־שרייבערל איז ניט געווען, האָט ער בשום אופן ניט געקענט פאַרשטיין וואָס עס באַדייט דזשיגיטאַס בליק. וואָס וויל ער? ווער איז ער? וואָס ליגט פאַרבאָרגן אין דעם דאָזיקן פּרצוף? און אַז איין מאָל האָט דער געשטופּלטער אַרויפגעלייגט אויף בורגינס הויכער פּלייצע זיין האַנט, זענען דעם שרייבערלס אויגן פאַר־לאָפן געוואָרן מיט אַ וואָלקנדל. ער האָט פאַרלאָרן דאָס לשון און אַן אָדער איז אים אַרויסגעשפּרונגען אויפן האַלדז און האַסטיק געשלאָגן ווי דער אומרו פון אַ זייגער.

דזשיגיטאַ האָט גאָרנישט געזאָגט. ער איז אַוועק אויף זיינע קורצע פיס. בורגין האָט אים הכנעהדיק נאָכגעשמייכלט, צופרידן געווען וואָס דער אומהיימלעכער פּאָפּ האָט אים אַרויסגעוויזן לייטזעליקייט. אַ געפיל פון מילדקייט און צופרידנקייט האָט אים ארומגענומען. דערנאָך, אַז ס'איז געפאַלן אויף אים אַ שאָטן, איז ער אומרויק געוואָרן. עס האָט אים געשראָקן די געפאַלנקייט זיינע, די הכנעה פאַר דעם פּראָסטאַק, וואָס קאָן אַוודאי ריכטיק ניט איבערלייענען אַ וואָרט. ער איז קלוג און דערפאַרן דער ראַטע־שרייבער און אין אָנבליק פון דעם טעמפּן פּרצוף פאַרלירט ער זיך. אַ גרויס רחמנות האָט אים אַרומגענומען, אַ רחמנות אויסגעמישט מיט פיינטשאַפט צו זיך און צו אַלע מענטשן.

ער איז דאָ דער פאַרמישפּטער צו ווערן אַ דינער ביי דינער אַ געבונדענער ביי געבונדענע, דער פרייער מענטש פון דער דאָזיקער איינהייט איז בוסליי. ער האָט זיך אָפּגעריסן פון די זומפּן און וואַנדערט ערגעץ אַרום. ער וועט דערגרייכן צו אַ דאָרף און דערנאָך וועט ער אַלע־מען פון דאַנען אַרויספירן. ער האָט פליגל, דער בוסליי. ער איז מיט זיי געבאָרן געוואָרן. און ער, בורגין, איז באַשאַפן געוואָרן צו גיין אין פרעמדע פוסטריט, און ווי אַ שולדיקער דאַרף ער צאָלן פאַרן דאָזיקן זכות מיט זיין פלינקער צונג, מיט זיין פלאַפּלעריי, מיטן פוסטן שאַרפזין, מיט שפּאָט און נבול־פּה. מען מאָנט דאָס שוין פון אים! ער מוז דאָס צושטעלן! עס איז שוין ווידער נאַכט.

דער ווינט האָט זיך פאַרפּלאָנטערט אין סכך. זיי ברעכן זיך די סכך־גראָזן ווי מעטאַל. עס טריפט. איז דאָס אַן אָנזאָג פון אַ רעגן, אָדער דער ווינט טרייסלט אָפּ די לעצטע טראָפּנס פון די צווייגן?

שווערע טראָפּנס פאַלן אויף דער ערד. זיי פויקן אין דער נאַכט־שטילקייט ווי דאָס געשפּרינג פון קעץ וואָס ראַנגלען זיך מיט פלעדערמייז.

אין דער דאָזיקער נאַכט האָט בוסליי ניט גערוט. עס האָבן אים געפירט ווייט־פאַרהוילענע קלאַנגען און דער מיראַזש פון וואַנדערנדיקע פייערלעך. וויפל ער האָט זיך ניט דערנענטערט צו זיי זענען זיי אָפּגעשפּרונגען. ערשט פאַר טאָג האָט ער דערזען פאַר זיך אַ דאָרף. אַ גרויס דאָרף אויף דער צווייטער זייט זומפּ. ער האָט דערהערט דאָס האָנען־געקריי, דאָס הירזשעריי פון פערד, און אַז עס איז ליכטיק געוואָרן — מענטשישע שטימען.

דאָס דאָרף האָט זיך געוויקלט צווישן נידעריקע קוסטעס. די הייזער — פון רויע געהילצער, ניט געטעסעטע, זענען צעוואָרפן געווען איבער אַ שטיק פלאַכלאַנד. די דעכער — געדעקט מיט סכך און די קליינע צוימען געפלאָכטן פון לאָזעס. צווישן די זומפּן האָבן זיך געטונקלט שיפלעך. פון קוימענס האָט זיך געשלענגלט אַ רויך צונויפגעפלאָכטן מיט די וואַלד־נעפּלען. אַ פויער אין טראָנטעס האָט זיך געפּאָרעט ביי אַן אָנ־הויף פון צווייגן. צווישן די זומפּן, אויף געהילצער, האָבן זיך געזילבערט סטאָגעס היי. זיי זענען געשטאַנען ווי אויף הילצערנע פיס און אין שפּיגל־דיקן גרינלעכן זומפּ האָט געגומען אויפטויכן דאָס גאָלד פון האַרבסטיקן טאָג.

בוסליי האָט פאַר פרייד אויסגעטאָן דעם הוט. דאָס גערונצלטע פּנים איז מילד געוואָרן, די קאַרבן פון שטערן האָבן געציטערט פון חידוש און וואונדער. זיין פּנים, וואָס האָט תּמיד געהאַט אין זיך דעם שיין פון געלן פיבער, איז באַזוניקט געוואָרן פון אַן אינעווייניקסט ליכט. ער האָט אין דעם פאַרטאָג אויסגעזען ווי אַ גרויס קינד וואָס האָט זיך אַראָפּ־געלאָזט אויף די קני.

בוסליי איז געגליכן געווען צו די דאָזיקע ביימער פון קאַלטן

האַרבסט, וואָס קניִען אין די פּרימאַרגנס פאַרן זוניקן שײַטער כּדי זיך צו דערוואַרעמען. ער האָט געקניט פאַר די בלאָלעכע רויכשנירלעך פון די קוימענס, די וואָס האָבן זיך אַזוי געוויקלט צו די הימלען, צו די בלאָע וועלדער, צו די ליכטיקע וואַנדערנדיקע וואָלקנדלעך די זילבער־באַזוימטע.

צווערשט האָט ער תּפילה־געטאָן מיטן שווײַגן זײַנעם, מיט די אויגן די מוטנע, די פאַרהוילענע, וואָס זענען מיט איין מאָל אויסגעוואַשן געוואָרן פון די פאַשע־פעלדער און זיי האָבן אַנגענומען זייער גרינע, ליכטיקע פײַכטקייט און לויטערקייט ווי גאָטס זיבעטער הימל. דערנאָך האָט בוסליי צוזיפּגעלייגט די הענט און די ליפּן האָבן זיך באַוועגט.

דאָס איז געווען אַן אומבאַהאָלפן שטאַמלעריי, אויסגעמישט מיטן געשאָרך פון גראָז. ער האָט צו די הייליקע קיין מאָל ניט געבעטן. נאָר קללות ביטערע האָט ער צו זיי געשליידערט. ער האָט אַפילו ניט גע־קענט אַרויסריידן גאָטס נאָמען אַן דער הפקרדיקער זידלעריי. איצט איז ער געשטאַנען אויף די קני, דער בראָדיאַגע בוסליי, פאַר אַן אומבאַקאַנטן דאָרף. דער זעלביקער בוסליי, וואָס האָט פאַרוואָרפן זײַנע היימען, וואָס איז געשליידערט געוואָרן איבער רוסלאַנדס רחבותן, זיך געוואַלגערט אויף וואָקזאַלן און געגנבֿעט אויף דעכער פון לויפנדיקע לאַסטצוגן; דער וואָס איז געטראָטן געוואָרן פון אומברחמנותדיקן געזעץ, וואָס האָט נים ריכטיק געוווּסט זײַן נאָמען און ניט געקענט זײַן אַפּשטאַם. — ווער ביסטו? אַ בראָדיאַגע. — דײַן נאָמען? — בוסליי. — פון וועלכער גובערניע שטאַמסטו? — פון אַלע צו ביסלעך... קוילן־שאַכטעס... פינצטערניש פון שפּיצבערגען... סיבירער שניי־נעכט... תּפיסות... אונטערגעצונדענע שײַערן... אַ מעסער פאַרזונקען אין אַ האַרץ... גערענגל מיט הינט וואָס לויפן נאָך זײַנע שפּורן... אַ הייסער אָטעם פון אַ פּויערים־טאָכטער וואָס טיילט מיט אים איר געלעגער אין די אַמבאַרן... ער פאַרלירט די אייגע־נע שפּורן אין זאַמדן הייסע.... מאָסקווע... ביז עס איז געקומען די מלחמה. ער גייט פרייוויליק. וואָס וועט ער אַרומוואַנדערן איבער די תּפיסות. לאָזט מיך, בוסליי וועט פאַרטיידיקן דאָס היימלאַנד... קיין היים האָב איך ניט — אָבער אַ לאַנד האָב איך. אַ גאַנץ לאַנד ניט עפּעס אַ כאַטע... פון

סיביר ביז מאָסקווע... אַלע וואָקזאַלן... אַלע וואַגאָנען... ערגעץ וואַלגערן זיך נאָך צעשפּליטערטע קלינגערס פון מעסערס... ערגעץ וויינט נאָך אַ מויד אַ רויטהאָריקע... עס בענקען נאָך אים די וועלדער און פעלדער פון גאַנץ ראַסיי...

בוסליי איז דערגאַנגען צו דער גרענעץ פון גאָטס וועלט. ניין, דאָס איז ניט דער סוף פון דער וועלט! דאָס איז דער אָנהייב! איצט קען ער אַלץ אַראָפּשליידערן פון זיך, אויסטיילן זיך פון דער טאַטואירטער הויט, אַראָפּוואַרפן פון פּנים דעם קראַנקן פיבער פון גאָלד, די שאַטנס פון די שאַכטעס, ברייטער עפענען די אויגן. וואַשן זיי אין די בלאָע טרערן. אויס בוסליי. אַן אַנדער מענטש ווערט געבוירן ביים ראַנד פון דער דאָזיקער וועלט דער אַנטפּלעקטער. ער וועט דעם נייעם מענטש באַגעגענען מיט פרייד. בוסליי וועט בלייבן אויף יענער זייט פון דער פאַרלאָרענער וועלט.

אַ נייער מענטש גייט איצט דורך די זומפּן. עס טראָגן אים פליגל אויסגעוואַקסענע דורך דער דאָזיקער נאַכט.

העי, זענט איר בלינד געוואָרן, איר וואַלד־פייגל? זעט איר ניט דעם געפלאַטער פון אַ מענטשן וואָס רייסט דורך די נעפּלען, צעטרעט די קאַרליק־קוסטעס די גראָ־גרינלעכע און די גראָזן די זילבערדיק־ברוינלעכע?

וואָס שרעקט איר זיך, איר וואַלד־שפּאַקן, פאַר דעם געלויף פון דעם מענטשן?

זעט איר ניט די מילדקייט פון זיינע אויגן, די גוטסקייט פון זיין געלייטערט פּנים? באַנעמט איר ניט דעם ניגון פון זיין ריין האַרץ?

און דער זומפּ איז דאָס מאָל גוט געווען צו דעם בראָדיאַגע בוסליי. ער האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר אים מיט אַן אָפן פּנים. ער האָט ניט געשטרויכלט זיין גאַנג דורך אַלערליי צעקראַמפּטע טראָציק־שטייפע דערנער און קוסטעס, ער האָט ניט געשפּרייט אונטער זיינע פיס די פאַלשע גרינע פּאָליאַנעס, וואָס פאַרמאַניען דעם אומגליקלעכן וואַנדערער

מיט אַ זאַפטיק־גרינעם טעפּיך, אַן אויסגעהאַפּטענעם מיט געלע און בלאָע בלימלעך, אַז ווען מען שטעלט דאָרט אַ פוס ווערט מען פאַרזונקען אין אַ שליים. ער האָט ניט פאַרבלענדט בוסלייס אויגן מיט מיראַזשן פון וועגלעך און שטעגלעך, וואָס פאַרוויקלען דעם וואַנדערער ווי די ניט־זעעוודיקע שפּינגעוועבן פאַרצויגענע פון קוסט צו קוסט.

עס האָבן זיך אויפגעוויקלט די זומפּיקע, פאַרקנאָדערטע פעלדער און וועלדער און אַנטפּלעקט פאַר בוסליי דאָס זוניקע ליכט.

אַ ליכטיקייט האָט זיך געשפּרייט פאַר אים ווי די ליינען די געוואַשענע, וואָס פויערטעס שפּרייטן אויס אויף לאָנקעס צום טריקענען, און ער איז איבער זיי געטראָטן אַ באַשטראַלטער.

אַרום מיטאָגצייט איז ער אָנגעקומען צוריק צו דעם שייטער. ער האָט דאָס אָרט דערקענט נאָך פון דער ווייטנס לויט דעם רויך וואָס האָט זיך פון דאָרט געטראָגן.

מען האָט באַשלאָסן צו בלייבן דאָ איבער נאַכט, און פאַר טאָג, ווי נאָר עס וועט גרויען, אַרויסלאָזן זיך אין וועג אַריין, צום דאָרף.

בוסלייס פרייד האָט אַלעמען אָנגעשטעקט.

כאַכלאָוס פרצוף האָט באַקומען דעם אָפּגלאַנץ פון אַ געשייערטן סאַמאָוואַר. ער האָט געשאָקלט דעם גרויסן קאַנטיקן קאָפּ און געריבן זיך די הענט.

— העי, מאַש... מאַשאַ... הייב אויף די ראָזשע... לאָז זיך אָנקוקן, רויטבאַקיקע...

ער האָט געלאַכט און געבעטלט ביים אָנגעבלאָזענעם בוריאַן כאָטש אַ שמייכל.

לייטענאַנט לושין האָט געוואָלט עפענען די אויגן. אַ שמאָל רויט־פאַרלאָפן שפּעלטל מיט אַ צעשוואָמענעם גרינעם פלעק האָט שטאַר אַ קוק־געטאָן צום הימל און זיך באַלד פאַרשלאָסן. מאַשאַ איז געזעסן לעבן אים אַ פאַרזאָרגטע. שומילאָ און פראָן האָבן געגרייט אַ מאָלצייט פון די פערדישע ביינער.

כיטראָוו איז אומעטום אויסגעוואַקסן. ער האָט באַרירט בוסלייס רוקן און גערעדט צו אים מיט געבעט:

— אַ רויך פון די כאַטעס האָסטו געזען ?... און מוזשיקעס אויך ?...
דערנאָך איז דאָס קליינע פויערל געשטאַנען לעבן דזשיגיטאַן און אַריינגערעדט אין זיינע אָפּשטייענדיקע אויערן אַריין:

— מיר זענען געראַטעוועט... אָט דער בוסליי... אַ געזונט אין זיינע ביינדעלעך... עך... מאַמעלע דו...

ווידער נאַכט אין דער זומפּיקער העק.

בוריאַן איז אומרויק. זיין שאָטן וויגט זיך הין און צוריק. אָט ווערט ער אויסגעצויגן און אָט שרומפּט ער איין. עפּעס שעפּטשעט ער צו בוסליי. אַן אומרויק שעפּטשען. בוסליי איז מיד. בוריאַנס שאלות זענען צודרינגלעכע. זיי מאַכן אים נאָך מידער און פאַרפּענטען אים מיט פעדעם. אויסטערלישע פראַגן וואָס ער באַנעמט זיי ניט אין דעם מיד־און־מאַטן דרימל. עפּעס רעדט ער, בוסליי, ער רעדט און הערט ווי דער דזשיגיטאַ קלאַפּט זיין פּייקע אין שטאַם, ער קלאַפּט אַזוי לאַנג און דאָס קלאַפּן הילכט אָפּ אין דער נאַכט.

פאַר וואָס קלאַפּט ער אַזוי עקשנותדיק לאַנג מיט דער פּייקע ? וויל ער אויסקלאַפּן די רעשטלעך טאַבעק ? ניין, דאָס איז ניט פון דער פּייקע. דאָס שלאָגט אַזוי אומרויק בוסלייס האַרץ.

אַ פּחד איז אים באַפאַלן. אַ שוואַרצער פּחד, ווי עמעץ וואָלט פאַר־וואָרפן אַ טונקעלן טוך איבער זיין קאָפּ.

ווער רעדט דאָס אַזוי הייזעריק אין דער זומפּיקער נאַכט ? ווער שלייכט עס אַזוי אומהיימלעך איבער דעם פעלד ? — — —

און אין חלום האָט ער דערזען ווי עס צענעמען זיך צוויי שוואַרצע פליגל און אַ ריזיקער ראָב וואַרפט זיך אויפן שייטער און לעשט אויס די פלאַמען. דערנאָך פּיקט ער אויס מיטן קרומען שנאָבל דעם גליענדיקן זשאַר. דערפאַר קלאַפּט עס אָפּ אַזוי הילכיק אין דער נאַכט. דערנעבן ליגט אַ שאַרבן מיט ליידיקע אויגן־לעכער. דער שוואַרצער פויגל לייגט אַריין אין די אויגן־־לעכער גליענדיקע צוויי קוילן. דער שאַרבן לאַכט. ער באַוועגט זיך! אַ פּאַך מיטן פליגל פון שוואַרצן ראָב — און שוין

טראָגט דער שאַרבן אויף זיין שיידל אַ פּייערקרוין. און מיט אַ מאָל גיסט זיך אָן דער שאַרבן מיט לעבן. ער ציט אויף זיך אַרויף אַ הויט.

אַזאַ באַקאַנט פּנים איז דאָס!

אָ, גאָט, דאָס איז דאָך דזשיגיטאָוו. די פּייקע קנוילט זיך אין זיין מויל און אַ רויך וויקלט זיך פון דאָרט. — — —

בוסליי האָט זיך אויפגעכאַפּט מיט אַ געשריי. אין לבנה־שיין האָט ער דערזען דזשיגיטאָווס פאַרגליווערט טויט־געלעכטערל.

# קאַפּיטל צוויי

צווישן שליימיקע זומפּפעלדער, אָזערעס פאַרוואַקסענע מיט זילבער־גראָזן און קוסטעס גאָלדיק־ברוינע שפּרייט זיך דאָס דאָרף גלושינאָ. אַרומגערינגלט פון אַ בלאָן־בלויען רייף — אַן אויסמיש פון וועלדער, נעפּלען און וואָלקנס, האָט גאָט אָפּגעשלאָסן דאָס ווייטע דאָרף פון דער איבעריקער וועלט.

ווער זענען עס די תושבים פון דעם איינזאַמען דאָרף אין דער בלאָלעך־גרינער זומפּן־העק?

אַז דו קוקסט זיך איין אין די דאָרפס־איינוווינער זעסטו זייערע גרינלעכע וואַסער־אויגן, ווי די שליימיק־פאַרצויגענע אָזערעס, וואָס אָט־אָט, ווען עס וועט אַ שטורעם אַ וויג־טאָן דעם שליימיקן פאָרהאַנג, וועט זיך מיט אַ מאָל אַנטפּלעקן דער שוואַרצער אָפּגרונט זייערער.

די זקנים — גרויסע קעפּ קאָלטענעוואַטע, פּנימער קאַנטיקע, פאַרשׂרפהטע פון ווינטן און צעפּאַטשטע פון די האַרבסט־רעגנס וואָס שמייסן דאָ ווי מיט צעפּאָכעטע בייטשן.

די יונגע — אַלע געזונטע, ווייסציינִיקע, שאַרפאויגיקע. אַ טייל זענען געקליידט אין ברוינע בורקעס געוועבטע פון רויען שעפּסן־וואָל, אַנדערע אין פעל־פעלצלעך פון ציגן און קעלבער. די העמדער זענען געשפּינט פון קאַנאָפּליעס וואָס ווייקן זיך אין די סאַזשלקעס. כאָטש אַלע טראָגן אין זיך דעם שימער פון די דאָזיקע זומפּפעלדער, סיי אין די הויטן די געקאַרבטע און סיי אין די שטערנס די אָפענע, דערקענט מען אין די פּנימער דעם אויסמיש פון אַלערליי שבטים, וואָס האָבן אַמאָל באַטראָטן די דאָזיקע ערד. ברייט־פּנימדיקע רוסן; שיף־אויגיקע, שוואַרץ־

ברעמענדיקע טאַטערן; העל־האָריקע, שמאָל־פּנימדיקע פּאָליאַקן; איינגע־שרומפּענע אוקראַינער, און אין די פּנימער פון די פרויען דערקענסטו אַפילו סימנים פון סעמיטישן בלוט־צומיש.

ערגעץ ווייט פון דאַנען האָבן זיך באַהאַפטן צוויי טייכן, וואָס זענען געפלאָסן צווישן אַלטע וועלדער סאָסנאָווע און לאָנקעס פּעטע. די טייכן זענען געפלאָסן צו דעם זעלביקן ים. אויף טייל ערטער איז דער אויסבויג זייערער דערגאַנגען אַזוי נאָענט אַז די כוואַליעס האָבן זיך איבערגערופן. זיי זענען אָבער געווען אָפּגעשיידט פון ברעגעס הויכע, באַוואַקסענע מיט קוסטעס.

טיף אויפן דנאָ פון אַ טייך האָבן אוודאי אומרויקע וואַסערן גע־ריזלט ביז עס איז געקומען אַ פרילינג, ווען דער אייזדעק האָט געפּלאַצט ערגעץ אין דרום און דער שמאָלער טייך־האַלדז זיינער צווישן די הויכע ברעגעס איז נאָך געווען פאַרקאָוועט אין קרישטאָלענעם זילבער־פּאַנ־צער, דעמאָלט האָבן די וואַסערן אַ שפּאַר געטאָן פון די טיפענישן. זיי האָבן זיך אויפגעהויבן פון די גלעטשערס, פאַרגאָסן די ברעגן, געלאָפן מיט שוימיקן אימפּעט דורך די לאָנקעס, דורך די קוסט־פעלדער און די צוויי טייכן זענען זיך געפאַלן אין די צעעפנטע אָרעמס אַריין. טעג און נעכט האָבן געבושעוועט די צוויי טייכן. די ליידנשאַפט וואָס האָט אַ גע־פענטעטע געדרימלט דאָ פון די בראשית־טעג, איז אויפגעבראָכן געוואָרן מיט אַזאַ אימפּעט אַז ס'האָט וועלדער אונטערגעשווענקט, שטיקער לאָנקעס מיטגעריסן. אַ געקנויפּ פון גראָזן־אָנוואַקסעניש מיט שטיקער ליים־ערד אין די וואָרצלען, האָבן זיך געטראָגן איבער די שוימיקע וואַסערן. זיי האָבן זיך געטראָגן אַזוי לאַנג ביז דער טייך האָט צעריסן דעם שווימענדיקן טעפּיך אויף פּיץ־פּיצלעך. די טאָרף־פעלדער האָבן גיריק געטרונקען די וואַסערן. די טאָלן האָבן זיך אָנגעפּילט און ווי גאָטס אויג זענען זיי ליכטיק געוואָרן. די געהילצער פון וועלדער מיט די צווייגן־קרוינען און דער געל־בורשטינענער וואָרצל־געפלעכט האָבן זיך געטראָגן מיט די שטראָמען ביז דאָס אַלץ האָט זיך ערגעץ פאַרפּלאָנטערט אין איין גרויסן אָנהויף פון וואַלד־מעד, וואָרצל, צווייג, שטאַם און ערד, און די וואַסערן האָבן זיך אַליין פאַרשלאָסן. זיי האָבן געזוכט אַן אָפּגאַנג, ביז

אין אַ פלאַכלאַנד האָט אַ וואַסער־אָרעם ווי אַ מעסער דורכגעשניטן אַ פּאַס ערד און עס האָבן געפּלייצט וואַסער־אָדערן. זיי האָבן געריזלט אַזוי לאַנג ביז די ווייט איז אָנגעטרונקען געוואָרן און האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ זומפּ.

דאָס איז אַוודאי געשען אַמאָל, אַמאָל...

די דערפער וואָס זענען געלעגן ביי די פּאַשע־פעלדער זענען לאַנג שוין פאַרשוווּנדן. גלושינאָ איז געבליבן. און דאָס אָבער ניט אויפן אַלטן אָרט ווו ס'האָט זיך אַמאָל געפונען דאָס דאָרף. דריי מאָל האָט זיך גלושינאָ אַריבערגעטראָגן פון אָרט צו אָרט ביז עס איז געבליבן צווישן זומפּן און אָזערעס.

ווען די טאָטערן זענען אָנגעלאָפן אויף דעם לאַנד זענען זיי קיין גלושינאָ ניט דערגאַנגען. זיי האָבן זיך ניט געגעבן די מי דורכצופלאָנ־טערן זיך דורך די טאָרף־פעלדער. ניט ווייט פון דאָרף האָבן זיי אָנגע־שאָטן אַן ערד־וואַל, באַפעסטיקט אים מיט שטיינער און אויפגעבויט אַ שטיינערנע געביידע און אַ טורעם. היות די ערד איז דאָ געווען אַ זומ־פּיקע, האָבן זיי דעם טורעם געפעסטיקט מיטן פעלד־שטיין און די דאָזיקע געביידע איז נאָך געבליבן ביזן היינטיקן טאָג.

פאַרוואָס די טאָטערן האָבן דאָ געבויט דעם טורעם איז ניט קלאָר. פון אַלטע כראָניקעס איז באַוווּסט אַז די טאָטערן האָבן זיך דורך דעם טורעם פאַרשטענדיקט מיט די איבעריקע טורעמס, דאָס רוב היל־צערנע, און מיט דער הילף פון שטורקאַצן האָבן זיי איבערגעגעבן אין די נעכט באַפעלן פון איין טורעם צום צווייטן.

אויף די חיילות פון נאַפּאָלעאָנען האָבן אויסגעמיטן גלושינאָ. ס'קען זיין אַז זיי האָבן אפילו ניט געוווּסט, אַז אין זייער הינטערלאַנד געפינט זיך אַ דאָרף פון צווייהונדערט הייף. ערשט ווען זיי זענען צוריק־געלאָפן פון ברענענדיקן מאָסקווע האָבן עטלעכע פראַנצייזן זיך אויס־באַהאַלטן אין טאָטערישן טורעם און איינער פון זיי האָט זיך אַפילו דער־שלאָגן אויף אַ שיפל צום דאָרף און שוין געבליבן אין איינע פון די הייף.

מען דערציילט אויך וועגן אַ ייד וואָס האָט זיך דאָ באַזעצט און חתונה־געהאַט מיט אַ גלושינער טאָכטער.

נאָך אַ שווערן האַרבסט און אַ פרילינג, ווען ס'זענען פאַרטרונקען געוואָרן די קליינע שטיקער באַארבעט פעלד האָט זיך פון גלושינאַ אָפּגע־טיילט אַ גרופּע איינוווינער און האָט זיך באַזעצט אַרום טאָטערישן טורעם. אויך דאָס אָרט האָבן זיי אָנגערופן גלושינאָ. אַ צייט לאַנג האָבן ביידע גלושינאָס — דאָס אַלטע און דאָס נייע — געלעבט צווישן זיך אין גרויס פריינדשאַפט. דערנאָך איז אין לאַנד אויסגעבראָכן אַ מלחמה. ביידע גלושינאָס זענען אָפּגעשניטן געוואָרן איינע פון אַנדערן. קיין טעכטער האָט מען ניט געזוכט איינע ביי די אַנדערע. דורך דער צייט זענען די קוסטעס געדיכטער געוואָרן, דער זומפּ איז פאַרוואַקסן געוואָרן און קליין גלושינאָ האָט אָנגעהויבן צו לעבן מיט איר אייגן לעבן.

וויפל מאָל עס האָבן ניט געפּרוווט די עלטסטע פון אַלטן גלושינאָ איינשטעלן אַ פאַרבינדונג מיטן כוטאָר איז עס זיי ניט געלונגען.

אַ נייע מאַכט איז אויפגעקומען אינעם גרויסן לאַנד. מען האָט געדאַרפט טיילן אויף ס'ניי די פעלדער, די זומפּן, אויסוויילן נייע מענטשן — און דאָ ליגט זיך אַ דאָרף אַזוי ווי גאָט האָט עס באַשאַפן.

און דערציילט האָט מען וועגן די עקספּעדיציעס אויפצוזוכן דאָס פאַרלאָרענע דאָרף אויסטערלישע זאַכן.

איין מאָל זענען אַרויסגעשווומען אויף אַ שיפל מענטשן פון דער נייער מאַכט. דאָס שיפל האָט זיך פאַרפּלאָנטערט צווישן די סטערטשנדי־קע צווייגן פון אַן אַלטן פאַרזונקענעם דעמב. די שוואַרצע צווייגן האָבן ווי הענט אַרומגענומען דאָס שיפל און די מענטשן האָבן זיך אַזוי גע־ראַנגלט ביז ס'איז צוגעפאַלן די נאַכט. פאַר טאָג האָט מען געפונען צווישן די זומפּן אַ ליידיק שיפל.

ביז איצט קען מען נאָך זען די שוואַרצע פינגער־צווייגן פונעם דערטראָנקענעם שוואַרצן דעמב.

מען זאָגט אַז דאָס איז אַ דעמב וואָס הונדערט פערד וועלן אים ניט רירן פון אָרט. שפּעטער האָט מען געשיקט אַ באַוואָפנטן קאָמיסאַר. ער האָט זיך אַרומגעפּלאָנטערט אויף די פעלדער און אָנגעטראָפן אַ לאַנגהאָריקע, גרינהויטיקע יונגע פּויערטע. זי איז געלעגן אויפן רוקן

און אים גערופן צו זיך. אירע קני זענען געווען אויפגעהויבן און זי האָט פריילעך געשאַרט מיט די פיס. אירע הענט האָבן געפלאַטערט ווי די גרינגע ליכט. זיי האָבן אים אַרומגענומען, דעם קאָמיסאַר, און איינגע־שלאָסן אין די אָרעמס. אַ גרינגע פיבערדיקע פרייד האָט אים באַהערשט. ער איז צוריקגעקומען און דערציילט אַז קליין־גלושינאָ עקסיסטירט ניט, אַז ס׳איז אַן אויסגעטראַכטע מעשה. ניטאָ קיין טאָטערישער שלאָס, נאָר אַ גרינגער פיבער לויערט אויף די פעלדער. דער דאָזיקער קאָמיסאַר איז איינגעשרומפן געוואָרן, זיין פנים — פאַרטונקלט. ער האָט אָנגעשטעקט די מענטשן מיט אַ גרינעם פיבער. דאָס ווייב זיינס איז אָנגעשטעקט גע־וואָרן פון אים און אין איינעם אַ טאָג האָט זי זיך אַריינגעוואָרפן אין די זומפן. די עלטסטע האָבן אַרומגערינגלט דעם קאָמיסאַרס כאַטע מיט אַ הויכן צוים פון לאָזעס — עס זאָל זיין אָפּגעשיידט פון די אַנדערע כאַטעס.

דער אַלמעכטיקער זומפּ־שד טאָרפּיון לויערט דאָ אין די נעכט. ער קען נאָר דערגיין ביז די שוועלן פון די קליינע כאַטעס. אים פאַר־צוימט דעם וועג אַ הייליקע, וואָס איר איקאָנע הענגט אין אַלע כאַטעס, אויבן אָן. זי קוקט מיט אַ דורכזעעוודיק שימל־פנים ווי זי וואָלט אַרויס־געקוקט פון אַ וואַסער־דנאָ צו די נאַכט־שטערן. מיט לאַנגע גרינע פינגער פאַרשטעלט זי זיך די ברוסטן. זי איז אין גאַנצן פאַרשלייערט מיט אָפּ־געבליאַקעוועטע וואַסער־געוויקסן.

ביים „קאָמיסאַר" הענגט ניט די איקאָנע. ער האָט זי פאַרברענט און דערביי געשריען: — דאָס איז זי, די נקבה, וואָס האָט מיך פאַרנאַרט מיט די אויפגעהויבענע קני. דאָס איז זי, איך דערקען זי! זי האָט מיך אָנגעשטעקט מיטן שגעון־פיבער! זי האָט דאָס געטאָן! טרייבט זי פון די זומפּ־פעלדער! טרייבט זי פון אייערע היימען! דאָס איז די זונה וואָס האַלט זיך אויף אין אַ שדים־נעסט! זי לעבט עס מיטן גרויסן שד טאָרפּיון! איך האָב דאָס געזען אין אַ הארבסט־נאַכט. אַ בליץ האָט באַלויכטן זייער געלעגער! אין דער איינציקער רגע פון פייערדיקן בליץ האָב איך געזען ווי דער טאָרפּיון האָט זיך געוואָרפן אויף איר! האָט איר ניט געהערט דאָס קראַכן פון דונערן? דאָס איז דאָך געווען איר פרייד־געשאַל!

ער שרייט דאָס אַרויס דורך דער צווייגן־צוים און אַ שוים פאַר־
דעקט זיין מויל. די פויערטעס טרייבן אַריין די קינדער אין די כאַטעס
זיי זאָלן ניט הערן די לעסטערנדיקע רייד.

די איקאָנע באַפּוצט מען אין גלושינאָ מיט גרינע סאָסנע־צווייגן,
מען ברעכט זיי אָפּ פון די העכסטע שפּיצן. יעדן זונטיק ברענגט מען די
צווייגן פון וואַלד. דאָס טוען די מיידלעך, זיי שפּרייטן די גרויע האַנטעכער
אויבן אָן ביי די קליינע פענצטערלעך. זייערע לייבער שמירן זיי מיט
זשיוויצע זאַפטן. אין די פאַרנאַכטן שפּילן זיי אויף צווי סטרונעדיקע
באַלאַלייקעס.

דאָס ווילד־געפליגל פון די זומפּן וויגט זיך אויפן טשערעט. דער
מילכוועג לאָזט זיך אַראָפּ אויף די נאַכטיקע פעלדער און וועלדער, אויף
די סאַמעטענע וואַסערן. דערנאָך שווימען אַרויס די אַלטע פישער אויף
שוואַרצע שיפלעך, פאַרוואַרפן די נעצן און פאַנגען אויס אַלע שטערן.

דער עלטסטער פון גלושינאָ ווערט אויסגעקליבן אויף עטלעכע
יאָר. מען קלייבט אים ערב היי־שניט. ער איז עס דער אייגנטימער פון
דעם זאַלץ וואָס ליגט אין דער אַלטער טאָטערישער געביידע. צווי מאָל
אין יאָר טיילט מען אויס צו פינף מעסטלעך זאַלץ פאַר יעדן הויף.

יעדע צען יאָר ווערט די ערד פון דאָרף אויף ס'ניי געטיילט צווישן
די צוגעקומענע מענער, די ניי־געבוירענע. די זומפּן געהערן צום גאַנצן
דאָרף. יעדער הויף האָט זיין אָרט צום היי־שניידן און אַ פּלאַץ צום פיש־
פאַנגען.

די שטיקער באַאַרבעט פעלד זענען ניט קיין אייביק אייגנטום וואָס
געהערט צו אַ הויף. זאָט און צופרידן לעבן די הייף, ווו ס'זענען דאָ אַ
סך זכרים. יעדן ווערט צוגעטיילט אַ נחלה. פאַר טעכטער ווערט קיין ערד
ניט צוגעטיילט. אויב עס שטאַרבן אויס די מענער פון אַ הויף ווערט
אויך די ערד אָפּגענומען. בלויז דאָס אָרט ווו עס שטייט די כאַטע און
דער אָמבאָר קען ניט צוגענומען ווערן — דאָס איז אַן אייביק פאַרמעגן
פון דער משפּחה. אויך נאָכן טויט פון מאַן ווערט די ערד ניט גלייך
אָפּגענומען. זי געהערט נאָך צו דער אלמנה אַזוי לאַנג ווי זי לעבט. אויב

אָבער זי נעמט אַ מאַן, אָדער זי שטאַרבט, גייט איבער די נחלה צו דער געמיינדע. די תושבים צאָלן ניט קיין שטייערן. יעדער הויף איז מחויב אין האַרבסט, און אין פרילינג, אַרויסצושיקן אַן אַרבעטער אויף צו באַפּעסטיקן די גרעבליעס, כדי די וואַסערן זאָלן ניט פאַרפּלייצן די פעלדער און ניט אַראָפּשווענקען דעם פאַרזיי. די גרעבליעס ווערן געבויט פון קלעצער אַריינגעקלאַפּטע אין דער ערד און פאַרפּלאָכטענע מיט לאָזעס, גאַנצע ווענט פון לאָזעס, דערנאָך שיט מען דאָרט אָן דראָבנעס פעלד־שטיין, ערד און ליים וואָס ווערט אויף לאָדקעס געבראַכט פון די זומפּן. אין פרילינג גראָבט מען קאַנאַוועס וואָס זאָלן אָפּציען די וואַסערן פון די גלושינער פעלדער. אין די זומערן רייניקט מען די קאַנאַוועס פון קראָפּעוועס וואָס שפּראָצן דאָ אַרויס ממש דורך די נעכט. די מיידלעך זאַמלען אַ האַלבן זומער דעם פלושענעם וואַלד־מאָך און טרוקענען אים אויף דער זון. ביי יעדן הויז ליגן פאַרגרייטע מאָך־שטויסן און סאָסנע־קלעצער.

די הייזער זענען געבויט פון רויע קלעצער, זיי טריפן מיט גאָלדענעם ביימער־זאַפט, און די שפּאַלטן ווערן אויסגעבעט מיט מאָך. אויך די שטעלער ווערן געבויט פון ווילדן געהילץ און דער מאָך פאַר־שטאָפּט אַלע שפּאַלטן. אין די ווינטערן קענען ניט די שניי־זאַווייעס אַריינפּראָשען דעם ווייסן שניי־פּראָסט.

די ברויט־פעלדער זענען אָרעמע, קליינע. דער קאָרן וואַקסט הויך. אָבער די זאַנגען זענען ניט קיין פולע. ווייזט אויס אַז דאָס איז מחמת דער פייכטקייט פון דער ערד און אפשר אויך דערפאַר וואָס די זריעה איז ניט באַנייט געוואָרן, שוין יאָרן נוצן זיי אַלץ די זעלביקע קאָרן־קערנער וואָס איז אויפגעגאַנגען אויף די טרויעריקע גלושינער פעלדער.

די קאַרטאָפל האָבן דאָ אַ הויכע באַטוווע. די קאַרטאָפל אַליין זענען גרויסע, אָנגעזויערענע און ס'פילט זיך פון זיי אַ זומפּיקע דעמפּיקייט. אויף טייל ערטער וואַקסן שמאָלע פאַסן קאָנאָפּליעס און זונרויזן. פון זייערע קערנער שלאָגט מען אַרויס בוימל און פון קאָנאָפּליעס פלעכט מען שטריק. באַלד ביי די שוועלן שפּרייטן זיך די בייטן מיט קרויט און אוגערקעס.

אין האַרבסט זייערט מען איין אין יעדן הויף עטלעכע פעסער קרויט און אוגערקעס, אַ פּאַס שוואָמען. מען שטעלט דאָס אַלץ אַראָפּ אין אַ קעלער וואָס איז אויסגעגראָבן אין הויף, און ווען עס פאַלט אויס דער ערשטער שניי — שיט מען אָן דעם קעלער מיט שניי און מען דעקט אים צו מיט אַ געדיכטער נעץ פון געפלאָכטענע לאָזעס. אויף דעם צודעק וואַרפט מען אַרויף אַ שטויס טרוקענעם מאָך. די קאַרטאָפל האַלט מען אין שטוב, און די זעק קאָרן — אין קליינעם אַמבאַר לעבן דער כאַטע.

אין אַ סך הייף זאַלצט מען פיש און אין ווינטער האָט מען אייגענע הערינג.

די שענסטע צייט איז זומער, ביים היי־שניט. דעמאָלט גרייט מען די לאָדקעס. וואָכן פאַר דעם פאָרן זיך שוין די זקנים מיט די שיפלעך. זיי שטופּן אויס די שפּאַרעס מיט פלאַקס און שמירן די אויסנווענט מיט סמאָלע. און אין איינעם אַ טאָג לאָזן זיך די מענער אַרויס אויף די שיפלעך צום היי־שניט.

די היי־פעלדער ליגן אין וואַסער און דאָס גראָז איז הויך. מען פאָרט צו באָענט מיטן שיפל צו אַזאַ גראָז־פאַרוואַקסעניש און שטייענדיק אויף דער לאָדקע פאַרמעסט זיך דער היי־שניטער מיט דער קאָסע. די גראָזן פאַלן אין וואַסער אַריין און דערנאָך זאַמלט ער עס צונויף אויף די טרוקענע אינדזעלעך, אויף די פון פריער צוגעגרייטע הילצערנע קלאָטקעס — העלצער אַריינגעהאַקטע אין דער ערד — און זאַמלט דאָס געשניטענע גראָז אין גרויסע סטאָגעס.

ערשט אין ווינטער, ווען די וואַסערן ווערן פאַרדעקט מיט אַן אייזפּאַנצער, ווערט דאָס היי אַרויסגעפירט אויף קליינע שליטנס.

די פּי זענען דאָ איינגעדאַרט, די רוקנס פאַרבאַקן מיט אַ טרו־קענעם, צעפּלאַצטן גנאַי וואָס שיילט זיך תמיד. דאָס היי איז ניט נאַרהאַפט, טרוקענע לאַנגע שטרויען פון וועלכע דאָס וואַסער האָט אַרויסגעזויגן דעם טעם און ריח.

דאָס ווילדגעפליגל איז פעט. עס פליט נידעריק, פּאַטשט מיט די פליגל און יעדע ווילע זעצט עס זיך צווישן די קוסטעס און גראָזן. די

מענטשן האָבן אָבער ניט קיין פּראָך, כדי צו קענען גיין אויף יאַגד. זיי פאַנגען די ווילדע קאַטשקעס אין ספּעציעלע נעצן און קלאַפּאַנעס.

קיין בעלי־מלאכות זענען אין דאָרף נישטאָ. יעדער טוט זיך דאָס וואָס עס איז אים נויטיק. נאָר אין דער שטיינערנער געביידע געפינט זיך אַ שמידער וואָס מאַכט קאָסעס, רייפן צו רעדער, זאַוויאַסעס, טשוועקעס.

די ווייבער פלעכטן אַליין געוואַנטער. די אַלטע פויערים שניצן אויס פון אָלכע־האָלץ לעפל און טעלער. טייל מאַכן ליימענע טעפּ און ברענען זיי אין אויוונס. אין יעדן הויף איז פאַרגרייט ליפּע־רינדל צו פלעכטן לאַפּטשעס. זיי ווייקן די ליפּע־קאָרע און מאַכן פון איר שטריק און געשפּאַן פאַר די פערד. די אַקסן פון די וועגענער זענען פון דעמב, אפילו די כאַטעס זענען געבויט אָן איין טשוואָק. די געהילצער זענען געפּעסטיקט מיט האָלץ־קלינעס.

די זקנים טראָגן בערד. די גרויע העמדער פאַרקנופּן זיי מיט גרינע גאַרטלען. די יונגע ראַזירן זיך מיט קאָסע־שפּליטערס. זיי שפּיגלען זיך אין גלאָז פון דער גרינער איקאָנע און גאָלן זיך אַזוי אַרום אָפּ איין מאָל אין חודש דעם געדיכט־האָריקן אָנוווקס.

די גלושינער זענען שטילע, פאַרטראַכטע ערד־מענטשן. אין די ווינטערס לאָזן זיי זיך ניט איבער די פאַרפראָרענע זומפּן. זיי טרויען איר ניט. די שניי־זאַווייעס פאַרשיטן דעם שפּיגל־פלאַך. ווייסע קוסטעס און אויסגעטריקנטע גראָזן קוקן אַרויס פון אונטערן שניי און ערגעץ אויפן דנאָ לויערט דער זומפּ־שד טאָרפיון. עס לויערן די שוואַרצע דעמב־צווייגן און וואַרטן נאָר אויף די טריט פון די גלושינער. אונטער דעם דיקן שניי־אָנשיט, ביי די קוסטעס און גראָז־אינדזלען איז דער אייז־פאַנצער אַ דינער ווי גלאָז. דאָרט פאַרפרירן כמעט ניט די וואַסערן.

ליגן זיי, די פויערים, אויף די גרויסע וואַרעמע אויוונס און פלעכטן אַריין אין די לאַפּטשעס אַלערליי מעשׂות פון ווילד־געפליגל, פון קאָר־שונען וואָס לאָזן זיך אַראָפּ איבער גלושינאָ און רייסן אָפּטמאָל אַוועק ביי די קועז נאָר־וואָס געבוירענע קעלבער... זיי דערציילן וועגן סטאַיעס פוקסן וואָס שווימען איבער די זומפּן, און וועגן פרעמדע וואָס האָבן געוואָלט דערגרייכן גלושינאָ און ניט געקענט.

די גרעסטע זאָרגן פון די גלושינער זענען די זאַלץ־מעסטלעך וואָס האַלטן אין אויסגיין. אָן זאַלץ איז עס קיין לעבן ניט. מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט דער פויער טשאַגאַן אָנגעפירט לאָדקעס מיט זאַלץ. דערנאָך איז ער יעדעס יאָר געפאָרן און פול געמאַכט דעם שטיינערנעם אַמבאַר. פון דעמאָלט אָן איז דער עלטסטער פון דאָרף טשאַגאַן. דאָס זאַלץ־טיילן פירט ער אַדורך אויף אַ גערעכטן אופן.

טשאַגאַן איז אַ נידעריקער פויער מיט שוואַרצע סמאָלע־ברעמען, מיט אויגן ליכטיקע און אַ מויל ווייסע ציינער, מיט האָר געקרייזלטע ווי ביי אַ שעפּס. ער איז פלינק אויף דער לאָדקע ביים היי־שניט ווו מען דאַרף אַרויסווייזן אַ סך געניטשאַפט. ער איז לייכט מיט דער האַק בעתן האַקן די שטאַמען און אַ מייסטער אויף פלעכטן פון לאָזעס צוימען. זיין הויז איז באַצירט מיט געשניצטע ברעטלעך ביי די פענצטער, די טירן און דער גאַנעק באַהאַנגען מיט הילצערנע קעפּ פון בערן, פון וועלף, פון פייגל, און אַלץ איז געשניטן פון גלאַנציקן האָלץ. זין און טעכטער האָט ער — זענען דאָס די שענסטע פון דאָרף. אַ נחת פאָרן אויג זיי אָנצוקוקן.

אין די פאַרנאַכטן דרייט זיך דאָס יונגוואַרג אַרום ווי די שאָטנס פאַר דער גרויסער הילצערנער שטוב זיינער און ווי די זומפּ־פייגל גיבן זיי אַלערליי סימנים צו די קליינע פענצטערלעך, די פאַרהאַנגענע מיט אויסגענייטע האַנטעכער.

ניט שטענדיק איז עס רויק אין גלושינאָ. עס טרעפט, אַ שכן וואַרפט זיך אויף אַ שכן מיט די פויסטן, מיט אַ קאָסע. עס פּאַסירט אַז אין אַ נאַכט שפּרינגען אויף פייער־הענער אויף די דעכער. און תמיד ווייס מען ווער עס האָט דאָס געטאָן. אַמאָל איז עס אַ נקמה פאַר אַ ווייב וואָס איז אַוועק צו די גרעבליעס מיט אַ צווייטן, אַמאָל איז עס פאַר אַ באַליידיקונג. און דער שופט איז דער דאָרפס־עלטסטער. זיין פּסק ווערט אויסגעפירט.

געשעעט דאָס אין ווינטער, ברענגט מען דעם שולדיקן צו די פאַרשנייטע זומפּן, מען האַקט אויס אין אייז צוויי קיילעכדיקע עפענונגען.

איין עפּענונג איז אָפּגערוקט פון אַנדערן אַ פּאָר סאַזשען. מען ציט אַדורך אַ שטריק דורך די אייזן־עדער און מען בינדט צו דעם פאַרזינדיקטן צום עק פון שטריק און מען לאָזט אים אַראָפּ אין קאַלטן וואַסער. דערנאָך ציט מען אים אַרויס דורך דער צווייטער אייז־עפּענונג. מען לאָזט אים ליגן אויפן שניי. דער דאָרפס־עלטסטער גייט אַוועק צום פאַרמשפּטנס כאַטע און באַפעלט אַז זיין הויזגעזונט זאָל אים אַהיימנעמען און אויפ־קנופּן די שטריק־פּענטעס, וואָס זענען שטייף געוואָרן פון ברענענדיקן פראָסט.

דער זאַלץ־שייער ווערט געהיטן פון דעם שמידער. די שליסלען ליגן ביים דאָרפס־עלטסטן טשאַגאַן. אויך פייער נעמט מען ביים שמידער פון אונטערן בלאָז־זאַק. די באַבעס קומען פאַרטאָגס און נעמען אין אַן ערדענעם טאָפּ אַ ביסל זשאַר. ניט שטענדיק דאַרפן זיי גיין נאָכן גלי־ענדיקן קויל. דאָס געשעט נאָר דעמאָלט ווען דאָס פייער אין אויוון ווערט ניט אויפגעהאַלטן און עס בלייבן מער ניט קיין פונקען אויף מאַכן פייער.

טשומאַק האָט צוויי יונגע געהילפן — אַ צוועלף־יאָריקן און אַ פופצן־יאָריקן. זיי שטייען ביים אויוון מיט פאַרקופּערטע פּנימער און מיט צוואַנגען פאָרען זיי זיך אין די אייזנס.

דער שמידער איז הויך, גרויס, מיט אַ פלאַטשיקן פּנים און אַ פאַרריסענער נאָז. זיינע הענט זענען ווי די פליגלען צעשפּרייטע פון אַ רויב־פויגל וואָס וועט זיך באַלד אַ וואָרף־טאָן אויף דער זון. אַזוי זעט עס אויס בשעת ער בייגט זיך איבער די צעגליטע אייזנס.

ער איז דער צווייטער מענטש אין גלושינאָ נאָך טשאַגאַנען. ער ברעכט אייזנס מיט די הענט, ער הייבט אויף די שווערסטע געהילצער, און פון זיינס אַ האַמער־קלאַפּ צעפלאַטשיקן זיך די דיקסטע אייזנס. ער קען אויך צורעכטמאַכן געווער. זיין אייגנס האָט ער אַן אַלטע פראַנצויזישע ביקס און לויט דער דאָזיקער ביקס האָט ער נאָכגעמאַכט עטלעכע ביקסן־שלעסער. די פראַנצויזישע ביקס האָט מען מיט יאָרן צוריק אַרויסגעצויגן פון די וואַסערן. ער האָט אָפּגעריבן דעם זשאַווער און עס איז אים

געלונגען צו ברענגען זי אין אָרדענונג. אַ ביסל פּראָך האָט ער נאָך. ער נוצט די ביקס נאָר איין מאָל אין יאָר, בעתן היי־שניט, פון הימלעכ־קייטס וועגן שיסט ער דעמאָלט אויס צום ווילד־געפליגל.

דער זאַלץ־שייער ווערט שטאַרק אָפּגעהיטן אַז ס׳זאָל זיך דאָרט קיין פייכטקייט ניט אַריינכאַפּן, אַז די טויערן זאָלן זיין שטענדיק פאַר־מאַכט, ווייל אָן זאַלץ וואָלטן אַלע הייף אונטערגעגאַנגען. ניט מען וואָלט געקאָנט פאַרגרייטן אויף אַ גאַנצן ווינטער פעסער שוואָמען, קרויט, אוגערקעס, פיש. ניט מען וואָלט געקאָנט קאָכן די גרויסע טעפּ „אוכאַ״ און ניט טועם זיין דאָס שוואַרצע ברויט וואָס איז אַ העלפט געמישט מיט קלייען און קאַרטאָפל.

טשומאַקס הויז איז רחבותדיק. די פאָדערשטע טיר איז באַשלאָגן מיט אייזן. דער גאַנעק הויך מיט גלייכע טרעפּ. אין הויף פלאַטערן אַרום הינער, און אויפן דאַך וואָרקען טויבן. פאַרן הויז וואַקסן ווערבעס און זייערע צווייגן קוקן אַריין אין די קליינע פענצטערלעך.

ביי טשאַגאַנען און טשומאַקן זאַמלען זיך אין די זונטיקס די מענער פון דאָרף. דאָס זענען די צוויי שענסטע הייזער פון גלושינאָ. מען טרינקט דאָ בראַגע און סאַמאָגאָן און מען פאַרבייסט מיט זויערקרויט און אוגערקעס.

אין טשאַגאַנס הויז זאַמלען זיך די פישער, די ערדאַקערער — די וואָס נישטערן אין די וואַסערן אויף לאָדקעס גאַנצע נעכט. דאָס זענען אַלץ אָרעמע, אָפּגעריסענע, פאַרקאָלטנטע, אין אומגעלומפּערטע פעלצלעך פון האַלב־אויסגעאַרבעטן פעל, אין צעיוירענע לאַפּטשעס און ברוינע אָניטשעס. אַלע זענען זיי איינגעשרומפּענע, צעקנייטשטע, מיט פאַר־ברוינטע פּנימער, קורצע שטערנס, איינגעלאָפּענע ווי די קאָרע פון ווער־בעס וואָס וויקן זיך אין די וואַסערן. זיי זיצן אָן היטלען — צעפּאַטלטע שוואַרצע האָר פאַלן קוטשמעוויז אויף די שטערנס. מיט קורצע וואָרצל־פינגער, אויסגעקרימטע, ברוינע, קעמען זיי די טשופּרינעס, און אַז זיי רעדן צעאַקערן זיי דעם שטערן און די קינבאַקן ווערן רויט־געפלעקט

פון גרויסן אָנשטרענגג. זייערע רייד זענען אָפּגעהאַקטע, קורצע, ווי דאָס פליוכען פון זומפּן בעת אַ שטיין פאַלט דאָרט אַריין. און אַז זיי לאַכן באַהאַלטן זיי די פינגער פון די הענט אין די צעשויבערטע קעפּ און די אַקסלען הייבן אָן צו צוקן, זיי שיבערן די פּלייצעס ווי זיי וואָלטן באַפאַלן געוואָרן אומגעריכט פון וואָלקנס קאָמאַרעס.

ביי טשומאַקן אין שטוב קומען זיך צונויף די וואָס ברענגען לייִמענע טעפּ און פלעכטן פיש־נעצן, די וואָס טעסן געהילצער. עס קומען צו אים, דער אויוון־שטעלער און דער אַלץ־וויסנדיקער פעלדשער וואָס האָט פולע סלאָיעס מיט פּיאַווקעס. עס זאַמלען זיך דאָ די צוויי פּעלצן־נייערס מיט די קורצזיכטיקע אויגן און לאַנגע אויסגעצויגענע פּנימער — די ברידער, וואָס זענען צום שפּעטסטן געקומען קיין גלושינאָ.

די פישער מוזן אָפּט אַ טייל פון זייער פאַנג אָפּגעבן די דאָזיקע שכנים וואָס קענען מלאכות, פאַר אַ מלבוש, פאַר אַ קאָסע, פאַר פאַרריכטן די כאַטע. אויך די ערדאַקערער צאָלן אַמאָל מיט פלאַקס, אַמאָל מיט אַ פעל און געפליגל.

צווישן די ביידע הייף האַלט אָן אַ שטילע פיינטשאַפט.

יעדער צד האָט זיך זיינע מיטהעלפערס. טייל מאָל ברעכט אויס אַ קריגעריי. תּמיד הייבט עס זיך אָן ביי די ווייבער. טשאַגאַנס ציג האָט אַרומגעפרעסן די קאָרע פון די ווערבעס ביי טשומאַקס הויז. עמעצער פון טשומאַקס שטוב טרייבט די ציג איבער די געסלעך. די ווייבער זידלען זיך. צומאָרגנס האָט מען געפונען די ציג אין די זומפּן מיט איין האָרן אָן אָפּגעבראָכענעם. דאָס האָט אַוודאי געטאָן טשומאַקס זון קאָלקאַ. ביי נאַכט וועט זיין אַ געשלעג פון יונגוואַרג. די יונגען וואָס דרייען זיך אַרום פאַר טשאַגאַנס פענצטער און קוקן זיך אויס די אויגן נאָך זיינע טעכטער, האָבן איצט אַ געלעגנהייט אַרויסצווייזן אַ בריהשאַפט. זיי וועלן זיך פאַרמעסטן מיט טשומאַקס זין.

טשומאַק און טשאַגאַן ריידן צווישן זיך זעלטן. זיי גייען פאַרביי, איינער פאַר דעם צוויטן און גריסן זיך מיט אַ קאָפּ־שאָקל. און אַז טשאַגאַן באַווייזט זיך אויף דער שוועל פון דער שמידעריי — גייט אים טשומאַק

אַ שמייכלענדיקער אַנטקעגן. אין זיין גאַנג איז דאָ שטאָלצקייט, ווי ס׳וואָלט יעדער קער זיינער געזעדט: דו מוזסט אָנקומען צו מיין שמידעריי. וואָס ביסטו, דו שוואַרצער דעמב, אין דעם זומפּ, אָן דעם שמידער טשומאַק?

און אַז טשומאַק קוקט אין דער נאַכט אַרויס פון זיין כאַטע און זעט ווי די פישער לאָזן זיך מיט די שוואַרצע לאָדקעס פון די זומפּ־נעפּלען אַרויס און צווישן זיי איז אוודאי דאָ טשאַגאַן, ווערט זיין פּנים פאַרטראַכט. פאַר טאָג, ווען די פישער צעהענגען די נעצן, גייט ער, דער אויסגערוטער טשומאַק צו דער שמידעריי און אויף דעם וועג באַגעגנט ער די פישער, רופט ער הויך צו טשאַגאַנען:

— פאַרגעס ניט אָן טשומאַקן! קום אין דער קוזשניע. כ׳האָב היינט צייט!

אין ווינטער ליגן די אַלטע לייט אויף די אויוונס, דערציילן זיך מעשׂות פון ווייטע וועלטן, און הוסטן אַריין אין די פּעלצן. די ווייבער שפּינען און זינגען דערביי צעצויגענע איינטאָניקע לידער. זיי זינגען וועגן די זומפּ־נעפּלען.

אוי, איר נעפּלען, מיינע נעפּלען,\
איר טומאַנען פינצטערע און בלינדע,\
פינצטערע און בלינ — — —

אַזוי ווי דער טרויער אונדזערער, דער אומהיימלעכער,\
שווימט בעסער צו די ימען די פרייע,\
צו די ימען די פריי — — —

די מיידלעך זינגען ביים אויסנייען די האַנטעכער — דעם אויס־שטייער צו דער פרילינג־חתונה — דאָס ליד פון אַ סאָלדאַט וואָס פרעגט ביי זיין דאָליע:

ווער וועט אָפּווישן פון מיין שווערד דער שאַרפער,\
דעם זשאַווער דעם שוואַרצן?\
דעם זשאַווער דעם שוואַ־אַ־אַ — — —

און די רויטהאָריקע מויד ענטפערט אים:

עפן ליבינקער מיינע ברוסטן די ווייסע
מיט דיין שווערד דער שאַרפער,
וועסטו זען מיין האַרץ וואָס האָט זיך אָנגעצונדן.
און אין דעם פייער זאָלסטו דיין שווערד רייניקן.

די יונגען שטייען ביי די שוועלן, אומדרייסטע, מיט נאָכהענגענ־דיקע הענט, זיי שנייצן די נעז, ווישן זיך דעם שוויס פון די שטערנס, שפייען און רייבן די פיס אין דער פּאָדלאָגע. פון דעם שאַרן מיט די לאַפּטשעס סקריפּעט דער זאָמד. זיי סאָפּען שווער און וואַרפן היגטיש־הכנעהדיקע בליקן צו די מיידן.

ביי דער איקאָנע ברענט אַ קאַנעצל. די שייבלעך זענען איצט שוואַרץ. אַ קאַץ ליגט אין פייער־אָפּשיין פון דעם אויוון — אַזוי ווי אַ בייגל. נאָענט גרילט אַ גריל. אין אַ וויגל, אַן אָנגעהאַנגנס אויפן באַלקן, ליגט אַ קינד, און איינע פון די שפינערינס ציט אַ שטריק מיט די פיס, און דאָס וויגל וויגט זיך צום ניגון פון איר ליד וועגן דעם זומפ־נעפּל און וועגן דעם טרויעריקן סאָלדאַט.

— טו־מאַ־נען — — — נע־ע־ע־פּלע־ע־ען
פינצטע־ע־ע־רע־ע־ע — — — —

ס׳ווערט זיי לאַנגווייליק, די יונגען. זייערע הענט ווערן אומגעו־דולדיק. אַזוי ווי די צווייגן פאַרן אויסבראָך פון אַ געוויטער. עמעץ פאַר־טשעפּעט מיט אַן אַקסל דאָס שפּינראָד. קוויטשיקע קולות פון מיידן. אַן אויסמיש פון געשריי און געלעכטער. אַ קינד רייסט זיך פון וויגל. דער אַלטער אויפן אויוון האָט זיך צעהוסט.

דאָס יונגוואַרג טראָגט זיך איבער דעם דאָרף, מיט אַ געפּייפערײ און געסווישטש.

ס׳איז האַרבסטיק־פינצטער. נידעריקע וואָלקנס. באַלד וועט דער שד טאָרפיון דערוואַכן. ער וועט זיך אויסבעטן אַ געלעגער אויף דעם

גרויסן שוואַרצן דעמב וואָס סטערטשעט אַרויס פון זומפּ. ער לויערט שוין אויף עמעצן פון די יונגען. יעדן האַרבסט מוז ער האָבן זיין קרבן.

באַלד וועט אַנטרינען די הייליקע פון די פאַרלאָשענע איקאָנעס, די וואָס וואַנדערט אַרום אין די נעפּלען. אַמאָל איז זי אַן אָפּגעריסענע בעטלערין וואָס לויערט אויף פאַרבלאָנקעטע און פאַרנאַרט זיי אין איר שויס — און אַמאָל איז זי אַ קעניגין. אַז זי דערהערט טאָרפּיונס געוואָי צינדט זיך אַן אויף איר די פאַרלאָשענע קרוין. אַ וואָלקן שווימט איר אַנטקעגן, הילט זי איין, און טראָגט זי גלייך אין די אָרעמס אַריין פון דעם שד טאָרפּיון, ביז צום געלעגער פון שוואַרצן דעמב. — — —

אין אַזאַ האַרבסט־נאַכט גייען ניט אַרויס די פישער פון שטוב. זיי ווייסן, אַז די פיש אַנטרונען. דאָס איז פאַר גרויס צער און בושה וואָס נעמט אין די דאָזיקע רגעס אַרום דעם גאַנצן באַשאַף. און אַז מען פאַר־וואַרפט דאָך די נעצן אין אַזאַ שגעונדיקער האַרבסט־נאַכט פאַנגט מען נאָר די גליטשיקע, מיאוסע שלאַנגען־פיש, וואָס האָבן אויף זייערע קעפּ שוואַרצע צלמים, און אַלערליי וואַסער־שרצים. זיי קומען עס אַרויף אין דער דאָזיקער נאַכט אויף דער וואַסער־אויבערפלאַך און ווימלען אַרום פאַרשייט, ווייל זייער האַר און באַשיצער איז דער וויסטער טאָרפּיון. זיי באַוואַכן זיין אויסגעלאַסענעם נאַכטגעלעגער מיט דער הייליקער.

אין די כאַטעס איז פינצטער. די יונגע מיידלעך, וואָס האָבן אָנגעהערט זיך די אַלע מעשׂות וועגן דעם טאָרפּיון, טוען תּפילה אויף די אויוונס פאַר דער אומגליקלעכער הייליקער, די וואָס שוועבט אין די נעכט אַרום אַ פאַרכישופטע און דעם שדס געוואָי מאַכט זי אויפצאַפּלען.

— אָ, אַלמעכטיקער האַר פון די הימלען, נעם אַוועק די פאַר־בלענדעניש אירע! הערסטו ניט דעם געשפּאָט פון טאָרפּיון? הערסטו ניט זיין אויסגעלאַסענעם געוואָי? זעסטו ניט אין דעם שיין פון די בליצן די בושה פון דער הייליקער וואָס ליגט אַ געקרייציקטע אויפן שוואַרצן דעמב, אַ נאַקעטע, און איר ווייסער קערפּער, דער איידעלער, דער מיידלשער, צאַפּלט זיך אונטער דער וואָלפישער ברוסט פון וויסטן שד טאָרפּיון? — — —

אין אַזאַ נאַכט שלאָפן ניט די טעכטער פון גלושינאָ. זיי טוליען זיך איין, האַלטן צו מיט די הענט די שטייף־געוואָרענע קליינע מיידל־ברוסטן און דאָס בלוט שלאָגט אומרויק. זיי הערן זיך איין אין יעדן געשאָרך וואָס קומט פון דער כאַטע. ערגעץ גאָר נאָענט סאָפּען די מענער. איז דאָס ניט דער טאָרפיון? ער באַשלאָפט דאָ עמעצן. פון וואַנען דער געוואַי? די אָטעמס זענען שאַרף, אָפּגעהאַקט. זי קוקט, די יונגע טאָכטער, מיט גרויסע אויגן, קוקט אין דער פינצטערניש אַריין. זי זעט פייער־רינגען. דאָס אייגענע בלוט באַלייכט איר די עטלעכע טריט. אַ באָרוועסע קניט זי פאַר דעם ווינקל ווו עס שטייט די איקאָנע. דאָרט איז איצט נאָר דאָ אַ שוואַרץ שייבל. אירע צעפּ ליגן אויף די קני. באַלד וועט דער שטורעם פאַרגיין. עס וועט ליכטיקן. מען דערקענט עס שוין אין די שויבן. די מאַכט פון טאָרפיונען וועט אָפּגענומען ווערן. די עקלהאַפטע, שוואַרצע שלאַנגענפיש מיט די זומפּ־שרצים, מיט די וואַסער־שפּינען גראָבן זיך איין אין דער פינצטערניש פון דנאָ. אין אַ זיידענעם נעפּל־שלייער גייט איצט די אומגליקלעכע הייליקע פון איר שאַנד־געלעגער. זי איז בלייך ווי דער ערשטער טאָג־שפּראָץ. אָט שוועבט זי פּאַמעלעך אַריין צוריק אין די כאַטעס. — — —

נאָך אַזאַ נאַכט הייבן זיך די יינגלעך אויף מיט פאַרלאָפענע אויגן. זייערע ליפּן ציטערן און די קני בויגן זיך. זיי שלאָגן די פּי מיט שטעקנס, שלאָגן איבערן רוקן, איבערן בויך. זיי וואַרפן זיך אין וויסטיקע געשלעגן, און אַז זיי באַגעגענען אין אַ ווינקל אַ מיידל, באַפאַלן זיי זי אַזוי פּלוצעם ווי עס באַפאַלט אַ שווערע נאַכט־כמאַרע די פולע לבנה. זייערע פּנימער זענען צעריסן פון די מיידלשע נעגל. די אויגן זייערע האָבן די רויקייט פון די ווילדע פעלד־באַרן וואָס דער ערשטער פרילינג־ווינט האָט זיי צעוויגט. זיי זענען ענלעך, די יונגען, צו די אויפגעוואַכטע קעלבער וואָס פּלאָנטערן זיך פאַרלאָרענע צווישן רעוועגדיקע אָקסן מיט אַ שטומען געוויין.

דער מילנער פון גלושינאָ איז זשיגולין. ער האָט דאָס אויפגעשטעלט די ווינטמיל. ביז אים האָט מען געמאָלן אין היימיש־געמאַכטע

האַנט־מילן: צוויי דעמב־קלעצלעך, אין די פלאַכן זייערע זענען אַריינ־געהאַקט שפּליטערס פון טשוגון, שפּליטער צו שפּליטער. דער אייבער־שטער טייל דרייט זיך אויף אַן אַקס און פון אַן עפענונג שיט מען די קערנער. אַפּמאָלן אַ פּאָר פונט קאָרן דויערט לאַנג. זייט זשיגולינס ווינט־מיל האָט אָנגעהויבן צו מאָלן נוצט מען די זשערנאָוויעס נאָר צו קאַשע.

פון וואַנען האָט זיך גענומען, דער זשיגולין, קיין גלושינאָ? קיינער וויס דאָס ניט. איינער האָט געזאָגט אַז ער איז אַן אַנטלאָפענער פון סיביר, אַ צווייטער, אַז זשיגולין האָט עמעצן דערמאָרדעט.

זשיגולינען אַליין איז אַ פּחד אָנצוקוקן. ער איז מיט אַרויסגעריסענע נאָזלעפלעך. זיין פּנים לויערט מיט טונקעלע צוויי נאָזלעכער; צעריסענע, צעקרימטע, דאָס פּנים איז באַדעקט מיט אַ נעץ פון אָנגעשוואָלענע בלויע אָדערן. ערגעץ ווייט פון גלושינאָ האָבן איבער אים פויערים געמאַכט אַן אַליין־משפּט: זיי האָבן זשיגולינען פאַרקאָוועט אין אַ האַלצפּרעס און מיט די צוואַנגען פון אַ קאָוואַל אַרויסגעריסן די נאָזלעפלעך. דאָס איז געשען צוליב אַ פאַרפירטער רויטער מויד. פון דעמאָלט אָן האָט ער ניט געפונען קיין מנוחה. ער האָט זיך געלאָזט איבער גאָטס וועלט. די ערשטע צייטן האָט ער אויסגעמיטן דערפער, געגאַנגען נאָר ביינאַכט, און אין די נעכט — געגנבעט און געגזלט. ער איז געזעסן אין תּפיסות, אַנטלאָפן און געוואָרן דער געשפּענסט פון די דערפער. אומעטום האָט מען גערעדט וועגן דעם אָננאָזיקן וואָס באַפאַלט און פאַר־גוואַלדיקט. אין פלאַמען פון ברענענדיקע שייערן און הייף האָט ער געזען די רויטהאָריקע. ער האָט געזען אירע צעשויבערטע האָר און פאַר תּענוג ווילד געטאַנצט. געווען אַז ער זאָל זיך באַווייזן אין אַ דאָרף אַז מען זאָל אים פון דאָרט פאַרטרייבן מיט קאָסעס. נאָר אין גלושינאָ האָט ער זיין היים געפונען. דאָ האָט ער אויפגעבויט די ווינטמיל און אין איינע פון די האַרבסט־נעכט, אין די נעכט ווען עס בושעוועט דער שד טאָרפיון, איז געקומען צו אים אַ ווייב. אַ געזונטע גלושינער טאָכטער, און ניט ווייט פון די מילשטיינער האָט ער פאַרלייגט זיין הויז. ביי טאָג גייט ער ניט אַרויס פון דער ווינטמיל, און אין די נעכט לעשט ער פרי־

אויס דאָס קאַנעצל און אין דער פינצטער דערציילט ער אויסטערלישע מעשׂות וועגן סאָבאָרן, וועגן שיכּורע פּאָפּן, וועגן בייזע דערפער, וועגן גנבים און זונות, וועגן בעטלער און הייליקע.

די צוויי ברידער, די פּעלצן־נייער, וווינען אין איין כאַטע. זיי לעבן ניט בלויז פון שניידעריי, נאָר אויך פון באַארבעטן פּיצלעך ערד און פון קליינעם פיש־פאַנג.

דאַרע, אויסגעצויגענע, מיט אַרויסשטאַרנדיקע וויסלען און אי־בערגעוואַקסענע הענט. זייער אויסשפּראַך איז אַן אַנדערע ווי פון די גלושינער. אין שטוב הענגט ניט די איקאָנע. זיי שפּאָטן פון טאָרפּיון. זיי האָבן חתונה־געהאַט פאַר צוויי גלושינערינס, צווילינג־שוועסטער, ענלעכע איינע צו דער אַנדערער. אין דאָרף רעדט מען אַז די פּעלצן־נייער פאַרפּלאָנטערן זיך אָפט מיט די ווייבער. ווי אַזוי קען מען דען וויסן ווער צו וועמען געהערט? איינע טראָגט אַ רינג אויף איר אָרעם — אַ סימן אויף אונטערצושיידן.

מען זאָגט אויף די צוויי ברידער, אַז דער פאָטער זייערער איז געווען אַ ייד. טשומאַקס זיידע האָט אים געבראַכט פון ערגעץ און ער איז שוין פאַרבליבן אין דאָרף. גאַנין — רופט מען זיי. קיין פאַרנאָמען ווייס מען ניט. די ברידער זענען לוסטיקע, טרינקער, אָפּשפּאָטער. דאָס גאַנצע דאָרף איז אויף זייער קאָפּ. אין זייער כאַטע וואַלגערן זיך אויסגעקראָכענע פעלן, האַלב טרוקענע, צעטראָטענע. אַ דעמפּיקער ריח פון חלב און פון פאַרלעגן פלייש שלאָגט פון דער כאַטע אַרויס. דאָס איז פון די פעלן וואָס זיי אַרבעטן אויס און פון די פיש וואָס ליגן טעג ניט־געזאַלצענע. זייערע ווייבער זענען דיק, מיט אָנגעיוירענע בוזעמס, מיט רויטע פיס.

צווישן די פויערים זענען די צינגער ביי די גאַנינס אויפגעבונדן. זייערע רייד נעמט מען ניט ערנסט. קיינער באַליידיקט זיך ניט פון די שפּאָטערייען זייערע און ניט פון די שטעכווערטלעך. און אַז מען ווערט שיכּור פאַלן זיך ביידע ברידער אין די אָרעמס אַריין און ביידע טאַנצן צום געשפּאָט פון די באַבעס ביים אויוון.

אויב עס איז דאָ אַ זומפּ־טייוול זעט ער זיכער אויס אַזוי ווי אַרמודאַן. אַ האָריק פּנים, די נאָז ווי אַ געבראָטענער עפּל, הענט פאַר־וואַקסענע מיט אַ מעך אַזש ביז די נעגל. ער איז קליין, ברייט אין די אַקסל. ער זעט אויס ווי מען וואָלט אים אַרויסגעשלעפּט פון סמאָלע. נאָר אַז ער לאַכט ווערט זיין פּנים באַלויכטן פון די גלאַנציקע ווייסע ציין, און אויף אים גיסט זיך אויס אַ מילדקייט. און זינגען קען ער, דער אַרמודאַן, ווי גאָטס־מלאך. זיין געזאַנג עפנט דעם געדיכטן וואַלד־רינג וואָס האָט פאַרשלאָסן גלושינאָ פון דער וועלט. עס שפּרייטן זיך אויס וועגן צו אַ וווּנדערוועלט. אַפילו די נעפּלען צערינען, און דער גאַנצער זומפּיקער באַשאַף האָרכט זיך איין.

די לידער פאַרפּאַסט ער אַליין. דאָס זענען לידער וועגן שיפלעך וואָס שווימען אין נעפּל אַריין, לידער וועגן די שוואַרצע דעמבעס, די מיט פאַרפלאָנטערטע צווייגן און נאַקעטע וואָרצלען. אַ תּפילה צו דער הייליקער פון דער איקאָנע וואָס געפינט ניט איר רו אין די נעכט די האַרבסטיקע.

ווּקאָל, דער האַרטער פאַרשוין, דער גרעסטער שווייגער אין דאָרף, דער בייזער פּויער און שלעגער, קערט אַוועק דאָס פּנים בעת אַר־מודאַן זינגט, און אין געהיים ווישט ער זיך די פייכטע אויגן.

— עס זינגען פון דעם טאַטערישן טייוול אַרויס מלאכים הימלי־שע, — שעפּטשעט דער פּראָסטאַק ווּקאָל, דער וואָס שלאָגט זיין ווייב יעדן טאָג און איר געוויין טראָגט זיך אָפּט העט ווייט אויף יענער זייט זומפּ ביז די פאַרגליווערטע פאַסן וואַלד. איצט גייט ער אַהיים אַ גערייניקטער און ער טראַכט: ווען דער שד אַרמודאַן וואָלט ניט געזונגען וואָלט איך ניט געוווּסט וואָס עס איז אַזוינס אַ טרער. פאַרבאָרגן זענען גאָטס מעשׂים. ער טוט גוטס מיט די הענט פון אַנדערע. אַזאַ טשאָרט ווי אַרמודאַן, אַ שרעק אָנצוקוקן, האָט גאָט געשיקט אַ מלאך און ער זינגט עס אַרויס פון אים. ער גייט אַרום צווישן אונדז, גאָט, אַ סימן אַז זשיגו־לינען האָט ער אָנגערעדט צו מאַכן אַ מיל, טשומאַקן האָט ער אויסגע־לערנט שמידן אייזן, גאַנינען — פעלצן צו נייען און מיך האָט געפאַנגען דער טייוול און האַלט מיך אין די נעגל. ער פאַרגעסט ניט אין די אומ־

גליקלעכע נשמות און זאָגט דאָס אונטער אַזאַ טאָטערישער ראָזשע ווי אַרמודאַן, ער זאָל אונדז טרייסטן.

— גיי נאָך ניט אַוועק, אַרמודאַן, זינג דאָס ליד וועגן די פולע נעצן וואָס זילבערן זיך, ווען מען ציט זיי אַרויס פון טייך, אין די נעכט...

איבערן דאָרף איז אויסגעשטערנט.

פון די הייף טראָגט זיך אַ ריח פון בהמה־אָפּפאַל, פון פיש. אַרום דאָרף איז טונקל. שאָטן אויף שאָטן. אַ געפלעכט פון שאָטנס. איבער די זומפּיקע דאָרף־שטעגלעך גייען פּויערים. זיי טרעטן מיט שווערע טריט אין די בלאָטעס. עס איז אומהיימלעך שטיל. טייל מאָל רייסט זיך אַראָפּ אַ שאָטן פון די הימלען און שפּאַנט אַוועק אַזוי ווי אַ רויכזייל גלייך צום האָריזאָנט. ווייט, אין די זומפּן האָט אַ פליוך־געטאָן. דאָס האָט זיך אַוודאי אָפּגעריסן אַ שטיק געהילץ פון דער גרעבליע און עס זינקט איצט איין, וואָס אַמאָל טיפער און טיפער. דער אומרויקער שפּיגל־פלאַך בלעזלט זיך זילבערדיק, וויגט זיך אין קרייזן לאַנג לאַנג ביז ער פאַרוויגט זיך ווי עס וואָלט גאָרנישט פּאַסירט אונטער גאָטס נאַכטיקע הימלען.

די גלושינער האָבן פון דעם אָנהייב האַרבסט אָן געפילט אַז עפּעס קומט פאָר אין דער ווייטער וועלט. זיי האָבן מיט אַן אומרויקער דערוואַר־טונג געקוקט צו די וואַלד־ווייטן, צו די רויטע זונפאַרגאַנגען און אין די נעכט זענען זיי אויפגעטרייסלט געוואָרן פון אומבאַקאַנטע גערוישן. זיי פלעגן זיך אַוועקשטעלן ביי די פענצטערלעך, באָרוועסע, צעשויבערטע, מיט שלאָף אין די אויגן, און ווישן די פאַרלאָפענע שויבן.

ערגעץ אין די הימלען האָבן געוואַנדערט זיילן ליכט. טייל מאָל פלעגן זיך די בלייכע ליכטזיילן וויגן און אַ פאַל־טאָן אויף דער ערד, איינזינקען אין דער נאַכט.

טיילמאָל זענען דערגאַנגען ווייטע פאַרטויבטע דונערן ווי די אָפּשטאַרבנדיקע עכאָס פון אייז־קריעס, וואָס האָבן זיך אָנגעשלאָגן אָן גרעבליעס אָדער אָן הילצערנע בריקן.

אָפט מאָל איז ליכטיק געוואָרן אַ שטיק הימל מיט אַזאַ גריך־שוועבלדיקער ליכטיקייט ווי פון די פוילנדיקע שטאַמען אין וועלדער־

געדיכטעניש. די גרינקייט איז געהאַנגען אַזאַ אומהיימלעכע אַזש ס׳ווילד־געפליגל האָט געזוכט אַנטרינונג אין די קוסטעס און טראָסטניק־אינדזלען.

קיין יאָר איז ניט געווען אַזאַ גערעטעניש אויף ווילד־געפליגל ווי איצט. טשאַטעווייז זענען זיי אָנגעפלויגן פון דער פרעמדער וועלט. זיי האָבן זיך געטראָגן איבער גלושינאָ אין אַ שטרענגער אָרדענונג, שורה־ווייז, טשאַטע נעבן טשאַטע, געפלויגן נידעריק, ממש איבער די סכך־דעכער. זיי האָבן זיך באַזעצט אין די קוסטעס, אין די טאָלן, עטלעכע שפּאַן פון דאָרף.

ניט נאָר ווילד־געפליגל זענען אָנגעקומען ווי זומפּ־לויפער, וואַסער־פּאַפּוגייען און שפּאַט־פייגל און אַ מענגע נייע מינים געפליגל, נאָר עס האָבן זיך באַוויזן אַלערליי חיות — הירשן, פיקסן, וועלף, האָזן.

די שפּאַרבערס, די קאָרשונעס און דער אומהיימלעכער גייער, וואָס האָט זיך תּמיד אַראָפּגעלאָזט מיט ברייט־צעשפּרייטע פליגל אויפן שפּיגל־פלאַך פון זומפּ און מיט אַן אומגעווייטלעכער קראַפט געפּאַטשט אין וואַסער און דאָס קלאַפּעריי האָט זיך געטראָגן איבער די פעלדער און וועלדער. די אַלע רויבפייגל זענען נעלם געוואָרן מיט איין מאָל. דאָס ווילד־געפליגל האָט דערפאַר געקענט נידעריק זיך טראָגן איבערן דאָרף, איבער די זומפּן, זיי האָבן געפּראַוועט די גרויסע פייגל־חתונות און געשפּילט זיך מיט זייערע אייגענע בלאָע שאָטנס די באַוועגלעכע אויף דער זומפּפלאַך, געוואָלט זיי אויפכאַפּן מיט די פליגלען, צעשלייסן זיי מיט די שנאָבלען און אויפרודערנדיק נאָר די גלאַטיקייט פון וואַסער האָבן זיך געוויגט קליינע זילבער־רינגען, אַ רינג אין אַ רינג אַריינגעפּאַסט.

— ניט גוט — האָט איין מאָל געזאָגט טשאַגאַן — עס איז אומרויק אין דער ווייטער וועלט.

ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און לאַנג איינגעקוקט זיך אין זאָרגלאָזן געפלאַטער פון די פרעמדע פייגל.

— זיי זענען צו אונדז געקומען, ווייל זיי זוכן אַנטרינונג. עס איז אַ מלחמה אויף דער וועלט, זיי זענען פאַרטריבן געוואָרן פון די שיסע־רייען. די רויבפייגל זענען אַוועק פון די זומפּן. זיי האָבן איצט אַ גוטע

צייט. וואָס וועלן זיי זיך יאָגן נאָכן ווילד־געפליגל? די פעלדער זענען פול מיט מענטשן צעקאַליעטשעטע! זיי האָבן ליב מענטשיש בלוט, אָטאָ די קאָרשונעס, די קרומשנאָבלדיקע גייערס מיט די גאַקעטע העלדזער. זיי האָבן ליב די מענטשישע שוואַרצאַפּלען אַרויסצופּיקן און דערנאָך טראָגן זיי זיך מיט שנאָבלען פאַרבלוטיקטע אַנטקעגן גאָטס ליכטיקע הימלען...

דאָס זענען ניט געווען די איינציקע סימנים פון גרויסן בייז וואָס לויערט אַרום גלושינאַ.

די פישער האָבן געפונען אין די נעצן אויסטערלישע שוואַרצע שפּינען, האָריקע, טויזנט־פיסיקע מיט אויגן ווי דימענטן. אַלערליי ראַקעס ווי די סקאָרפּיאָנען מיט אַ גאַליק־גרינעם שימער, צעפּלאַטשיקטע שלימאַקעס, קלעפּיקע, דורכזיכטיקע, פאַרגליווערטע, און אַז מען האָט זיך צוגערירט צו זיי איז דורכגעלאָפן אַ ציטער פון עקל דורכן גאַנצן לייב.

טייל מאָל האָבן זיך די נעצן פאַרפּלאָנטערט. שעהן האָט מען זיי געצויגן און נישט געקענט אַרויסשלעפּן פון טייך, און אַז די פישער האָבן אַראָפּגעלאָזט זיך צום דנאָ האָבן זיי געזען שאָטנס דאָרט אַרומווימלען, לאַנגע גרינע וואַסער־שאָטנס ווי די הערנער די געדרייטע פון ציגן ווילדע.

מען האָט געזאָגט אַז דאָס טוט דער שד טאָרפּיון, ער רייסט עס די פישער־נעצן.

די שוואַרצע צלמים־קעפּ האָבן פול־געמאַכט די זומפּוואַסערן, און וויפל מען האָט זיי ניט געשליידערט פון די נעצן האָבן זיי זיך געמערט מיט עקשנות.

אַפילו דאָס גערעטעניש אין די פעלדער איז ניט געווען ווי מיט אַ יאָר צוריק. די קאָרן־זאַנגען — האַלב־פּוסטע, די קאַנאָפּליעס — בידעריקע. גרויע פייגל מיט צעשויבערטע פעדערן האָבן אויסגעפּיקט די קערנער איידער זיי זענען נאָך אַפילו רייף־געוואָרן. דאָס קרויט איז געפרעסן געוואָרן פון ווערעם, זיי האָבן זיך אַריינבאַקומען דורך די וואָרצלען, און פון אינעווייניק אויפגעגריזשעט דעם צאַרטן בלעטער־אַרויסשפּראָץ. אַפילו די קאַרטאָפל זענען דאָס יאָר געווען באַזעצט מיט

אַ טונקעלן אָנוווקס ווי בראָדאַווקעס און אַז מען האָט אויפגעשניטן אַ קאַרטאָפל איז זי געווען פאַרצויגן מיט אַ נעץ פון שוואַרצע אָדערן.

אין דעם פריערדיקן זומער האָבן זיך עטלעכע גלושינער אַרויס־געלאָזט אויף שיפלעך צו די וואַלד־ווייטן, דורכגעוואַנדערט מיילן לאַנגע און אָנגעקומען אין אַ דאָרף. פון דאָרט האָבן זיי געבראַכט זאַלץ און סיך אויף קליידער. דאָרט האָבן זיי זיך אָנגעהערט אַלערליי נייסן. איין מאָל איז עמעצער געקומען קיין גלושינאָ פון אַ שכנותדיק דאָרף און געבראַכט מיט זיך פאַפּירן, פאַרשריבן די נעמען, געציילט די פּי. ביי טשאַגאַנען אין שטוב האָט מען אים אָנגעטרונקען און די פּאַפּירן זענען געבליבן אין דאָרף, און אין גלושינאָ איז אַ נייע כאַטע צוגעקומען מיט אַ נייעם סכך־דאַך.

גלושינאָ האָט זיך געלעבט מיט איר אייגן לעבן.

די אַלטע האָבן דערציילט וועגן אַ גאַנצער עקספּעדיציע פון מונ־דירטע לייט וואָס האָבן דאָ געוואָלט איינשטעלן אַן אָרדענונג. אויפן צוריקוועגס האָט זיי דער טאָרפיון געפאַנגען. נאָר איינער איז אַרויס פון זיינע הענט. ער האָט אָבער ניט געקענט דערציילן ווו דאָס דאָרף גלושינאָ געפינט זיך.

אין דעם האַרבסט האָט זיך ניט געפונען קיינער וואָס זאָל זיך וועלן אַוועקלאָזן ווייט מיטן זומפּ. מען האָט מורא געהאַט פאַר דעם טונ־קעלן נעפּל־פאָרהאַנג, פאַר די שאָטנדיקע וואַסערן, פאַר די זומפּ־שרצים, באַזונדערס האָט מען זיך געשראָקן פאַר די וואַנדערנדיקע זיילן ליכט און די פאַרטויבטע דונערן וואָס קומען עפּעס ניט אין דער צייט. ניט קיין דונערן פון די הימלען זענען דאָס. דאָס איז אַן ערדשפּאַלטעניש: אַ קייקלען זיך פון בערג צו די תהומען.

די מענטשן זענען אַרומגעגאַנגען פאַרשאָטנטע און בייזע.

דער מילנער זשיגולין, מיט די אויסגעריסענע נאָזלעפלעך, האָט פון פאַרפוילטע קערנער און פון אָנגעלעגענע קאַרטאָפל, די שוואַרצע, געטריבן בראָנפן. מען האָט געטרונקען, און אין שיכרות געזידלט זיך, באַפאַלן די ווייבער.

די נעצן זענען געהאַנגען אויף דיביימער, די לאָדקעס האָבן זיך געוויגט אויפֿן בלאָטיקן ברעג, פֿון די שטעלער האָט זיך געטראָגן אַ האַרצרייסנדיק רעווערײַ פֿון פֿי. די טאַמעס האָבן זיך אויף עטלעכע ערטער אויפֿגעבראָכן און דאָס וואַסער, אַ שוימענדיק־גרינס האָט געריסן שטיקער פֿעלד. אַרום די כאַטעס זענען געשטאַנען געדיכטע קאַלוזשעס.

דאָס יונגוואַרג, וואָס זייערע באַקן זענען באַדעקט געוואָרן מיט אַ זילבערנעם האָר־מעך, איז באַפֿאַלן געוואָרן פֿון אַן אומרו. זיי האָבן ניט געקענט אײַנזיצן אין די שטיבער, אַרומגעשלעפּט זיך איבער די פֿעל־דער, געשאָטנט זיך ביי די צוימען און אין די אָוונטן זענען זיי ווי די שפּאַרבערס באַפֿאַלן איינער דעם צווייטן. זיי האָבן געטרונקען סאַמאָגאָן און דערנאָך געוואָרפֿן זיך אין קראַמפֿן אויף די היי־אָנשיטן, אין די שטעלער.

טשאַגאַנס טעכטער האָבן מורא געהאַט אַרויסצוגיין פֿון דער כאַטע. די עלטסטע, גאַלינאַ, איז טעג גאַנצע געשטאַנען אין פֿענצטער מיט צעפּלאָכטענע צעפּ. דער גרויסער טרויער פֿון די הימלען האַרבסטי־קע, פֿון די פֿעלדער זומפּיקע, פֿון די גראָזן די פֿאַרגעלטע האָט זיך גע־שפּיגלט אויף איר פּנים. דאָס פֿרעמדע ווילד־געפֿליגל, דער ווינט־געפֿייף, דער בראָנפֿן־טשאַד, די פֿאַרקראַמפּטע הענט פֿון יונגוואַרג — דאָס אַלץ האָט זי אימהדיק געשראָקן.

מיט אַ נאַכט צוריק האָבן זיי פֿאַרשלעפּט גאַנינס טאָכטער און געלאָזן זי אַ נאַקעטע אין די זומפּן. דאָס זאָל האָבן געטאָן קאָלקאַ דעם שמידערס. דערנאָך האָבן זיי אַריינגעשליידערט צו די גאַנינס אין שטוב אַרײַן צוויי דערוואָרגענע שוואַרצע קראָען, קרומשנאָבלדיקע, און פֿון דער נאַכט־פֿינצטערניש אַרויס האָבן זיי געשפּאָט פֿון די פֿעלצן־נייער.

דער מיאוסער אַרמודאַן איז ניט אָפּגעטראָטן פֿון טשאַגאַנס שטוב.

דער נידעריקער, האָריקער, פֿאַרקראַמפּטער אַרמודאַן האָט גע־וואַרט אויף גאַלינאַס קלענסטן באַוועג. ער האָט ווי אַ הונט געוואַלגערט זיך ביי איר שוועל און ניט אָפּגעריסן זיינע אויגן פֿון איר. דאָס איז געווען אַ ליבע, אַן אָפּענע, אַזוי אָפֿן ווי דער הימל. ווי אַ שטיק זומפּ האָט ער זיך אַריינגעפּלאָנטן אין דעם ליכט פֿון איר פּנים. זי איז

הויך, שלאַנק, בויגעוודיק ווי אַ בעריאָזע. און ער איז ווי אַ וואָרצל וואָס וואַסערן האָבן אונטערגעשווענקט. אין זיין ליבע איז דאָ די עקשנות פון אַ דאָרן און די בלינדקייט פון אַ כמאַרע וואָס ווערט געטריבן פון שטורעמס.

דעם טרויער פון טשאַגאַנס שיינער טאָכטער האָט אַרמודאַן אויסגעזונגען פאַר אַלע פעלדער און עס האָבן אים געהערט די האַרבסטיקע הימלען.

עפּעס וועט געשען!

שאָטנס ווימלען אַרום די זומפּן. שאָטנס פון פרעמדע מענטשן, ניט־גוטע, פאַרכישופטע! אָט איז אַרמודאַן פאַרכישופט געוואָרן! די גרעבליעס רייסן זיך! דער צווייגן־געפלעכט צעשיט זיך!

עס וועט זיין אַ הונגער! די הייף זענען פּוסט!

אין הימל מערן זיך די ליכטזיילן. ס'איז שפּעטער האַרבסט, און עס דערגייען נאָך אַלץ אָפּהילכן פון דונערן. די ליכטזיילן דערנענטערן זיך צו גלושינאָ!

אפשר זענען עס די ניט־גוטע איינגעהילט אין שלייערן פון שפּינגעוועב און נעפּל?

דער קאָוואַל טשומאַק האָט פאַרמאַכט די שמידעריי. ער האָט פאַרגרייט זיין לאָדקע. גלושינאָ וווּנדערט זיך. מען גלויבט ניט די אייגענע אויגן. טשומאַק לאָזט זיך צו אַ שכנותדיקן דאָרף צוזאַמען מיט זיינע צוויי זין!

— וואָס איז אייך באַפאַלן אַזאַ אומעט? טרייבט פון זיך דעם פחד! זעט, אָט לאָז איך זיך אין דער וועלט אַריין. איך וועל צוריקקומען איידער דער פראָסטשפּיגל וועט צודעקן די זומפּן. איך וויל זען וואָס עס טוט זיך אויף יענער זייט וואַלד.

נאָך טשומאַקס אַוועקשיפן זיך האָט עס זיך אויף עטלעכע טעג באַרויִקט.

טשאַגאַן האָט אַרויסגעפירט מענטשן צו פאַרריכטן די גרעבליעס.

אַרמודאַן האָט שוין מער ניט געוואַרט ביי גאַלינאַס שוועל, איצט איז ער שוין געזעסן אין טשאַגאַנס כאַטע.

גלושינאָ האָט אויסגעקוקט אויף דעם צוריקקום פון טשומאַקן. אַ פיבערדיק אויסוואַרטן וואָס האָט פאַרהאַקט די אָטעמס.

נאָך אַ וואָך — און עס וועט זיך באַווייזן דאָס שוואַרצע שיפל, אָן אָנגעלאָדנס מיט גוטע זאַכן פון אַ פרעמדער לויערנדיק־לאָקנדיקער וועלט.

און דער דאָזיקער אויסטערלישער טאָג איז געקומען.

אָנשטאָט דאָס איינזאַמע שיפל מיטן שמידער און זיינע צוויי זין האָבן זיך באַוויזן אויך פרעמדע מענטשן. אויף געהילצער זענען זיי געקומען. צוויי צענדליק מענטשן האָבן זיך געטראָגן גלייך קיין גלושינאָ, אויסגעמיטן די אינדזלען פון זילבער־גראָז, די גרויע קוסטעס, און געשווומען דורך די טונקעלע זומפּוואַסערן, די האַרבסטיקע און אומהיימלעכע.

## קאַפּיטל דריי

לושינס מענטשן האָבן זיך צעשפּרייט איבערן דאָרף. זיי האָבן זיך באַזעצט אין די כאַטעס און געטריקנט די קליידער ביי די גרויסע ליימענע אויוונס.

אַ גאַנצע נאַכט האָבן אין די גלושינער כאַטעס געברענט די קאַנעצלעך פון סקיפּידאַר. די פרעמדע זענען אַוועקגעפאַלן מידע אויף די אויוונס, און די באַלעבאַטים האָבן זיך געוויגט אויף די שלאָף־ברעטער און אין האַלב־שלאָף געשעפּטשעט צו זייערע ווייבער וועגן דעם שמיד טשומאַק וואָס האָט געבראַכט אין דאָרף אַריין פרעמדע מענער.

— דאָס האָט טשומאַק מיט זיינע זין זיי אויפגעזוכט און איז צוזאַמען מיט די פרעמדע געקומען, געוויזן זיי דעם וועג.

ווער זענען עס די פּאַרוואַקסענע, מידע מענטשן? וואָס ברענגען זיי מיט זיך? שטילקייט, פרידן אָדער אומקום?

דערזעענדיק אָבער די פאַרלאָפענע אויגן, די איינגעפאַלענע פּנימער, די צעריסענע קליידער און דאָס געציטער פון די בלאָע ליפּן, האָבן זיך די גלושינער באַרויקט. דאָס האָט דערנענטערט די פויערים צו די סאָלדאַטן, געמאַכט זיי היימישער און פאַרטריבן די פרעמדקייט.

די ווייבער האָבן געזוכט צו העלפן די וואַנדערער מיט טרייסט־ווערטער און טרערן.

די שטיבער ווו עס האָבן זיך אויפגעהאַלטן די פרעמדע זענען איבערגעפולט געוואָרן פון גלושינער. מען האָט זיך אויסגעזעצט ביי די

טישן, אויף דער אויוון־שוועל, מען איז געשטאַנען מיט אַנטבלויזטע קעפּ און געשטופּט אין די פּיקעס גאַנצע בלעטער געטריקנטן טיטון.

אַ שווער שווייגן אַזוי ווי דער געדיכטער טיטון־רויך איז געהאַנגען אין די כאַטעס. אַ זיס־לאָקנדיקע דערוואַרטונג האָט געוויגט די שלייפן.

אין טשומאַקס כאַטע האָט זיך באַזעצט בוסליי און דאָרט אַריינגעטראָגן דעם קראַנקן לייטענאַנט לושין. מען האָט אים אַוועקגעלייגט אויף אַ בעט, אויסגעבעט מיט שעפּסן־פעל, און טשומאַק אַליין האָט אים אויסגעריבן דעם גוף מיט סקיפּידאַר, געגעבן צו טרינקען טיי.

לושין האָט עפּעס געשעפּטשעט, אויפגעעפנט די אויגן און גלייך נאָך דעם פאַרזונקען געוואָרן אין אַ שווערן שלאָף.

בוריאַן האָט זיך באַזעצט אין דער ווינטמיל, ביי דעם אָננאָזיקן זשיגולין.

אַרמודאַן האָט זיך פאַרברודערט מיט בודנאַוון און אים גענומען צו זיך אין דער כאַטע אַריין. דער נידעריקער, קרעמפּער בודנאַוו האָט געשויבערט די וואָנצעס און געקלאַפּט אין פּלייצע דעם האָריקן אַרמודאַן. זיי האָבן געטרונקען פאַרן געזונט פון דער קראַסאַוויצע גאַלינאַ.

כאָכלאָוו איז אַריינגעפאַלן צו די גאַנינס. ער האָט געקוקט מיט די וואַסעראויגן אויף די דיקע צוויי ווייבער און דער קאַנטיקער קאָפּ זיינער איז זיך צעשווומען ווי דאָס אייז פון פאַרפרוירענע קאַריטעס וואָס מען האָט זיי פאַרטאָג אַריינגענומען אין דער כאַטע.

ביי דעם דאָרף־עלטסטן טשאַגאַן איז געזעסן דזשיגיטאָוו מיטן רוקן צו דער איקאָנע און געגליוועט אין אַן אומהיימלעכן שווייגן. ער האָט געהאַט אַ וואַך פּנים. די אָפּשטייענדיקע אויערן האָבן אויפגעכאַפּט יעדעס וואָרט וואָס עס איז געפאַלן אין דער כאַטע.

בורגין איז געלעגן אויפן אויוון אין איינער פון די כאַטעס און אַראָפּגערעדט צו די ווייבער. ער האָט זיי דערציילט וועגן דער מלחמה וואָס גייט אָן אויף גאָטס וועלט, וועגן די שונאים וואָס זענען אָנגעלאָפן, אויף דער דאָזיקער ערד דער שטילער, ווי די היישעריקן.

זיי האָבן געבראָכן די הענט, געשאָקלט מיט די קעפּ.

— אוך־מאַ, דאַ האָספּאָדי, אוך־מאַ...

די סאַניטאַרין מאַשאַ, איז געבליבן אין דער כאַטע פון טשאַגאַנען און זיך אויפגעהאַלטן אין דעם ווינקל פון יענער זייט אויוון, צוזאַמען מיט די טעכטער פון דאָרף־עלטסטן.

אויפן דריטן טאָג, ווען די מענטשן זענען שוין געהאַט געקומען צו זיך, אָפּגעשאָרענע, אָפּגעראַזירטע, אויסגעטריקנטע און אויסגערוטע, און זענען אַרויס אין דאָרף, איז געקומען צו לויפן בוסליי מיט דער ידיעה אַז לושין איז אויסגעגאַנגען.

מען האָט אויסגעגראָבן אַ קבר אין הויף פון דער אַלטער שטיי־נערנער געביידע ביים אַריינגאַנג, און דאָרט באַהאַלטן דעם לייטענאַנט. בוסליי האָט דריי מאָל אויסגעשאָסן. פון די זומפּן האָבן זיך אָפּגעריסן טשאַטעס ווילדע קאַטשקעס און געטראָגן זיך צו די נעפּל־וועלדער.

ראָסטין האָט געזאָגט צו די מענטשן:

— וואָס וועלן מיר זיצן אין דעם וויסטן דאָרף? מען מוז זיך דער־שלאָגן צו אייגענע. מיר האָבן געהאַט אַן אויפגאַבע, דערצו האָט מען אונדז געשיקט. איצט, אָן לושינען, מוזן מיר צוריקגיין. מיט אים זענען מיר געווען אַ מיליטערישע איינהייט. אָן אים זענען מיר דעזערטירן. לויט דער מיליטערישער ראַנגע בין איך דער עלטסטער, איך בין אַ קאַפּראַל. מיין מיינונג איז: אַוועקגיין פון דאַנען. אייגענע גייען אָפּ אין בלוט, און מיר וועלן זיך אויף די אויוונס וואַרעמען?

דאָס קליינע פויערל כיטראָוו האָט זיך אַרויסגערוקט פאָרויס, געריבן די הענט און אַ בליאַסק־געטאָן מיט די געלע ציין. דאָס איז געווען אַ הכנעה־שמייכל, אי צו ראָסטינען, אי צו די פּאַרזאַמלטע. ער האָט געשטאַמלט:

— ראָסטין איז קלוג... ראָסטין איז גערעכט... אָבער... עס גייט ווינטער. ווו וועלן מיר זיך אַהינטאָן? אַז ס׳איז געוואָרן אויס וועלט... אַליין געזען ווי נאָך אַן אויפרייס איז אַ האַלבע וועלט איינגעזונקען... ער איז גערעכט, ראָסטין... עך, ווי גערעכט ער איז...

קאַבאַיעוו איז ווילד געוואָרן. זיינע קללות זענען געפאַלן אַזוי ווי האָגל. ער האָט געזידלט דעם טויטן לושין, דעם בראָדיאַגע בוסליי וואָס

האָט אויסגעזוכט אַזאַ וויסט דאָרף, דעם פאַלקאָווניק וואָס האָט אים צוגעטיילט צו לושינס איינהייט, ראָסטינעך און כיטראָוון. ער האָט אַפילו זיך ניט געזשאַלעוועט. און אַז ער האָט זיך באַרויקט איז ער גלייך מילד געוואָרן און אָנגעהויבן צו שמייכלען.

בורגין איז געשטאַנען אַ שווייגנדיקער.

דער סריס בוריאַן איז נאָענט צוגעגאַנגען צו ראָסטינען און געזאָגט:

— דו ווילסט אַז מיר זאָלן אַוועקגיין פון דאַנען, אויפזוכן אונדזער ריקע, שלעפן זיך איבער די זומפן? דו ווילסט דאָס? גוט. ביסט פריי. גיי. שלעפּ אָבער אונדז ניט אין די זומפן אַריין. ניטאָ קיין צוריק! פאַרשטאַנען! אַלע וועלן אונדז דערשיסן: די דייטשן — ווייל מיר זענען אין זייער הינטערלאַנד. די אייגענע — ווייל מיר זענען דעזערטירן. זיי וועלן זיין גערעכט, די אייגענע. וועסטו דען קענען אויפווייזן אַז מיר האָבן ניט דעזערטירט?

בוריאַן האָט זיך אויסגעדרייט מיטן רוקן צו די מענטשן. ער האָט געקוקט צו די פאַרגליווערטע טונקעלע נעפּלען.

— קלויבט אויס: ווילט איר זיך לאָזן איבער די זומפן און דאָרט אומקומען פון אַ דייטשישער קויל, פון אייגענע ווי פאַררעטער, אָדער — איר ווילט דאָ איבערוואַרטן אין דעם דאָרף?

בוסלייס געגרונצלט פּנים איז מיט איין מאָל פאַרשאָטנט געוואָרן. ער האָט גערעדט מיט ציטערנדיקע ליפּן, מיט די הענט, פאַרהאַקט זיך, געזוכט אַן אָנשפּאַר פאַר זיין וואַקלדיקן גוף.

— אָט דאָס איז עס. אַ שטיל דאָרף. אַרום וועלדער. דאָס זענען ניט קיין זומפּן פאַרדאָרבענע. דאָס זענען טייכן וואָס האָבן ניט קיין אָפּפלוס. נאָר קאַנאַוועס מאַכן. אַזויפיל פיש. אַזאַ ערד אַ שוואַרצע. די וועלט איז שוין אונטערגעגאַנגען... אויב עס איז נאָך עפּעס געבליבן דאָרט וועט עס אויסגעגליכן ווערן מיט דער ערד... צוריקגיין? וווהין? גייט דען אַ חיה צוריק אין איר אָרט וואָס איז פאַרברענט געוואָרן? ווילט איר אַריין אין דעם פייער וואָס האָט זיך נאָך ניט פאַרלאָשן? אַזוי ווי די נאַרישע צויג וואָס לויפט אַריין אין ברענענדיקן שייער... אַזוי ווי די

אָקסן וואָס ווילן ניט אַרויס פון ברענענדיקע שטאַלן... פאַרוואָס ווילן זיי ניט אַרויס פון דאָרט? דערפאַר ווייל זיי זענען געבוירן אין די שטעלער. עך, די מלחמה! בוסליי איז מיד. מיד פון לויפן איבער דער פאַרוויסטער וועלט. דאָ קען מען בויען אַ היים. אַלץ איז אונדזערס... וויפל עס פאַר־כאַפּט דאָס אויג... אָטאָ דאָס איז עס, דאָס שטילע דאָרף... אַרום וועלדער...

דער גאַנצער צער פון היימלאָזיקייט, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמלט אין בוסלייס נשמה האָט איצט אַרויסגעוויינט פון אים.

עס איז שטיל געוואָרן.

דאָס קליינע פויערל כיטראָוו, איז נאָענט צוגעגאַנגען צו בוסליי און געפּאַטשט מיט די האַנטפּלאַכן.

— כע־כע־כע... בוסליי איז קלוג... גערעכט איז בוסליי... מאַמעלע הימלישע, באַשיצערין דו... עס גייט דער ווינטער —

— מען האָט שוין דאָס געהערט — האָט אים פראָן אָגלאָבלין אַ צי־געטאָן פאַרן אַקסל.

וואָלאָכאָוו איז טרויעריק. זיין ברוסטיקע שטים האָט זיך עטלעכע מאָל איינגעשניטן און גלייך איבערגעריסן געוואָרן.

כאָכלאָוו קאָכט זיך און וואַרפט דערביי בליקן צום געשטופּלטן פּאָפּ.

בורגין שווייגט. די הויכע פּלייצע, די געבויגענע, וואַרפט אַ שאָטן אויף דער וואַנט און אין דעם שאָטן שטייט דער צעטומלטער סטיאָפּא און דער פאַרשלאָפענער שומילאָ. בורגין כאַפּט־אויף יעדן צוק פון די פּנימער, ער קוקט נאָך יעדנס באַוועגונג. זיינע גרויסע יידישע אויגן זענען אָנגעהאַנגען אויף די ליפּן פון די מענטשן. באַזונדערס פאָלגט ער נאָך די באַוועגונגען פון געשטופּלטן פּאָפּ. ער קען זיך ניט באַפרייען פון דאָזיקן פאַרבאָרגענעם פּנים. וואָס טראַכט ער, דער אומהיימלעכער, טעמפּער מענטש מיט דעם מומיע־פּרצוף? וואָס וויל ער? פאַרוואָס די באַצווינגערישקייט פון זיינע אויגן? פאַרוואָס ווערט בורגין אַזוי רויק ווען ער דערזעט אויף דזשיגיטאָס פּנים אַ מילדן שמייכל?

נאָך בוסלייס רייד האָט דער געשטופּלטער אויפגעלויכטן.

אין דער דאָזיקער רגע, ווען דזשיגיטאַ האָט מילד צוגעשאָקלט דעם קאָפּ צו די רייד פון בוסליי, איז בורגין געפאַנגען געוואָרן פון דער דאָזיקער מילדקייט. ער האָט אָנגעהויבן ריידן. זיינע רייד זענען געווען קלאָרע, דרייסטע.

— וווּהין ווילט איר גיין ? אין אַ וועלט וואָס זינקט אין בלוט ? —

ער האָט זיך איינגעקוקט אין געשטופּלטן פּאָפּס פּנים און פאָרגעזעצט — ניט קיין דעזערטערן און ניט קיין פּחדנים זענען מיר. מיט אונדזער אַרבעט וועלן מיר דאָס באַווייזן ! מיר וועלן דאָס דאָרף פאַרוואַנדלען אין אַ וווּנדער־דאָרף ! בוסליי איז גערעכט. זעט די שיינקייט פון די וועלדער און אָזערעס. מיר וועלן פון דאָרט פאַרטרייבן די נעפּלען די פינצטערע, און אַז מען וועט אַמאָל קומען קיין גלושינאָ — וועט מען אונדז באַוווּנדערן. פרילינג וועלן מיר אַרויסשיקן מענטשן אויפצוזוכן אייגענע. איצט דאַרפן מיר זיך גרייטן דאָ צו ווינטערן.

ער האָט ווידער געזוכט דעם געשטופּלטנס פּרצוף. ווו איז ער דער דזשיגיטאַ ? וואָס זאָגן איצט זיינע אויגן ?

בורגין איז געבליבן שטיל.

דעם אָוונט איז ער געלעגן אויף זיין אויוון אַ טרויעריקער און זיך פּיינט באַקומען. עס האָט אים ווי געטאָן די אָפּהענטיקייט, די גע־פאַלנקייט זיינע. ער האָט די פּיינטשאַפט געוואָלט פאַרטרייבן. דעם פּאָל־קאָווניקס געליבטע האָט געהאַט הויכע פּיס און אַ גרויסן וויגנדיקן בוזעם. בעתן רעדן זענען אירע ברוסטן אומרויק געוואָרן און געהוידעט זיך. זי האָט זיי צוגעהאַלטן מיט ביידע הענט... עך, איז דאָס געווען אַ באַביאָנקע...

ער איז אומגליקלעך, דער בורגין. וואָס צאַפּלט ער זיך אין דעם נאַרישן שפּינוועבס פון מיאוסן דזשיגיטאַ ?

אין די נעכט האָט ער געהאַט משונהדיקע חלומות :

אַ ריזיקער מאַרק, איבערגעפּולט פון אַ לוסטיקן המון. פערד־הירזשעריי. געלעכטער. פּויקן־געקלאַפּ. אַ רייטער רייט אויף אַ שוואַרצן פערד. נאָך אים לויפט נאָך אַ פערד אָן אַ רייטער. דאָרט ליגט אַ פאַרבונ־דענער מענטש, איינגעהילט אין ראָגזשעס. דאָס פערד־געשפּאַן איז

באַזעצט מיט גלעקלעך. זיי קלינגען אַזוי פרײדיק ווי דאָס ניקל־געלט וואָס פאַלט אויפן ברוק. און מיט אַ מאָל רייסט עמעצער אַראָפּ די פינצטע־רע טיכער פון דעם איינגעהילטן מענטש און עס אַנטפּלעקט זיך אַ פּאַיאַץ; אַ געל מיצל מיט אַ הויכן שפּיץ, רויט־געפאַרבטע באַקן. דער האַלדז — באַהאָנגען מיט גלעקלעך. אַ בונטער ראָק מיט אַן עק פון אַ טייוול. איין הויז איז גרין און דער צווייטער שוואַרץ. דער שוואַרצער רייטער פּאָכעט איבער אים מיט אַ שפּיצרוט. גלעקל־געקלאַנג האָגלט איבער אים. קוויטשיקע פרויען־געלעכטער. שיכורע פויערים קאָרטשן זיך ווי אין בויך־קראַמפּן. זיי פּאַטשן אין די שטיוול־כאַליאַוועס. פּאַרסקען מיט די ליפּן. דער פּאַיאַץ שטייט אַ פּאַרלאָרענער. יעדע באַוועגונג זיינע רופט אַרויס אַ שטורעם פון פרייד ביים המון.

— — — בורגין גליווערט אין אָנמאַכט. ער וויל אויך מיטלאַכן מיטן לוסטיקן מאַרק־המון און קען ניט. מיט די לעצטע כוחות שלאָגט ער זיך דורך אַ וועג צום פּאַיאַץ. דאָס גלעקל־געקלאַנג לעכערט זיין גוף. ער ווערט ווי אַ פישער־נעץ אין ווינט. נאָך אַ פּאָר טריט. אָט איז ער שוין ביים אומגליקלעכן. און מיט אַ מאָל ציטערט ער אויף. אָ, גאָט, דאָס איז דאָך ער אַליין, בורגין!

— ווער ביסטו, לץ? ווי איז דיין נאָמען? דאָס איז דאָך מיין פּנים, מיינע אויגן, מיין טרויער! איך דערקען דאָס! ווער ביסטו, פּאַיאַץ, לץ?

אַן אויסטערלישע שטילקייט. אין דער דאָזיקער שטילקייט הערט בורגין ווי דער לץ רעדט מיט זיין קול:

— איך בין דו!

— ווער האָט דיר די שפּאָט־קליידער אָנגעטאָן? רייס זיי פון זיך אַראָפּ, דו, אומגליקלעכער!

— איך קען דיך ניט פאַלגן.

— דו קענסט! דו ווילסט ניט. דו ווילסט פון מיר חוזק, דו, געפאַלענער!

— איך בין אין די הענט פון דעם רייטער דעם שוואַרצן. דער רייטער איז אַ קנעכט ביים האַר.

— ווער איז דער האַר?

— דער המון דער לוסטיקער...

ווידער ברעקלט זיך אַ דונער. ער ברעכט אויס און כוואַליעט זיך און וויגט זיך. דאָס איז ס׳שפּאָטישע געלעכטער פון פאַרביקן מאַרק־המון. בורגין לויפט. ער טראָגט זיך איבערן מאַרק. ער פאַלט, הייבט זיך אויף און לויפט ווידער. „איך בין דו" — קלינגען אין זיינע אויערן די זילבער־גלעקלעך פון ליך. „איך בין דו" — — —

אַן אַנדער מאָל האָט זיך אים געחלומט, אַז ער איז אין אַן אַלטער שטיינערנער געביידע. עס איז פינצטער. אויף מירמל־טרעפּ קלאַפּן טריט. דאָס גייט דער הערשער מיט זיין סוויטע. די געוועלבטע שטיינער ווערן מיט אַ מאָל פאַרגאָסן פון ליכט, שטורקאַץ לעבן שטורקאַץ. דאָס איז דער סולטאַן! אויף זיין קאָפּ זיצט אַ קרוין מיט רויטע, ברענענדיקע בלוט־דימענטן. בורגין וויל אַנטלויפן. ער לויפט אין דער פינצטערניש אַריין נאָר יעדעס מאָל שפּרינגט אים אַנטקעגן אַ פייער־זייל. ער איז שוין אין אַ פייער־קרייז. דער שוואַרצער מירמל ברענט! די פייער־קעפּ שפּיגלען זיך אין שוואַרצע שפּיגלען! די פייערן דערנענטערן זיך וואָס אַמאָל נענטער און נענטער. ער פילט שוין די היץ פון די פלאַמען. שטורקאַץ מיט שטורקאַץ גיסט זיך צונויף. איין פייערינג. און מיט אַ מאָל: דער רינג עפנט זיך. אין אָפענעם רינג שטייט דער סולטאַן. רויטע טראָפּנס טריפן פון זיין קרוין. איז דאָס בלוט אָדער וויין?

— וויין! וויין! רויטער וויין! — רופט בורגין. — רויטע פרייד! רויטער וויין!

— זינג דאָס ליד פון רויטן פרייד, דאָ, אויף דעם דיל דעם שוואַרץ־מירמלנעם!

און בורגין זינגט. די פייערזיילן לעשן זיך. עס ווערט פינצטער. דער רויטער סולטאַן איז שוין אַוועק און ער זינגט נאָך אַלץ — — —

פאַרטאָג איז ער געלעגן אַ צונויפגעקנאָדערטער אין דער פויערי־שער כאַטע. עס קלעמט אים אין דער ברוסט. עס דרוקט אים אין האַלדז. זענען דאָס טרערן?

אַ האַלבן טאָג איז ער אַרומגעגאַנגען ביי די גרעבליעס. אַוועק מיט דעם ברעג פון די זומפּן. און אַז זיין פּנים איז געווענדט געווען צו די וועלדער די נעפּלדיקע, צו דעם גרינלעך־זילבערנעם שימער פון די וואַסערן האָט אַ טרויער אים אָנגענומען ביי די שלייפן. אַרומגעפּרעסט זיין שאַרבן ווי מיט אַ רייף. דאָס זענען טרערן וואָס האָבן איבערגעפּולט זיינע אויגן. ער וויינט. דו, נאַרישער, אָפּשפּאָטערישער בורגין! דער פּרעמדער צווישן די פּרעמדע מיט די טיף־טרויעריקע אויגן, מיט די שפּירעווודיקע דיקלעכע ליפּן און גרויסער נאָז וואָס פּילט אָפּ דעם ריח פון צוויט און די ריחות פון די טוכלע זומפּ־וואַסערן שטאַרקער ווי ווער עס איז פון די דאָזיקע מענטשן. ער שפּירט אויף די פינגער־שפּיצן דעם געציטער פון די בלאָלעכע הימלען, זיין אויער באַנעמט דאָס שטילע קלאַפּן פון סאָלדאַטישע הערצער. ער פלאַטערט מיט דעם וויגנדיקן שאָטן פון פייגל אויף די וואַסערן און זיין אויג איז אָפן פאַר שיינקייט.

בורגין איז געגליכן צו דעם פלאַנץ וואָס האָט אין זיינע פרוכטן אַן איידעלן בורשטין־קאָליריקן קערן, נאָר דער קערן איז פאַרשלאָסן אין אַ שאָל פון שטעכערס, שאַרפע ווי די קרומע נעגל פון פייגל. אין האַרבסט ווערט אַזאַ אויסגעטריקנטער פלאַנץ אַרויסגעפליקט פון דער ערד און דער ווינט שלידערט אים איבער די פעלדער. קיינער וועט ניט וואַגן אויפצופיקן דעם בורשטינענעם קערן. זיי וועלן זיך ניט טרויען אָנצורירן די שאַרפע שטעכשפּיצן, וועלכע ווערן אין האַרבסט נאָך שאַרפער און דאַרנדיקער. נאָר ערשט דעמאָלט ווען עס קומט דער טרויעריקער האַרבסט מיט די שטורעמס און רעגנס, ווען די ערד ווערט צעווייקט און עפנט איר טראַכט — פאַלט די זריעה אַרויס פון דער שאָל און די ערד נעמט איר אַריין אין זיך כדי פרילינג זאָל דאָ אַ נייע פלאַנץ אַרויסשפּראָצן.

אָט דער שטעכיקער פאַנצער; שפּאָט, הכנעה, שאַרפצינגלדיקע רייד — דאָס האָט פאַרפאַנצערט בורגינען אַ לעבן־לאַנג. נאָר אין שטילע איינזאַמע רגעס איז בורגין געוואָרן דאָס וואָס ער האָט געדאַרפט זיין: אַ ליידנדיקער מענטש מיט אַ וואַרעם האַרץ.

בוריאַן האָט צונויפגעזאַמלט דאָס געווער, די קוילן, אַפילו די

קינזשאַלן, ער האָט דאָס צונויפגענומען אין דער כאַטע ווו עס איז איינ־געשטאַנען דזשיגיטאַ. דער היטער איבער דעם איז געוואָרן דער געווע־זענער אָנטרייבער פּראָן אָגלאָבלין.

בודנאָוו האָט געהפקרט אין דאָרף. קיינער איז ניט געווען אַזוי־שיכור ווי ער. דאָס האָט אים אַרמודאַן אָנגעטרונקען. ער איז אָבער אין דער שיכרות געווען מילד. געקלאַפּט זיך אין דער ברוסט און געלאַכט מיט אַזאַ קוויטשיק געלעכטערל וואָס האָט זיך גאָרנישט געפּאַסט צו דעם אומגעלומפּערטן געשטעל זיינעם. איין מאָל איז ער אַריינגעפּאַלן אין ווילדקייט און אין איינע פון די נעכט פאַרגוואַלטיקט אַ פישער־ווייב, בעת דער מאַן איז געווען אויפן טייך, און דערנאָך האָט בודנאָוו אונטערגעצונדן די כאַטע. מען האָט קוים באַוויזן צו פאַרלעשן די שׂריפה.

ראָסטין האָט אין איינע פון די נעכט אָפּגעבונדן אַ פישער־לאָדקע און אַוועקגעלאָזט זיך צו דעם וואַלד־ראַנד.

צומאָרגנס, אַז בוריאַן האָט זיך דערוווּסט דערפון איז זיין פּנים געל געוואָרן. געדוכט האָט זיך אַז דער טויטער וואַקס פון זיין צורה וועט צעשמאָלצן ווערן פון דעם פייער וואָס פלאַקערט אין אים.

דזשיגיטאַ איז אַ גאַנצן טאָג אַרומגעגאַנגען מיט בוסליי ביי דער שטיינערנער געביידע. זיי זענען עטלעכע מאָל אַרויף אויפן טורעם, איינ־געקוקט זיך אין דער ווייט. טשומאַק האָט געעפנט פאַר זיי דעם שפּייכלער פון זאַלץ. זיי האָבן געקוקט אויף דער קרישטאָלענער זאַלץ־קאַשע און געשוויגן.

די געביידע איז געבויט פון אַ טונקעלן שטיין. די שפּאַלטן זענען אויסגעפּילט מיט קליינע שטיינשפּליטער. נידעריקע, געוועלבטע ווענט ווי די בויגנס אָנגעצויגענע. קליינע עפענונגען אָנשטאָט פענצטער. אַ געפלאָסטערטער הויף, אַן אָפּגעשלאָסענער. אין די שפּאַלטן האָבן גע־שפּראָצט גראָזן — ברוינע ריטלעך, אויסגעטריקנטע. אַרום האָט זיך געוויקלט אַ קאַנאַווע אַן איבערגעפּולטע מיט געדיכטע זומפּ־וואַסערן. ברוינלעכע. אויף טייל ערטער האָבן זיך אָנגעזען נאַקעטע שטיקער טאָרף־ערד.

ביי טשומאַקן אין שטוב האָבן זיי זיך דערוווּסט, אַז קאַבאַיעוו האָט צעשלאָגן אַ גלושינער פּויער. בודנאָוו האָט געוואָרפן אַן אויג אויף גאַלינאַן. אַרמודאַן איז בייז. ער וועט ניט שווייגן. עס פאַרנעמט זיך אויף אַ גרויס געשלעג. היינט־מאָרגן וועט דאָס געשלעג אויסברעכן.

די פּויערים זענען אָרעם. עס איז האַרבסט. די גערעטעניש איז געווען אַ שלעכטע און זיי קענען ניט באַשפּייזן די פרעמדע מענטשן.

דאָס קליינע פּויערל נישטערט אַרום איבער אַלע כאַטעס ער ווייס שוין וואָס עס געפינט זיך אין די שטעלער און וואָס אין די אַמבאַרן.

בוסליי איז אומרויק. ער האָט וואָס צו זאָגן, ער ווייס ווי אַזוי מען וואָלט געקענט רויק לעבן אין דאָרף און ניט דאַרפן אָנקומען צו די פּויערים. וועט מען דען אים הערן?

בורגינען גייט דאָס אַלץ ניט אָן. אַ גלייכגילט איז אים באַפאַלן. ער וואָלט געלעגן אַ גאַנצן טאָג אין דער פּויערישער כאַטע, איבערגע־דעקט מיט דער שעפּסענער פּעל און געשוויגן. בוסלייס אומרו שטעקט אים אָבער אָן. ער דערקענט דאָס אין די פאַלבן פון בוסלייס געדרונצלטן שטערן, ער פילט דאָס אין דעם געלן אָפּשיין פון זיין צוקנדיקער הויט. ער וואָלט איצט אַוועק צו די מענטשן פון דער גרופּע און גערעדט צו זיי. ער וואָלט זיי איבערגעצייגט. בורגין לייענט פרעמדע חלומות פון די פּנימער אַראָפּ. דאָס איז זיין כוח. ער קען אויפכאַפּן דאָס וואָס ליגט טיף אין יענעם און עס אַריבערטראָגן צו די דאָזיקע טומלדיקע מענטשן. ער איז עס די בין וואָס טראָגט דעם זריעה־שטויב פון פלאַנץ צו פלאַנץ. ער באַהעפט עס חלום מיט וואָר.

ער איז אַראָפּ פון געלעגער. דאָס וועגל איז בלאָטיק. בורגין מיידט אויס די הייזער. פון דאָרט טראָגן זיך בייזע קולות, שיכורע געזאַנגען און געוויינען פון קינדער. צו טשומאַקס הויז איז ניט ווייט. דאָרט געפינט זיך דזשיגיטאַ — דער געשטופּלטער פּאָפּ. דאָרטן מוז זיין איצט פאַר־זאַמלט דאָס רוב מענטשן.

בורגינען איז גוט געוואָרן אין דער דאָזיקער אָוונטיקער שעה. עס איז אים גוט געוואָרן ווייל ער האָט געפילט אַז עפּעס וועט געשען אין

דער היינטיקער נאַכט. דאָס וועט זיין אַזאַ געשעניש אין וועלכער ער וועט נעמען אַ וויכטיקן אָנטייל.

אַרום דעם גרויסן נאַקעטן טיש זענען געזעסן די מענטשן פון לושינס איינהייט. דער סאַמאָוואַר פּאַרעט. די בעלקעס פון די ווענט גלאַנצן פון פּאַרע. אַלעמענס פּנימער זענען פאַרשוויצט, דערהיצט. די איקאָנע איז באַזעצט מיט פּאַרע־טראָפּנס. אין כאַטע איז טומלדיק. ביים פּאָמאָיע־ציבער, אויף די קני שטייט סטיאָפּאַ און מיט אַ גרויסן מעסער שניידט ער פון אַ סאָסנע־קלעצל דינע שפּענער. שומילאָ צינדט די לאַנגע שפּענער און אַ פלאַם באַלייכט אַ שטיק כאַטע. רויטער קויל וואָס ווערט גלייך שוואַרץ פאַלט פון אויסגעברענטן שפּענדל אין ציבער אַריין.

אויבן־אָן, אויפן איקאָנע־ברעטל הענגט אַ קאַנעצל. די שאָטנס פון די מענטשן וויגן זיך אויף די קלעצער, ווערן איינגעשרומפּן און מיט אַ מאָל שפּרינגען זיי אויף ס׳ניי אויף. אַז שומילאָ האָט אָנגעצונדן אַ ניי קין־שפּענדל האָט מען דערזען די צעשויבערטע קעפּ, פאַרוואַקסענע הענט מיט פאַרקראַמפּטע פינגער און אַ נידעריקן פּאַרע־גואָלקן וואָס איז איבער אַלעמען געהאָנגען.

עס האָט אויסגעזען ווי די כאַטע וואָלט ניט געהאַט קיין סופיט און ניט קיין פּאָדלאָגע. נאָר אַ נאַקעטער טיש מיט קעפּ און רוקנס פאַרטונקלטע, מיט הענט גרויסע וואָס שווימען ערגעץ אַרום צווישן וואָלקנס און הימלען.

דער אומרויקסטער פון אַלע איז געווען בוסליי.

ער זעט אַלץ פאַר זיך אַזוי קלאָר: פיש־אָזערעס. וועלדער. אַ רויק דאָרף. און אַרום דעם דאָרף — אַ וואָלפישע וועלט: וואָקזאַלן פאַרשנייטע, געפייף פון שוואַרצע לאָקאָמאָטיוון.

— פאַרוואָס לאָזט איר מיך ניט ריידן? אָטאָ דאָ. אין דער געבייטע דער שטיינערנער... נעצן וואָס זילבערן זיך פון פיש... לאָזט, האַרצינקע אַ וואָרט זאָגן... לאָזט, ברידערלעך...

כאָכלאָוו לאַכט. דער האַרטער געטעסעטער קאָפּ וויגט זיך: אַ געמיש פון קלוגשאַפט פויערישער און כיטרעקייט.

אָגלאָבלין איז טויט־ערנסט. ער קוקט די גאַנצע צייט אויף בוריאַנען.

און בוריאַן אַליין: אַ שטיק גלאָז ווו ס׳שפּיגלען זיך פייערלעך. אַליין איז ער קאַלט און גליטשיק.

בודנאָוו זיצט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. נאָר זיינע וואָנצעס זענען אָנגעשפּיצט ווי ער וואָלט מיט די וואָנצעס געהערט.

וואָלאָכאָוו היצט זיך. ער איז בייז. זיין כעס איז געווענדט צו בודנאָוון.

— גענוג מיט באַביאָנקעס. דו, אומפאַרשעמטער. דו פרעסט זייער ברויט און אַזוי צאָלסטו אָפּ... ווען דו פאַלסט מיר נעכטן אין די הענט אַריין וואָלסטו איצט דאָ ניט געזעסן...

כאָכלאָוו לאַכט שוין ניט. ער האָט אויפגעהערט צו וויגן דעם קאָפּ. די כיטרעקייט פאַרשווינדט. זיין בליק דריקט אויס פּחד און שׂינאה.

דאָס קליינע פויערל שטשירעט מיט די אַרויסגעזעצטע ציין. ער פּלאָנטערט זיך צווישן סטיאָפּאַן און שומילאָן. דערנאָך שאַרט ער זיך אַרויף אויבן־אָן און פאַרריכט דאָס קאַנעצל ביי דער איקאָנע.

אומגעריכט פאַר אַלעמען איז בודנאָוו אויפגעשפּרונגען.

— טשעהאָ? וואָס לאָפּעסטו מיט די אויגן און שאַרפסט דיין צונג אָן מיר?

איין שפּיץ וואָנסע האָט זיך אים אַראָפּגעלאָזט.

וואָלאָכאָוו האָט זיך פּאַמעלעך אויפגעשטעלט. דער שאָטן זיינער איז גרויס געוואָרן אַזש ער ברעכט זיך איין אין דער העלפט. אַ שטיק סופיט איז באַדעקט מיט וואָלאָכאָווס אַקסל און קאָפּ.

— מען וועט שטאַרבן פון הונגער, און דאָ, באַדיר גאָר אַ מעשׂה מיט אַ נאַרישער באַבע וואָס האָט פון חלום געשריען... מער האָסטו ניט וואָס צו זאָרגן, דו פּחדן איינער!

דער טיש האָט זיך אַ רוק געטאָן. הענט זענען אויפגעשפּרונגען. עטלעכע קין־שפּענער האָבן אויפגעפלאַקערט.

קאָבאַיעוו האָט אַ הייב־געטאָן דעם סאַמאָוואַר וואָס איז געשטאַנען

אין מיטן טיש און אַ הויפן זשאַר איז געבליבן ליגן אויפן טיש. עמעצער האָט אַרויסגעלאָזט אַ געשריי.

די טיר האָט זיך האַסטיק געעפנט. עס איז אַריין בורגין. מיט אַ מאָל איז שטיל געוואָרן. אַן אומגעריכטע שטילקייט.

דאָס קליינע פויערל האָט מיט די הענט צונויפגעשאַרט דעם גליענדיקן קויל און צוריק אַריינגעוואָרפן אין דעם סאַמאָוואַר־קוימען. אויפן טיש זענען געבליבן אויסגעברענטע ברוינע און שאַרצע לעכער. ווידער איז אויפגעשפּרונגען אַ ליכטיקער פלאַם. שומילאָ איז אַ מומחה אויף אָנצוהאַלטן די ליכטיקייט מיט די קין־שפּענער.

פון אַ ווינקל אַרויס איז אָנגעקומען דזשיגיטאַ. ער איז געזעסן די גאַנצע צייט אין אַ זייטן־חדר.

אין זיין גאַנג: מידקייט, גלייכגילט און עקשנות. דער געשטופּלטער האָט זיך פאַרהאַלטן אַ רגע ביי שומילאָן און אָנגעצונדן אין קין־פלעמל זיין שוואַרצע ליולקע.

אין דער אָפענער טיר איז נאָך אַלץ געשטאַנען בורגין. דער פאַרע־וואָלקן האָט אים אַרומגענומען ער האָט צעקנעפּלט דעם שינעל און פאַרהאַקט די טיר.

בוריאַן האָט אַרויסגענומען דעם נאַגאַן און זיך געשפּילט מיט דעם צינגל. דאָס איז דער איינציקער רעוואָלווער וואָס איז געבליבן אין זיין רשות. ער רוקט דעם שלאָס, רייניקט דעם שטאָל. עס זעט אויס ווי ער וואָלט דאָס געטאָן פון לאַנגווייל.

דזשיגיטאַ איז צוגעקומען האַרט צום טיש. ער שטייט לעבן בוריאַנס רוקן. דער סריס איז מיטאַמאָל געוואָרן ערנסט. דער געשטופּל־טער רעדט שטיל:

— די איינהייט בלייבט איינהייט. איר זענט אַלע סאָלדאַטן! און דו, וואָלאָכאָוו היץ זיך ניט. לאָז עס איבער פאַר מיר. בודנאָוו איז אַ גוטער יונג. איז וואָס אַז ער האָט אַ גלעט געטאָן אַ באַביאָנקע?

עמעצער האָט אָנגעהויבן צו לאַכן. דזשיגיטאַ האָט אויסגענוצט די הייטערקייט און פאַרגעזעצט.

— מען מוז זיך נעמען צו דער אַרבעט. מען דאַרף די שטיינערנע

געביידע איבעראַרבעטן, אַז מיר זאָלן קענען דאָרט וווינען, ניט אין די כאַטעס. דאָס דאָרף וועט צושטעלן אַלץ וואָס מען וועט דאַרפן. כ׳האָב שוין גערעדט מיטן דאָרף־עלטסטן.

בוסליי איז אויפגעשפּרונגען.

— דו פאַרשטייסט אַלץ אַזוי ריכטיק. דו דזשיגיטאָוו...

עס איז ווידער געוואָרן שטיל, אַזוי שטיל אַז מען האָט געהערט ווי עס קנאַקט דער קין.

בורגין האָט צוערשט אָנגעהויבן ריידן פּאַמעלעך, וואָרט ביי וואָרט, דערנאָך איז ער צוגעגאַנגען צום טיש און אויפגעהויבן דאָס קול:

— דאָס וועט זיין אַ גרויסער טאָג, ווען מיר וועלן אָנהייבן אויפצו־ריכטן די שטיינערנע געביידע, אַטאָ די אַלטע, די פאַרלאָזענע. מיר וועלן דאָ איינפירן אונדזערע געזעצן, גערעכטע, יושרדיקע. מיר וועלן אויס־לערנען די מענטשן פון גלושינאָ לעבן. מיר וועלן פאַרטרייבן די פינצ־טערניש, דעם אומעט, די שיכרות. דאָס זענען דאָך מענטשן פון אונדזער שטאַם. יעדער פון אונדז וועט זיין אַ ביישפּיל פאַר זיי. מיט אַרבעט, מיט גוטסקייט. זיי גלויבן אונדז ניט, באַטראַכטן אונדז פאַר פרעמדע, פאַר לײדיקגייער. זיי וועלן אָבער זען אַז דאָס איז ניט ריכטיק. און אַז עס וועט קומען אַ טאָג ווען מיר וועלן אַוועק פון דאַנען — וועט אָבער דאָ בלייבן אַן אויפגעריכט דאָרף און אין מיטן פון דאָרף — דער טורעם. דאָס וועט זיין דער דענקמאָל נאָך די וואַנדערטעג ווען מיר זענען דאָ געווען. מען וועט דערציילן די קומענדיקע דורות וועגן די סאָלדאַטן פאַרטריבענע און פאַרמאַטערטע. וועלן מיר דאָס ניט טאָן, נאָר ליגן אויף די אויוונס, אַרויסרייסן פון די האַלב־הונגעריקע מיילער די קאַרגע ביסנס, וועלן מיר זיך פאַרוואַנדלען אין מאַראָדערן, אין דעזערטירן, אין אַ הפקר־באַנדע וואָס סוף כל־סוף וועט איינער דערוואַרגן דעם צווייטן.

בורגין האָט זיך אַרומגעקוקט, געזען די ערנסטע פּנימער, געזען ווי זייערע הענט באַוועגן זיך אַזוי רויק און זיכער ווי די פליגל פון שוועבנדיקע פייגל. און עס איז אים גוט געוואָרן. דאָס איז געווען די גוטסקייט פון אַ מענטש וואָס עפנט אויף לאָדנס פון אַ פענצטער נאָך אַ שטורעמדיקער נאַכט און זעט פאַר זיך אַ פאַרוויגטע פרימאָרגן־וויִיט.

— מען דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז דער ערשטער וואָס האָט דאָס געמאָנט פון אונדז איז געווען דזשיגיטאָוו. ער האָט אונדז אָנגעוויזן דעם וועג...

בורגין איז שטיל געוואָרן.

דער סריס שמייכלט.

דאָס איז זיין ערשטער שמייכל. דאָס העסלעך־פאַרקרימטע פּנים. דאָס גליטשיקע איז צעשוווּמען געוואָרן אין די פאַרע־וואָלקנס.

בוסליי האָט געוואָלט אַלעמען אַרומנעמען. ער איז גרייט געווען צו וואַרפן זיך בורגינען אויפן האַלדז.

— זונעלע, זאָג פון וואַנען נעמסטו די רייד די גאָלדענע, די האַרציקע? ווי אַזוי שטעלסטו זיי צונויף? עד, דו, טיף־אויגיקער, ווי דו קענסט דאָס נשמהלע צענעמען, ווי דו קענסט אַריינדרינגען אין די הערצער די טרויעריקע...

ביים איווּון, אונטער אַ טונקעלער פאָרהאַנג, איז געזעסן די רויט־פּנימדיקע מויד, די סאַניטאַרין מאַשאַ צוזאַמען מיט דער שיינער גאַלינאַ.

בורגין האָט דערזען ווי פון פאָרהאַנג־פאַלב קוקן אויף אים וואַרעמע אויגן.

ער איז אומרויִק געוואָרן פון דאָזיקן אומגעריכטן בליק און האָט אַוועקגעבויגן דעם קאָפּ, געקוקט צו דער איקאָנע און געזען ווי דאָרטן טאַנצן אַרום די קין־פלעמלעך און עס צאַפּלט מיט דאָס פייער־צינגל פון איקאָנע־קאַנעצל.

די מענטשן זענען אַוועק פון דער כאַטע באַרויִקטע.

בורגין איז געגאַנגען אַליין. אַלץ איז אים מיט איין מאָל פרעמד געוואָרן. דאָרט, ביים טיש, האָבן זיינע רייד אויפגערודערט, באַצוווּנגען, און דאָ, אין דער נאַכט צווישן די פאַרטונקלטע מענטשן איז ער ווידער אַליין מיט זיין טרויער. אַ פאַרבלאָנקעטער, אַ פרעמדער.

שאָטנס פּלאָנטערן זיך ביי זיינע פיס. פויערים גייען הינטער זיין רוקן. פאַר אים — זומפּן, וועלדער, אַרום אים — נאַכט. ער האָט פאַר־האַלטן די טריט. די שאָטנס זענען נענטער געוואָרן.

— דאָס ביסטו, מאַשאַ?

ער האָט אָנגעהויבן צו לאַכן.

— גאַלינאַ?

ווי גוט עס איז צו גיין אין דער פינצטער און פילן די צוויי פרויען ביי דער זייט. ער האָט זיי אָנגענומען פאַר די הענט. מאַשאַ לאַכט הייזעריק. גאַלינאַ שווייגט. זי איז ווי אַ הירשין אַ געפאַנגענע, אַ ציטערנדיקע. זי גייט ווי ס׳וואָלטן געלעגן שטרויכל־שטיינער. ער דריקט איר האַנט. אַ וואַרעמקייט צעגייט זיך איבער זיין גוף. עך, דו בורגין, דו קענסט זיך אַליין ניט. איצט שפירט ער אַ וואַכיקייט אין אַלע גלידער. ער האָט אָנגעהויבן צו ריידן. זיינע רייד האָבן זיך געטראָגן אַזוי ווי די זאַרגלאָזע שוואַלבן איבער דער שפיגל־פלאַך פון אַן אָזערע.

די פויערים פון גלושינאָ האָבן געהאָלפן איבערבויען דעם שטיינערנעם טורעם. כמעט אַלע מענער זענען אַרויס צו דער אַרבעט. מען האָט געשטעלט גרויסע אויוונס, אויסגעלייגט פּאָדלאָגעס, געמאַכט טירן און פענצטער. מיט דער אַרבעט האָט אָנגעפירט דער שמידער טשומאַק. דער דאָרף־עלטסטער טשאַגאַן האָט אויף פערד געפירט אַלץ וואָס עס איז נאָר נויטיק געווען צו דער שטיינערנער געביידע; קלעצער, ברעטער צעזעגענע, קאַלך.

אין די גרויסע חדרים איז ליכטיק געוואָרן. מען האָט פאַרגרייט געהילץ צו הייצן די אויוונס און עס געזאַמלט אין הויף. שומילאָ, סטיאָפּאַ און אָגלאָבלין האָבן צעהאַקט דאָס האָלץ צום הייצן. בוריאַן איז גאַנצע טעג געווען אין דאָרף און האָט זיך אַרומגעדרייט צווישן די כאַטעס. בוסליי האָט געהאָרעוועט פון פינצטער ביז פינצטער. כאַכלאָוו איז פון דער קלענסטער אַרבעט גלייך מיד געוואָרן און סאַפּנדיק געווישט דעם שוויס פון שטערן. קאַבאַיעוו איז אַן אויסגעצייכנטער טעסלער. ביי דער אַרבעט איז ער אויפגעלעבט געוואָרן.

תמיד איז דזשיגיטאַ אויסגעוואַקסן ווי פון אונטער דער ערד. קיין מאָל האָט מען ניט געוווסט ווו ער געפינט זיך און וואָס ער טוט. דאָס קליינע פויערל איז פול געווען אומעטום. אַפילו בורגין האָט אַרויסגעוויזן אַן אומגעריכטע בריהשאַפט אין דער אַרבעט ביי דער געביידע.

טעג האָבן זיך געשטעלט רעגנדיקע,ווינטיקע. אַ שניי אויסגע־מישט מיט רעגן האָט געשמיסן די פּנימער ווי מיט קראָפּעווע־קוסטעס.

די סאָלדאַטן זענען אַריבער וווינען אין דער שטיינערנער געביי־דע. דאָס דאָרף האָט אויפגעלעבט. אַ ביסל שפּיז אויף די ערשטע צייטן האָבן די פּויערים פרייוויליק געגעבן. טשאַגאַן איז אַרומגעגאַנגען איבער די הייף און באַגלייט האָט אים בוריאַן. ער האָט אָנגעהאַנגען דעם נאַגאַן און שווייגנדיק געוואַרט ביי די שוועלן. טייל מאָל זענען אויסגעבראָכן קריגערייען. פון עטלעכע כאַטעס האָט מען פאַרטריבן דעם דאָרף־עלטסטן.

דער אומרויקסטער אין דאָרף איז געווען דער מילנער זשיגולין. ער איז באַפאַלן טשומאַקן מיט געשרייען:

— דו האָסט זיי געבראַכט קיין גלושינאָ. זיי וועלן דאָס דאָרף פאַרוויסטן.

שוין דריי טעג ווי זשיגולין איז נעלם געוואָרן. זייט יענעם פאַר־נאַכט, ווען עס האָט אים אַרויסגערופן פון דער ווינטמיל דאָס קליינע פּויערל, איז זשיגולין ווי איינגעזונקען געוואָרן. דאָס דאָרף איז אַרויס צו די זומפּן. מען האָט גענישטערט ביי די קוסטעס.

ביטראָוו האָט געשוויגן. מען קען גאָרנישט דערגיין פון אים. אין די נעכט האָט זיך געטראָגן דאָס קול פון מילנערס ווייב. זי האָט גערופן צו די זומפּ־פעלדער, נאָר איר וויינענדיקער עכאָ איז צוריקגעקומען פון דעם נעפּלדיקן וואַלדראַנד.

גלושינאָ האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ בינשטאָק וואָס איז צעטראָטן געוואָרן. די גאַנינס האָבן פאַרוואָרפן דאָס נייען די פעלצלעך און געגאַנ־גען פון כאַטע צו כאַטע. וווקאָל האָט געביילט די פּויסטן, געוואָרפן זיך אין געשלעגן. אַרמודאַן איז ניט אָפּגעטראָטן פון טשאַגאַנס שטוב. ער איז איצט געוואָרן דרייסטער און האָפערדיקער.

בוסליי איז דער אויפזעער פון דער קיך. אין זיין רשות געפינט זיך די שפּייז־קאַמער. ער טיילט עס אויס די טעגלעכע פּאָרציעס פאַר די מענטשן פון דער איינהייט.

בוריאַן האָט פאַרזיכערט די פויערים פון גלושינאַ אַז די שפּייז וואָס מען נעמט ביי זיי וועט צוריקגעגעבן ווערן. אין פרילינג וועלן זיי זיך אַרויסלאָזן אויפזוכן זייער פאָלק, און פון דאָרט וועלן זיי אַלץ צוריק־באַקומען מיט דאַנק. אויב מען וועט ניט דערשלאָגן זיך צו אייגענע, וועלן זיינע מענטשן אַרבעטן אין די פעלדער פון גלושינאַ.

אַזוי ווי בוריאַן איז געווען אַ שווייגער און דאָס ריידן איז אים אָנגעקומען שווער, איז בורגין באַשטימט געוואָרן צו פאַרנעמען זיך מיט איינשאַפן אַלץ וואָס עס איז נויטיק.

די מאַכט אין דער שטיינערנער געביידע איז אַריבער אין די הענט פון דזשיגיטאַ און בוריאַן, און דער פאַרבינדלער מיטן דאָרף גלו־שינאַ איז געוואָרן בורגין. איצט האָט אים באַגלייט אויף יעדן טריט דאָס קליינע פויערל כיטראָוו.

די פויערים האָבן אויסגעמיטן די שטיינערנע געביידע. זינט דאָס נעלם ווערן פון זשיגולינען האָבן זיי זיך אָנגעהויבן צו שרעקן פאַר די פרעמדע. אפילו וווקאָל און אַרמודאַן האָבן אויסגעמיטן די באַגעגענישן מיט די סאָלדאַטן.

דער אומרו פון דאָרף האָט אויך אָנגעשטעקט בורגינען. ער האָט געזען צעשראָקענע פרויען, מענער וואָס שאַרן זיך ביי די לאָזע־צוימען. אָפט האָבן אַ בליאַסק־געטאָן עמעצנס ווייסלען פון אונטער אַ פאָר גע־דיכטע ברעמען און אים געמאַכט אויפציטערן. עס האָט זיך אים אויסגע־דוכט אַז ער הערט דאָס שאַרפן פון מעסערס און פאַרטייעטע טריט אויף קליינע פינצטערע טרעפּלעך.

עס וועט עפּעס געשען אין גלושינאַ. ער האָט דאָס דערקענט אין פנים פון גאַלינאַן. פאַרוואָס קוקט זי אויף אים מיט אַזעלכע בעטנדיקע אויגן? פאַרוואָס ציטערן איר די הענט בעת זי דערזעט אים?

נעכטן איז ער געזעסן אין דער כאַטע און גערעדט צו איר. זי האָט פּלוצעם אָנגעהויבן צו ציטערן. איז דאָס געווען פון קעלט? גאַלינאַ הערט יעדעס וואָרט זיינס. כאָטש זי שווייגט ריידן דאָך אירע אויגן, די לאַנגע שוואַרצע וויעס. ווי נאָר ער האָט אָנגערירט איר האַנט איז זי אָפּגעשפּרונגען ווי ער וואָלט צו איר צוגעלייגט עפּעס קאַלטס און

גליטשיקס. — מאַש... מאַשאַ... — האָט זי גערופן צו דער האַלב־צוגעמאַכטער טיר. עס האָבן זיך דערהערט טריט. מאַשאַ איז געקומען. איר פּנים דערמאַנט אים אָן אַ רייפן עפּל אין האַרבסט.

שווערע טריט אויף די טרעפּלעך. דאָס גייט אַרמודאַן. מען דערקענט אים לויט די הייזעריקע האַרמאָשקע־טענער. ווי אַ שאָטן גייט אים נאָך וווקאָל.

— בורגין! דו, בער מיט דער פינצטערער מאָרדע! מאַך לוסטיק. לייג אַרויס דיינע מעשׂות! שאַרף דיין צונג די שלאַנגישע און רייד!

ער איז שיכּור אַרמודאַן, און וווקאָל איז שיכּור. זיי קומען פון דער ווינטמיל. זשיגולינס אלמנה האָט סאַמאָגאָן.

— כאַ־כאַ־כאַ... — לאַכט וווקאָל.

— ביסט ניט קיין מוזשיק, דו בורגין, טרינקסט קיין מאָל ניט! פאַרוואָס טרינקסטו ניט? ווער בינדט דיר אויף די צונג?

דער מיאוסער אַרמודאַן שפּאָט פון אים. עס לאַכט דער קליינער פאַרוואַקסענער שטערן און עס לאַכן די פאַרקראַמפּטע פינגער צוזאַמען מיט די געלע ביינדלעך פון דער האַרמאָניע.

ער איז צוגעגאַנגען נאָענט צו בורגינען. זיי האָבן זיך באַרירט מיט די אַקסל. בורגין האָט דערפילט דעם פאַרדעמפטן ריח פון סאַמאָגאָן. עס האָט געוויייעט פון פאַרוואַקסענעם פויער מיט זומפּ, מיט שליים, מיט פאַרפוילטע וואַסער־געוויקסן און פאַרלעגענע פיש.

אַרמודאַן איז צערייצט געוואָרן פון בורגינס רויקייט, פון דער פרעמדקייט פון די אויגן, די טיפע, אָן־דנאָיקע. עס איז אים אויסגעקומען אַז קעגן איבער שטייט ניט קיין מענטש פון בלוט און פלייש נאָר אַ מיראַזש, אַ שאָטן פון אַ פאַרזעעניש אין אַ לבנה־נאַכט, אַ ניט־גוטער מיטן פּרצוף פון אַ מענטש.

— דו זעסט אויס ווי מען וואָלט דיך אויסגעווייקט אין די נעפּלען. אָן ריח און אָן טעם. האָסט ניט קיין מענטשישן אָטעם אין זיך. זעסט אויס ווי געקנאָטן פון וואָלקנס.

אַרמודאַן האָט אים אַ שטויס־געטאָן ווי ער וואָלט זיך געוואָלט איבערצייגן אין ריכטיקייט פון די אייגענע רייד.

בורגין וויל לאַכן און מיט דעם געלעכטער פאַרדעקן זיין אָנמאַכט. אַ פראָסט ברענט די שלייפן. ער זוכט הילף ביי מאַשאַן, ביי גאַלינאַ. זיי בייגן זיך אַזש פון געלעכטער און זעען אים ניט. ער ציט זיך צוריק ביז דער טיר.

— אַנטלויף ניט. ביסט ניט קיין וואָלקן. האָסט דאָך יאָ עפּעס אונטער דיינע קליידער... בלייב, דו בער מיטן פוקסענעם קאָפּ און שלאַנגען־צונג...

בורגין גייט אויף די טרעפּלעך. ער הערט דעם פריידיקן געטומל אין דער כאַטע. איבער אים טונקלט זיך אַ קאַלטער הימל מיט איינצלנע שטערן, אַרום אים — זילבער־קוסטעס און בלאָלעך־גרויע ווייטן, פאַר־וויקלטע, פאַרקנוילטע.

אַרמודאַנס געלעכטער באַגלייט אים. ביים טויער פון דער שטיי־נערנער געביידע וואַרט עמעצער. דאָס איז שומילאָ. ער שטייט אויף דער וואַך.

— ווער איז דאָס ?

— אַן אייגענער.

— פאַרוואָס שלעפּסטו זיך אַרום אַן אַ דערלויבעניש פון דזשיגיטאַ ?

— איך בין בורגין.

ווער רעדט דאָס ? שומילאָ ? ער וויל לאַכן, דער טרויעריקער בורגין. עס קומט אָבער אַרויס אַן אויסקרימעניש.

קיינער ענטפערט אים ניט. עס איז שטיל. ערגעץ ברענט אַ קאַנעץ. ער גייט איבער דעם נאַכטיקן שטיין. זיינע טריט קלאַפּן אומהיימלעך. נאָר אַן עכאָ ענטפערט אים אָפּ. שאָטנס לויפן אים פאָרויס. אויסגעצויגענע שאָטנס, לאַנגע, זיי ברעכן זיך, טיילן זיך אָפּ, שפּאַלטן זיך און באַהעפטן זיך ווידער.

בוריאַן רייניקט דעם אויטאָמאַט. ער האָט צענומען אַלע טיילן און ווישט זיי אויס, יעדעס פּיצל באַרירט ער מיט די פינגער. ער איז איינער אַליין וואָך אין דעם האַלב־פינצטערן צימער. בורגין חידושט זיך פון דעם

אומגעוויינטלעך גרויסן שאָטן וואָס פאַלט אויף די ווענט. ער שווייגט. דאָס פייערל שפּרינגט אויף און פאַלט אַראָפּ.

שומילאָס טריט הילכן אָפּ רעגלמעסיק. פינף קלעפּ און אַן איבער־רייס. דערנאָך ווידער פינף קלעפּ און ווידער דער איבעררייס.

לויט די באַוועגונגען פון אומגעלומפּערטע שאָטנס אויף דער וואַנט האָט בורגין דערקענט אַז דער סריס קוקט אים נאָך.

ווער איז ער דער געשטופּלטער פּאָפּ מיטן אויסטערלישן נאָמען דזשיגיטאָוו? אַ קאַווקאַזער פון אַ פאַרוואָרפן דאָרף. אַ דינער ביי אַ פּאָפּ. דערנאָך ערגעץ אין אַ מאָנאַסטיר. פון דאָרט פאַרטריבן געוואָרן. אַ גע־וויינטלעכער סאָלדאַט אין דער אַרמיי. דאָס איז אַלץ וואָס מען ווייס וועגן דעם מאָדנעם מענטש מיט די שטופּלען.

בורגין קוקט אויפן פּאָפּ פון דער נאַרע אַראָפּ.

דאָס פייער אין קאַמין פלאַקערט און באַלייכט אַ שטיק שטיינ־וואַנט. דזשיגיטאָ זיצט ביים קאַמין. ער איז פאַרשאָטנט נאָר די הענט זענען ווי אונטערגעצונדענע. די אָפּשטייענדיקע אויערן ווארפן אַ שאָטן אויף דער וואַנט ווי צוויי פּעטלעס. זיי ווערן שאַרף און טייל מאָל לעשן זיי זיך און ווערן דורכזעעוודיק. דאָס איז פון דעם פייער וואָס שפּרינגט אויף און פאַרטייעט זיך.

וואָס זוכט ער, דער דזשיגיטאָ, אין דעם זשאַר פון קאַמין? פאַר־וואָס האַלט ער די הענט אַנטקעגן פייער און שווייגט?

— שלאָפסט ניט?

דער מענטש ביים קאַמין האָט זיך פּאַמעלעך אויסגעבויגן צו בורגינען. איצט קען מען זען זיין באַלויכטן פּנים. טונקעלע ברעמען. אַרויסשטאַרנדיקע אויערן, אַ פלאַכער שטערן, אַ שאַרף־געשניצט מויל. דאָס איז אַ מיד פּנים וואָס זעט אויס ווי עס וואָלט אַפּערגעקוקט פון הינטער אַ פישער־נעץ — דאָס איז פון די פּאָקן־גריבלעך וואָס זענען איצטער בולטער און שאַרפער צוליבן אָפשיין פון קאַמין.

אַנשטאָט אַן ענטפער האָט דזשיגיטאָ אַ שאָקל־געטאָן דעם קאָפּ.

ביידע זענען געזעסן שווייגנדיקע נאָר זייערע שאָטנס אויף די ווענט האָבן זיך צונויפגעגאָסן און אָפּגעטיילט ווי זיי וואָלטן זיך געראַנגלט.

— עס ווערן זיך באַלד שטעלן פרעסט. — האָט בורגין איבערגע־ריסן די אומהיימלעכקייט.

דזשיגיטאַס בליק איז פאַרגליווערט געוואָרן אויף בורגינס הענט.

— פרעסט, זאָגסטו?

ווידער לויפן זיך צונויף די שאָטנס.

— ביסטו געוווינט צו פרעסט? ווי איז עס ביי אייך, ווינטער, אין קאַווקאַז?

בורגין איז צודרינגלעך. ער וואַרט ניט אויף קיין ענטפער. — דו ביסט אַ קאַווקאַזער? הם... ניט צוגעוווינט צו קעלטן... דער טייוול ווייס פאַרוואָס מיר זענען אַהער פאַרקראָכן, אין דער העק... האָסטו אַ היים? קינדער? איך קען צפון־קאַווקאַז...

דזשיגיטאַ איז אומרויק. ער האָט זיך עטלעכע מאָל אַ וויג־געטאָן. זיין האַנט איז געבליבן אויף בורגינס אַקסל. ער לאַכט אים איצט אַריין אין פּנים.

— בורגין בורגין, באַשערט מיר געווען צו האָבן אַזאַ פריינד וואָס איז אַזוי לייכט אויף דער צונג. רייד. איך האָב ליב צו הערן ווען דו רעדסט.

די שאָטנס לאַכן מיט. אפילו דאָס פייער אין קאַמין איז לוסטיקער געוואָרן.

און פּלוצעם, אומגעריכט, האָט דזשיגיטאַ געפרעגט:

— דו ביסט אַ רוס?

— מ׳קען זאָגן אַז אַ רוס. אַוודאי אַ רוס.

— מ׳קען זאָגן?... וואָס באַדייט דאָס?...

דער געשטופּלטער האָט צענומען די הענט ווי ער וואָלט געוואָלט אַרומנעמען די פלאַמען.

— נו, פון יידישער אָפּשטאַמונג...

— פאַרוואָס רעדסטו ניט גלייך און קלאָר אַז דו ביסט אַ ייד?

פּאַרוואָס גייסטו אַזוי אַרום־און־אַרום. איך האָב ליב דעם גלייכן וועג. אַפילו דעם וועג וואָס פירט אין גהנום אַריין. ניט דרייען זיך און פאַר־דרייען זיך אויף די פּאַרוויקלטע שטעגלעך, נאָר גלייך. דו רעדסט ווי אַ טייוול. טייל מאָל איז אַפילו גוט צו הערן. דעם לאַנגווייל קענסטו פּאַרטרייבן. דיין צונג איז פלינק, אין איר ליגט דיין כוח. ניט אין די הענט. ביי אונדז אין גרוזיע זאָגט מען אַ קלוג ווערטל: זע אַז דיין צונג זאָל דיר דעם האַלדז ניט אָפּשניידן. דו שווייגסט? בורגין? האָסט זיך איבערגעשראָקן, דו נאַר איינער? וואָס וואָלטן מיר געטאָן אָן דיר אין דעם וויסטן דאָרף?

בורגין קאָרטשעט זיך פאַר צער. אין יעדן וואָרט פילט ער שפּאָטעריי. ער וועט אים לאָזן, דעם געשטופּלטן. און אפשר איז דאָס ניט שפּאָט. עס דוכט זיך נאָר אויס. ווי רויק און גלייכגילטיק עס זענען דזשיגיטאַס אויגן. ווי שטיל עס פרעפּלען דערביי זיינע ליפּן, ווי מילד עס ליגט אויף זיין אַקסל דעם פּאָפּס האַנט. ער פילט די וואַרעמקייט פון זיינע פינגער. ווי מיד און טרויעריק עס איז דזשיגיטאַ. ווי איינזאַם ער איז. דאָס איז ניט קיין שפּאָט. דאָס איז פאָטערלעכע אויפמערקזאַמקייט. אַזאַ שפּיל אַ גאָרניט־מיינענדיקע, פון לאַנגווייל און גוטמוטיקייט.

— מיר דערוואַרטן אַ סך פון דיר, בורגין. דו ביסט גראַמאָטנע. וועסט דאַרפן העלפן די מענטשן פאַרטרייבן די פינצטערניש. ניט נאָר מיט פוסטער פלאַפּלעריי, נאָר לערנען זיי. פאַרשטייסט? מיר וועלן דאָ אַוודאי לענגער פאַרבלייבן ווי עס דוכט זיך אונדז. מען מוז דאָ איינ־שטעלן אַן אָרדענונג. לושין האָט געהאַט אַ זעונג. אַ מענטש מיט אַן אָנגעצונדענעם מאַרך זעט אַמאָל בעסער ווי אַ געזונטער. מיר דאַרפן גלושינאָ פאַרוואַנדלען אין דעם דאָרף וואָס ער האָט אויסגעטרוימט אין פיבער... געדענקסטו די רייד זיינע?... חזר זיי איבער... איך וויל זיי הערן...

דאָס פייער אין קאַמין לעשט זיך. אַלע שלאָפן שוין. נאָר בוריאַן קלימפּערט נאָך מיטן שטאָל פון אויטאָמאַט. ווען שלאָפט ער, דער סריס?

בורגין ליגט אַן איינגעקנוילטער. ער קען ניט שלאָפן. פאַרוואָס זיצט אַלץ דזשיגיטאַ ביים פייער?

ער שטרענגט אָן זיין בליק. איז דאָס דזשיגיטאַ אָדער דאָס איז אַ שאָטן וואָס איז געבליבן פאַרגליווערט ביים אויוון? ער קען ניט אונ־טערשיידן. נאַכט און שאָטן באַהעפטן זיך.

ווער ווייגט דאָס פון שלאָף? אַזאַ שטיל העשן ווי ס'וואָלט געקומען פון די זומפן. דאָס איז פראָן. דער גוטמוטיקער, איבערגעוואַקסענער פויער. עס חלומט זיך אים אוודאי דאָס פערד וואָס ער האָט דערשאָסן און צעשניטן מיט מעסערס. אַרמודאַן איז העסלעך. אַן אמת זומפן־באַשעפעניש. נאָר אויגן האָט ער, דער טייוול, אַזעלכע ליכטיקע און ריינע. שאָטנס פאַרשלייערן עמעצנס אַ גוף. דאָס גייט גאַלינאַ. זי איז געהילט אין אַ זיידענעם טוך אַ צעכוואַליעטן פון מילדע ווינטן. זי גייט צו זיין געלעגער און מיט אַ מאָל רייסט עמעצער אויף אַ פאָרהאַנג. די שאָטנס אַנטלויפן. אַ ליידיקער שטיינערנער זאַל. ווערבל־קלאַפעריי. געקלימפער פון מעש און ניקל. געשפאָרנטע פערד רייטן אַוועק. דאָס רייטעריי דערווײַטערט זיך. עס ווערט שטיל. ס'האָבן דערוואַכט די פויקן און טראָמפייטן, אויפן גרויען שטיין ווימלען שאָטנס. אַ לויפער פאַלט אַנידער ביי דער שוועל. זיין פנים באַרירט דעם שטיין. די פערדישע טריט ווערן נאָענט. מען הערט שוין דאָס הירזשעריי. עס רייט אַ סוויטע אין געלע קליידער. אַ וואַלד פון שווערדן געהויבענע, מיט די שאַרפן צו די הימלען. עס רייט דער האַר! ער רייט אַנטקעגן דעם מאַן וואָס ליגט מיטן פנים צום שטיין. דער קעניג איז אין פורפור. זיין קרוין איז פון פייער. זיינע הענט — אונטערגעצונדענע. אָ, גאָט, איך קען אים. איך האָב אים דאָך שוין געזען! ביסטו ניט דער סולטאַן? האָב איך דען געזינדיקט קעגן דיר? זע, איך ליג אין שטויב, ביי דיינע פיס. בינד אויף מיינע הענט! באַפריי מיך, דו קעניג מיט דעם פייער־אָרעאָל... עמעצער בויגט זיך איבער אים. דאָס איז גאַלינאַ. זי שעפטשעט צו אים: — רייד העכער... איך הער ניט... דו הייסט מיר אַנטלויפן. ווי אַזוי קען איך דאָס? איך בין דאָך געבונדן. שניידט איבער די שטריק. ווער לאַכט דאָס אַזוי העסלעך? דו, בוריאַן? העי, פאַרוואָס באַהאַלטסטו זיך הינטער די

פלייצעס פון סולטאַן און גליווערסט מיטן סמיקן געלעכטערל? גאַלינאַ, דו דערווייטערסט זיך. די רייטער גייען אַוועק. רוף זיי צוריק! זאָלן זיי מיך ניט לאָזן אַ געבונדענעם. באַלד וועט אַ שטורעם אויסברעכן. עס וועלן פלייצן ווילדע שטראָמען. זעט די שוואַרצע וואָלקנס וואָס שווי־מען אָן...

ער האָט זיך אויפגעכאַפּט אַן אויסגעמאַטערטער, אַ באַגאָסענער מיט שווייס. לאַנג איז ער געלעגן און שווער געעטעמט. איצט פילט ער די שווערקייט פון חלום. עס ברעכן אים די געלענקען ווי ער וואָלט נאָר וואָס באַפרייט געוואָרן פון די שטריק־פּענטעס, ווי ער וואָלט אויפגעע־שטאַנען פון אַ לאַנגער און שווערער קראַנקייט. די מידקייט מאַכט אים טרויעריק, געפאַלן. ער קוקט אויף זיך מיט שינאה, מיט רחמנות. ס׳איז דאָס רחמנות אויף אַ צעבראָכענעם מענטש, אַן איינזאַמען וואָס איז געבליבן ליגן אויף נאַכטיקע קרייצוועגן.

אין דרויסן בושעוועט אַ ווינט. אַ פייכטער ווינט מיט אַ רעגן־געפּליוך. אַ לאַנג אויסגעצויגענער געוואָי טראָגט זיך אין דער נאַכט.

ווער שרייט דאָס אַזוי? איז דאָס אַ פאַרבלאָנדזשעטער צווישן דעם טשערעט? אפשר ראָסטיק, וואָס קען ניט געפינען דעם וועג? און אפשר דער ווינט וואָס האָט זיך אַריינבאַקומען אין דעם מאָך־געוויקל צווישן די שטאַמען און ער וויל זיך פון דאָרט אַרויסרייסן?

און אפשר דער וויסטער שד טאַרפיון וואָס באַשלאָפט די הייליקע זונה אויפן שוואַרצן דעמב אין דעם זומפּ?

פינף טריט אין איין זייט און דערנאָך פינף טריט אין דער צווייי־טער זייט.

מען הערט די טריט אַזוי הויך. דאָס גייט דער וואַכמאַן ביים טויער. די קלעפּ די האַלב־פאַרהוילטע שרעקן מערער ווי די הילכיקע.

בורגין האָט אויפגעריסן די אויגן און קוקט אין דער חשכות אַריין. דער אומהיימלעכער דזשיגיטאַ זיצט נאָך אַלץ ביים אויסגעגאַנגענעם אויוון.

מענדל מאַן

איין פונק גליט נאָך דאָרט. אַ פייערדיק אויג לויערט אין דער
גערדיכטער פינצטערניש.

שלאָפט ער, דער געשטופלטער, אַזוי אָנגעשפּאַרט אָדער ער
וואַכט ווי דאָס פייערדיקע אויג ?

ווידער וויינט עמעצער פון שלאָף.

די שאָטנס פאַרשווינדן ווייל דאָס לעצטע ליכט איז אויסגעגאַנגען.
אָן ליכט שטאַרבן אויך די שאָטנס.

עס איז פינצטער אויף גאַנס וועלט.

## קאַפּיטל פיר

בוסליי האָט זיך אין די נעכט איינגעהערט אין געריש פון ווינט. טייל מאָל איז ער אַרויס פון דער פּינצטערניש, געשאַרט זיך איבער דעם שטיינערנעם הויף, אויסגעמיטן דעם האַלב־באַלויכטענעם וואַך־פּאָסטן און געקלעטערט אויף דעם פאַרוואַרלאָזטן טורעם. אַ פּייכטע קעלט האָט אים אַרומגענומען, אַ דעמפּיקע. ער איז געגאַנגען ווי אין אַ שליימיקן זומפּ, געריסן זיך טרעפּ נאָך טרעפּ, ביז זיין קאָפּ האָט דערפילט דעם אָפענעם הימל. דער ווינט האָט אים פאַרכאַפּט, פאַרפּלאָנטערט זיך אין זיינע האָר, פאַרהאַקט אים דעם אָטעם.

די נאַכט טראָגט דעם ריח פון טשערעט, פון פוילנדיקע בלעטער. דער ווינט איז אויסגעמישט מיט אַ שניי־שטויב. ער שטרענגט אָן זיין בליק. אין דער נידער, צופוסנס פון שטיינערנעם טורעם ליגט דאָס דאָרף. אין אַלע שטיבער איז פינצטער. זילבער־דעכער האַלב־פאַרלאָשענע. אַזוי ווי דאָס אַלטע זילבער וואָס ליגט יאָרהונדערטער אין דער ערד און אַ האַנט שאַרט עס פון דאָרט אַרויס — אַזוי זעען אויס די דאָזיקע סכך־דעכער אין דער נאַכטיקער שניי־קוזשאַווע. טונקעלע ווענט. שוואַרצע שייבלעך. גרויע פעלדער פאַרשנייטע. ווייטן וויגנדיקע, געטראָגענע פון ווינטן שפּעט־האַרבסטיקע. און אין די ווינט־פאַלבן די טונקעלע צאַפּלט זיך דער זומפּ ווי אַ געשליפענער דימענט וואָס שטראַלט אין דער נאַכט מיט אַ פיבער־שיין.

בוסלייס אויערן זענען אָנגעשפּיצט אַזוי ווי די הויכע סאָסנע־שפּיצן פון וועלדער אין שטורעמס. ער הערט: אַ געפּייף פון ווינט אין טשערעט; אַ טרוקענער, אַ ברעכנדיקער, אַ מעטאַלענער, ווי דאָס אָנ־

שלאָגן זיך פון שווערד אָן שווערד אין געפּעכט פון חיילות. עס וויינען די מאָך־גראָזן. דאָס איז אַ געוויין ווי פון הונגעריקע מייז אין פאַרלאָזענע מילן ביי די קאַלטע אָפּגעשטאָרבענע מילשטיינער. דער ווינט האָט זיך אַריינגעפּלאָנטערט אין די מאָך־פאַרוואַקסענישן.

מען הערט ניט יענעם פאַרהוילענעם אָפּהילך פון האַרמאַטן. מען זעט ניט דעם וואַנדערנדיקן מילכוועג וואָס וויגט זיך ווי די זיילן פון פאַלנדיקע ליכטיקע פּאַלאַצן. גאָט האָט איינגעשטילט די פאַרצאָרנטע ערד. זי ליגט אַ באַרויקטע. איצט קען בוסליי אָפּפילן דער ריח פון דער דאָזיקער נאַכט, איינעטעמען איר טיף.

ער גייט צוריק פון טורעם. די געדיכטע פינצטערניש וויקלט זיך אַרום אים. זיין האַרץ איז צעוויגט געוואָרן פון די נאַכטיקע וויטן. זיינע האַסטיקע טריט קלאַפּן טויבלעך אָפּ אין שטיין. זיי קייקלען זיך פאַרביי די ווענט. עפּעס וויקלט זיך ניט־וויט פון בוסליי. זיינע נאָזלעכער ציטערן. ער עטעמט טיף און די נאָזלעפלעך דערפילן דעם ריח פון פרישן היי, אַ געטריקנטן פון דער זון, אַזאַ אומגעריכטע וואַרעמקייט שפּירט ער פון דעם שאָטן־געקנויל וואָס האָט זיך נאָר וואָס פאַרבייגעטראָגן.

ווער איז דאָס ?

אָן אָפּגעהאַקט עטעמען. דאָס טרעפט אָפט אין וואַלד־געדיכטעניש ווען דער צווייגן־געררויש פאַרשטומט. ווי גאָט אַליין וואָלט אויף אַ רגע אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם.

קיינער ענטפערט ניט.

עמעץ העשעט. בוסליי האַקט אויס פונקען מיטן קיזלשטיינדל. אין פייער־אויג פון דער אָנגעצונדענער קנויט האָט ער דערזען מאַשאַן קניען ביי אַ שטיינערנער וואַנט.

בוסליי האָט זיך אויך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני. די קנויט וויגט זיך. איין און איינציקער פייער־פונק אין דער חשכות.

— מאַש... וואָס איז געשען ? מאַשאַ...

זי ציטערט. איר האַנט רירט אָן זיין אַקסל. איצט וויינט זי.

מיט אַ מאָל — טריט. שווערע באַשטיוולטע טריט. אַ שיכורע שטים. דאָס איז קאַבאַיעוו. ער רעדט הויך. די שיכרות שפּאַרט פון אים.

אין האַנט האַלט ער אַ קאַנעצל און באַלייכט זיך דעם וועג. דאָס ליכט וויגט זיך און ס׳וויגן זיך מיט די ווענט.

— דו, רויטבאַקיקע... וועסט ניט אַרויס פון קאַבאַיעווס הענט... מאַשאַ וויינט.

בוסליי עטעמט איין איר וואַרעמקײט. ער פילט אויף זיינע פינגער אירע טרערן. די דאַזיקע טרערן האָבן אים אָנגעצונדן. ס׳ברענען שוין זיינע ווייסלען.

קאַבאַיעוו איז געבליבן שטיין. די שטיינערנע געביידע האָט זיך מיט איין מאָל איבערגעקערט. די פּאָדלאָגע האָט זיך אַ האַסטיקן וויג־געטאָן און געבליבן הענגען אין דער לופטן.

פון בוסלייס קלאַפּ איז קאַבאַיעוו געפאַלן אויף די שטיינערנע טרעפּ. בוסלייס קלאַפּ איז געווען אַזאַ געניטער אַז דער קאַזאַק איז געבליבן אָן לשון. דאָס קאַנעצל איז אַרויסגעפאַלן פון זיינע הענט און פאַרלאָשן געוואָרן.

מאַשאַס וואַרעמקייט שלאָגט אים אין די שלייפן. זיי גייען אין דער פינצטערניש. איצט הערט מען שוין קאַבאַיעווס קול.

— אין אייער קאַזאַקישער מאַמען אַריין... אין דער אויסגעלאַסע־נער... דו, קלעפּיקע פינצטערניש... דו שדישע זונה... וואָס אַלע בעטלערס מיט בעלמעס באַשלאָפן דיך... אומריינע... נשמהלעך קאַזאַקישע, ווו יענט איר?

— לאָז, מאַש... איך וועל אים שטיל מאַכן...

זי האַלט אים פאַרן אָרעם, פאַר די הענט. דער בראָדיאַגע ציטערט. ער וועט אַלץ טאָן וואָס זי וועט נאָר וועלן. ווי גוט עס איז אים אין דער דאָזיקער נאַכט. אָ, גאָט, באַשעפער, ווי גוט עס איז איר וואַרעמער אָטעם. ער האָט זי אַרומגענומען מיט שטאַרקע הענט. זי האָט טיף איינ־געאָטעמט די פייכטע קעלט וואָס עס טראָגט אין זיך בוסליי, זי האָט געעטעמט דעם נאַכטווינט וואָס צעווייגט די סאָסנע־שפּיצן. דער ווינט איז אין בוסלייען. זי האַלט אין אירע אָרעמס די פרייע וועלט, די וועגן פאַרלאָרענע און די שטעגן די אָפענע און זוניקע. זי פילט דאָס אַלץ אָפּ

אין בוסלייס אָפּגעהאַקטן עטעמען. זי שרעקט זיך פאַר קאַבאַיעוון — דעם שווערלייביקן קאַזאַק מיט די ווילדע קללות.

— בוסליי. בוסליי. — שעפּטשעט זי.

ער קען ניט ריידן. דער בראָדיאַגע איז געגליכן צו דעם מידן פאַרבלאָנדזשעטן וואַנדערער וואָס אַ פאַלנדיקער שטערן באַלייכט אים דעם וועג.

— בוסליי... פאַרוואָס שווייגסטו ?... בוסליי...

זי האָט צוגעלייגט זיינע הענט צו איר פּנים, צו דער ברוסט. די וואַרעמקייט אירע האָט אים פאַרוויגט. עס איז ליכטיק אויף גאָטס וועלט. גרויסע רחבותדיקע היי־פעלדער. פּויערטעס אין פאַרביקע קאָפּ־טיכלעך שאַרן צונויף דאָס היי. ערגעץ ווייט, ממש אויפן האָריזאָנט שפּאַנט אַ שורה שניטערס מיט בלאַנקע קאָסעס. ער לויפט אַ באָרוועסער איבער דעם נאָר־וואָס געשניטענעם פעלד. עס שטעכן אים די שאַרפע גראָזן. דער צוויט פון די אָפּגעבליטע גראָז־זאַנגען בלייבט אויף זיינע ליפּן. עס איז האָניק־זיס — — —

— מאַש... אַזוי זיס ווי דיינע ליפּן זענען זיי געווען...

ער האָט איר אַ סך צו דערציילן. נאָר אַ באַדרענגטע שעמעוודי־קייט שליסט זיין מויל.

— עס האָט וויי־געטאָן דאָס לויפן איבערן פריש־געשניטענעם פעלד... עס האָבן מיך גערופן די ווייטקייטן... איינע פון די פרויען אין אַ רויט־געבלימטן טיכל איז געווען מיין מוטער... דאָס איז אַלץ וואָס איך ווייס פון מיין היים...

די ליפּן ציטערן אים. ער בייסט זיי ביז בלוט. בוסליי דערפילט דעם אָנלויף פון טרערן. צוערשט שפּאַרט אים ביי דער קעל, דערנאָך ווערן די וויעס אַזוי שווער. ער וועט ניט וויינען. ער קלאַפּט מיט די געביילטע פויסטן אין שטיין, אין דער אייגענער ברוסט. מאַריאַ... מאַשאַ... מאַש... וואַרט דאָ... איך קום גלייך... ער האָט דיך באַליידיקט... ער האָט דיר שלעכטס געטאָן...

בוסליי וועט די טרערן דערשטיקן, דערוואַרגן זיי דורך אָן

אויסבראָך פון כעס, פון ווילדקייט, פון הפקרדיקייט. קיינער קען ניט צוימען דעם שטורעם וואָס ברעכט אויס איבער די זומפּן.

— איך וועל זיך צערעכענען מיטן קאָזאַק. כ׳וועל זיין פּרצוף צעשמעטערן...

ער טראָגט זיך אין דער פינצטערניש. לויפט לענגאויס די שטיינוואַנט און זידלט זיך, שעלט מיט ביטערע קללות. ער לויפט מיטן קינזשאַל אין דער האַנט, שלאָגט זיך אָן אין ווענט. פון קלאַפּ מיטן קינזשאַל אין שטיין צעשיטן זיך פונקען. גרויסע פונקען פאַלן אין דער פינצטערניש אַריין. מאַשאַ האָט אים אָנגעכאַפּט פאַר די הענט. ער לאָזט זיך פון איר פירן. די טרערן זיינע זענען אויסגעטריקנט געוואָרן. אין די שלייפן איז ווינטיק. מאַשאַס פּנים איז הייס. אירע הענט וואַרעמען זיין האַלדז. איר אָטעם בריט אים. עמעץ וויגט אים איין. גאָטס וועלט ליגט איצט ביי אים צופוסנס. ער נעמט אַרום די גאַנצע וועלט.

ווידער הייזעריקע קולות. קאַבאַיעוו שעלט. קאַבאַיעוו בושעוועט. דער סריס בוריאַן שטייט אין אַ באַלויכטענער טיר און אין די הענט גרוילט דער אויטאָמאַט, אַ גלאַנציקע, פריש־אויסגעשמירטע לופע לויערט אויף קאַבאַיעוון.

צומאָרגנס האָט קאַבאַיעוו אויסגעמיטן בוסלייס בליק. ער איז אַרומגעגאַנגען אַ שוויגנדיקער מיט אַן אָנגעשוואָלן פּנים.

דאָס קליינע פויערל האָט געבראַכט שלעכטע נייעס פון גלושינאָ: די פויערים האָבן ניט אויסגעבאַקן קיין ברויט פאַר די סאָלדאַטן. זיי האָבן פאַרטריבן בורגינען. זיי ווילן מער ניט צושטעלן קיין שפּייז. בודנאָוו האָט ווידער פאַרנאַרט אַ פויערטע אין אַ שייער. מען האָט אים צעשלאָגן. ער ליגט אַ צעבלוטיקטער אין מיטן דאָרף. דאָס האָט געטאָן וווקאָל. טשאַגאַן באַהאַלט זיך אויס. ער וויל ניט קומען אין דער שטיינערנער געביידע. שוין ס׳דריטע מאָל ווי בוריאַן האָט געשיקט נאָך אים שומילאָן.

סטיאָפּאַ האָט געבראַכט דעם צעשלאָגענעם בודנאָוו. ער איז געלעגן מיט אַ צעקלאַפּטן שאַרבן. מאַשאַ האָט אים איבערגעבונדן.

דזשיגיטאַ באַווייזט זיך ווידער ניט גאַנצע טעג.

עס טונקלט שוין. פֿראַן האָט נאָך ניט צוגעגרייט דאָס עסן. מען צינדט שוין די פֿייערן. אַלע שוויַגן. אַפֿילו בורגין, דער וואָס האָט תּמיד איבערגעריסן די שטומקייט, זיצט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ.

— ראָסטין איז קלוג. ער איז שוין אין דער היים. ניט ווי מיר, אין דעם העק...

דאָס שושקעט זיך ס'קליינע פֿויערל. קיינער ענטפֿערט אים ניט.

דורכזעעוודיקע שאָטנס וויגן זיך. פֿון די גלושינער איז היינט קיינער ניט געקומען. אפֿילו גאַלינאַ האָט זיך ניט באַוויזן. זי איז דאָ אָפֿט אָפּגעזעסן ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין מיט מאַשאַן, דערנאָך האָט בורגין זי באַגלייט אַהיים.

נעכטן ביינאַכט האָט מען דערזען אַרמודאַנס שאָטן ניט ווייט פֿון דער מויער. ער היט גאַלינאַס יעדן שפּאַן.

קאַבאַיעוווס טריט זענען פֿאַרהוילענע. דאָס איז דער גאַנג פֿון אַ טיגער. ער וועט זיך אַ וואָרף־טאָן אויף בוסלייען און דורכבייסן זיין קעל. מאַשאַ היט קאַבאַיעווס יעדן ריר. בולײַ זיצט כּלומרשט אַ דרימל־דיקער מיטן רוקן צו דער וואַנט, און אין דעם שלאַבערדיקן גוף זיינעם זענען אָנגעשפּאַנט די אָדערן. אין זיי ריזלט אומרויִק בלוט. ער פֿילט אָפּ די סכּנה. דער קלענסטער באַוועג פֿון קאַבאַיעוון מאַכט וואַכיק זיינע שלייפֿן. קיינער וועט ניט דערקענען אין דעם נאַכלאָזיקן בוסלײַ דעם האַלב־דרימלדיקן אַזאַ געשפּאַנטקייט.

— בורגין, האָסטו דאָס לשון פֿאַרלאָרן?

דאָס איז כיטראָוו, ווי דרייסט ער איז געוואָרן. ער גייט אַרום מיט אַן אויפֿגעהויבענעם קאָפּ, גראָד איצט ווען אַלע זענען דערשלאָגן. ער האָט גוט אָפּגעפּרעסן ביי דער מילנערין. גאַנצע טעג ליגט ער דאָרט. צומאָרגנס ווען דער מילנער איז פֿאַרשוווּנדן איז דאָס קליינע פֿויערל אַוועק צו דער מיל און פֿאַרגאָסן ביטערע טרערן. ער האָט זיך געריסן די האָר און פֿאַרגאַנגען אין אַ פֿאַלשן געיאָמער. דערנאָך איז ער יעדן פֿאַרנאַכט געגאַנגען טרייסטן די אַלמנה. אין דאָרף האָט מען געזאָגט אַז דאָס האָט דער כיטראָוו פֿאַרנאַרט זשיגולינען. קיינער האָט אָבער דערין

ניט געגלייבט זעענדיק ווי דאָס קליינע פויערל האָט טרערן פאַרגאָסן זוכנדיק עטלעכע טעג דעם מילנער אין די זומפּן.

ער איז זאַט, דער כיטראָוו. זיינע קעשענעס זענען אָנגעשטאָפּט מיט קאָרן־פּלעצלעך. זי איז גוט די אלמנה. אוי, ווי זי קען דאָס טרינקען. איר געלעגער איז וואַרעם. עס שמעקט פון איר מיט ברויט־קוואַס, מיט אויוון־וואַרעמקייט.

— בורגין, ווייסטו אַז אַרמודאַן זוכט דיך? ער איז טאָרפּיונס אַ זון... ער וויל דיך שיקן צו זיין טאַטן... דאָרט וועט מען דיך אויפנעמען מיטן זשאַבע־אָרקעסטער...

דאָס קליינע פויערל לאַכט שפּאָטיש בורגינען אין פּנים אַריין.

ביינאַכט האָט מען זיך ווידער אָנגעשטויסן אויף שאָטנס ביי דער שטיינערנער געביידע. בוריאַן האָט געשאָסן אין דער נאַכט אַריין. דריי־מאָל האָט עס אָפּגעהילכט פון דעם איינציקן שאָס ביז דער עכאָ איז אויסגעגאַנגען ביים שוואַרצן וואַלד־רינג.

דזשיגיטאַ האָט זיך באַוויזן ביים אויוון.

אין שאָטן פון דזשיגיטאַן און בוריאַנען איז דער ראָטע־שרייבער געוואָרן זיכערער.

— וואָס שווייגט איר, אָדלערלעך מיינע? הייבט אויף די פליגלען. צעשפּרייט זיי. הייבט זיך אויף העכער פון דעם טשערעט, וועט איר דערזען דאָס ווונדערדאָרף. לושין האָט ניט גענאַרט...

— צעלאָז ניט דיין צונג. זאָג, ווו וועט מען נעמען ברויט?

כיטראָווס פויגל־פּנים מאַנט אַן ענטפער. כאָכלאָווס קאַנטיקער קאָפּ איז שווער געוואָרן. ער הענגט אין דעם פּאַרע־נעפּל בייז און דראָענדיק.

— פאַררייד ניט די ציין. דו, קראָפּעווע־מויל... דו האָסט אַ האַנט אין אַלע צרות... דאָס האָסטו אָנגערעדט דעם דאָרף־עלטסטן אונדז אויסצוהונגערן... אַליין שלעפּסטו זיך אַרום מיט זיין טאָכטער... דו רייצסט אָן דעם אַרמודאַן... קאַבאַיעוון האָבן דיינע פויערים צעשלאָגן... דאָס איז דיין אויפטו... מיר האָבן דיך באשטימט אַז דו זאָלסט נעמען אַלץ

וואָס עס איז נויטיק... פאַרוויגסטו אונדז מיט דיין געשליפענער צונג... דו ביסט זאַט, פרעסט אין די דאָרף־שטיבער... פאַר דיר איז עס אַ וווּנדערדאָרף... מיט אַ באַביאָנקע... דו ראָטע־שרייבערל... דו נאַרסט אונדז !... באַשווינדלסט !...

קיינער האָט זיך ניט אָפּגערופן קיין וואָרט. כאָכלאָווס רייד זענען געבליבן הענגען אין חלל. די פּלוצעמדיקע שטילקייט האָט נאָך מער צערייצט כאָכלאָוון.

— מיר זענען פּראָסטע סאָלדאַטן. פויערים־זין. אַרבעטער. ווער ביסטו ? פון וואַנען האָסטו זיך גענומען ? אַן אונדזעריקער וואָלט ניט אַזוי געלאָפּעט מיט די אויגן. אונדזערע נשמות ליגן אויבן־אויף. דיינע איז פאַרזונקען טיף. דו ביסט באַשאַפן געוואָרן צו באַטריגן, אָפּצושפּאָטן, נאָכצוגיין יענעם און אין דער זעלביקער צייט באַפעלן דעם אומגליקלעכן וווהין צו גיין. דו ביסט עס ווי דער מיאוסער גרויער פויגל וואָס גייט נאָך דעם פויער וואָס וואַרפט קערנער און גנבעט די געוואָרפענע זריעה־קערנער פון די בראָזדעס. דו פאַרוויקלסט זיך אַרום אונדזערע ליכטיקע חלומות ווי די סמיקע קריך־גראָזן, וואָס דערשטיקן דעם ארויסשפּראָץ פון די יונגע צווייגן. דער שד רעדט אַרויס פון דיר !

פון וואַנען קומט עס צו כאָכלאָוון אַזאַ לשון, אַזאַ כעס ?

דער סריס לאַכט. פון דעם געלעכטער גליווערט דאָס בלוט און די שלייפן הערן אויף צו שלאָגן.

בורגין זינקט אין אָנמאַכט.

ווידער דער דזשיגיטאַ. ווידער דאָס פנים זיינס ווי עס וואָלט פאַר־האַנגען געווען מיט אַ נעץ. ער גייט אויף די צו־קורצע פיס. ער גייט אַ וויגנדיקער און מיט אים וויגן זיך מיט די שטיינווענט.

כיטראָוו איז אויפגעשטאַנען, געמאַכט אַ טריט און געבליבן צו־געשמידט. דאָס האָט דער פּאָפּ אים פאַרהאַלטן מיטן בליק. דערנאָך זענען געפאַלן זיינע רייד געווענדט צו בורגינען :

— פאַרוואָס שוויגסטו ? רייד. רייד.

שטילע ווערטער. זיי וויגן זיך אַזוי ווי דער אומגעלומפּערטער גוף.

— איך... איך שוויַיג ניט. וואָס זאָל איך זאָגן ?... לושין האָט וועגן דעם כאָכלאָוו געזאָגט, אַז דאָס איז אַ שטיק קריע וואָס קיינער ווייס ניט וואָס דאָרט איז איינגעפראָרן... קיינער ווייס ניט ווו זי וועט זיך אָנשלאָגן... זי האָט זיך אָנגעשלאָגן אָן מיר... בורגין איז זיכער אַז זי וועט אָנטרעפן אַ פעלדז... אַ שינאה וואַיעט אַרויס פון כאָכלאָוון, אַ טעמפּע שינאה... כאָטש איך האָב אים קיין שלעכטס ניט געטאָן...

— גענוג.

דעם פּאָפּס האַנט איז געבליבן הענגען אין דער לופט. עס האָבן געציטערט די ליפּן זייַנע ווי ער וואָלט עפּעס געזאָגט, לסוף האָבן זיך דערהערט רייד, האַרטע, באַפעלערישע וואָס זענען ניט געקומען פון דער טיף, נאָר זענען לאַנג שוין געווען פאַרגרייט אויבן־אויף.

— גענוג גערעדט. אַזויפיל רייד און ווינציק ברויט. יעדע כאַטע מוז צושטעלן אין דער וואָך דריי ברויט, אָן עמער קאַרטאָפל און יעדער וואָס האָט נאָר אין זיין באַזיץ אַ לאָדקע מוז אָפּגעבן אַ האַלבן פּאָס פיש. די וואָס האָבן שאָף — דאַרפן צושטעלן אַ שעפּס. דאָס מוז איינגעמאָנט ווערן. עטלעכע טעג צייט וועל איך געבן דערויף. געוועזר האָבן מיר ניט צופיל. מאָרגן וועט איר אַרויס אין דאָרף! די איבעריקע וועלן גיין אויפזוכן דאָס געווער וואָס מיר האָבן געלאָזן ניט ווייט פון גלושינאַ. עס וועט קיין הפקרות ניט זיין! גלושינאָ מוז אונדז העלפן! זי מוז איר חוב באַצאָלן! איינמאָנען דאָס וואָס עס קומט אונדז וועלן אַנדערע, ניט בורגין. צו דעם טויג ער ניט. איך וועל שוין אויסגעפינען אַן אָרט פאַר אים.

די לעצטע ווערטער האָט דזשיגיטאַ געזאָגט שטיל און אַזוי נאָכלאָ־זיק ווי דאָס וואָלט געווען אַ זייטיקע באַמערקונג, אַ נישטיקע קלייניקייט. דאָך האָבן די פאָר ווערטער אָנגעצונדן בורגינס אָדערן. עס איז אים באַפאַלן אַ פחד. עס האָט זיך אים געדוכט אַז ער איז פאַרפלאָנטערט געוואָרן אין פישער־נעצן, וואָס זענען אַרויסגעהאַנגען געוואָרן בייַנאַכט אויף ביימער־שטאַמען. ער האָט אַ צאַפּל־געטאָן, געוואָלט רייסן פון זיין פּנים די נעצן, אַרויספּלאָנטערן זיך פון זיי.

דו, דזשיגיטאַ, פאַרוואָס האָסטו אַראָפּגעריסן פון זיך די גרויע

נעצן און זיי ארויפגעשליידערט אויף מיר? איצט זע איך דיך דורך־און־דורך, אַזוי האָט דיך אוודאי קיינער פון די מענטשן ניט געזען. „דו האָסט אַן אָרט פאַר מיר״. ווו איז עס דאָס דאָזיקע אָרט? איז דאָס דער זומפּ מיט דעם שוואַרצן געפראָרענעם שפּיגל וואָס ברעכט זיך ווי גלאָז ווען מען טרעט אויף אים? אָדער געדיכטע אָלכע־קוסטעס פאַרוויקלט מיט מאָך? אפשר די טשערעט־אינדזלען מיטן שליים־פעלד? פאַרוואָס שווייגסטו? נעם אַרויס די פּיקע פון דיין שאַרבן־מויל! באַוועג דיינע ליפּן! ציטער מיט די ברעמען! ביסטו טויט? פאַרוואָס זענען דיינע אויגן פאַרצויגן מיט אַ מאַטקייט ווי די פאַרלאָפענע גלעזער? דאָס איינציקע וואָס לעבט אין דיר איז דער פּונק פון דיין פּייקע. אַפילו דער רויך איז פאַרגליווערט געבליבן אין דער לופט ווי אַ שטאָלענער גרייצער. אָט וועט ער זיך אַריינדרייען אין מיין מאַרך. ער וועט זיך אַריינשרויפן מיט דעם שאַרפן שפּיץ טיף אין מיין קאָפּ. דו לאַכסט? דיין שטערן קנייטשט זיך? דו וויגסט זיך הין און צוריק. צוואַנציק שאָטנס ליגן ביי דיינע פיס! זע, אויך מיין שאָטן ליגט ביי דיינע אומגעלומפּערטע פיס. איך וועל אָבער אויפהייבן מיין שאָטן פון זיין געפאַלנקייט! כ׳וועל אים ניט לאָזן פויזן אויף דער ערד! בורגין איז אַ שטאָלצער מענטש! דו קענסט ניט בורגינס שטאָלצקייט! דו וועסט אים נאָך דערקענען! אָ, דו לאַכסט, דזשיגיטאַ? גוט וואָס דו לאַכסט! האָב איך דען געזאָגט עפּעס וואָס האָט דיך באַומרויקט? דיין לאַכנדיק פּנים אַנטשפּאַנט מיך. עס מאַכט מיך רויק. עס גיט מיר זיכערקייט, האָפענונג. דזשיגיטאַ, נעם אַוועק פון מיינע שלייפן דעם קאַלטן, פראָסטיקן שאַרף פון שטאָלענעם גרייצער... פאַרוואָס צאַפּל איך? אָ, גאָט מיינער, פאַרוואָס ציטער איך אין אָנמאַכט?...

בורגין האָט זיך אויפגעכאַפּט ווי פון אַ דרימל.

דזשיגיטאַ קוקט אים אָן מיט מידע אויגן. איז דען עפּעס געשען?

— פאַרוואָס שווייגסטו, בורגין? דו שטייסט אַזאַ פאַרשלאָסענער. איך האָב פיינט ווען מען שווייגט. איך דערקען אַז אין דיר בושעוועט אַרום דער פּחד אַזוי ווי אַ שוואַרצער ראָב. שרעק זיך ניט. דערווייל וועט דיר גאָרניט געשען, גאָרניט...

בורגין האָט אויפגעריסן די אויגן.

— ד ע ר וו יי ל זאָגסטו, און שפּעטער?

אויף דעם דריטן טאָג איז בוריאַן געקומען מיטן געווער. מען האָט עס געבראַכט פון וואַלד. עס איז דאָרט געליגן אומבאַרירט אונטערן מאָך. איצט זענען כמעט אַלע באַוואָפנט. רעוואָלווערן, עטלעכע אויטאָ־מאַטן און ביקסן. די קוילן צום געווער געפינען זיך אין בוריאַנס רשות. דער איינציקער וואָס האָט ניט גענומען זיין אויטאָמאַט איז געווען דזשיגיטאַ. ער האָט אַ שמייכל געטאָן צו בוריאַנען:

— נעם דאָס אַוועק. איך וועל זיך אָן דעם באַגיין. מיר וועט עס ניט נוצן.

עס איז קלאָר געוואָרן פאַר אַלעמען, אַז דזשיגיטאַ איז דער עלטסטער פון דער דאָזיקער פאַרבלאָנדזשעטער מיליטער־איינהייט. קיינער האָט וועגן דעם ניט גערעדט אָבער אַלע האָבן דאָס אָנגענומען ווי אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט.

בוסליי האָט ניט געוואָלט אַוועקגעבן די קוילן.

— איך האָב זיי געטראָגן דורך די זומפּן און זיי זענען מיינע. לושינען וואָלט ניט איינגעפאַלן אַזאַ זאַך ווי צוצונעמען דאָס געווער.

עס האָבן אָבער ניט געהאָלפן בוסלייס טענות. נאָר די וואָס וועלן שטיין אויף דער וואַך וועלן באַקומען קוילן. מען מוז היטן יעדע קויל. דער באַלעבאָס פון געווער איז בוריאַן. בוסלייס עקשנות האָט געבראַכט מאַשאַ. זי האָט אויסגעליידיקט זיין מאַגאַזין, די טאַשן זיינע און אָפּגע־געבן די קוילן בוריאַנען. פון דעם טאָג אָן איז דער באַפעלגעבער געוואָרן דזשיגיטאַ. די באַפעלן האָט ער אַרויסגעגעבן דורך בוריאַן, און אַרום בוריאַן, ווי אַ וואַנט, זענען געשטאַנען כאַכלאָוו, קאַבאַיעוו, פראָן און שומילאָ.

פינף מענטשן זענען אַרויס פון דער שטיינערנער געביידע, באַ־וואָפנטע, אונטער דער אָנפירונג פון בוריאַנען. נאָך פינף האָבן פון דרויסן באַוואַכט די הייזער.

דזשיגיטאַס באַפעל איז אויסגעפירט געוואָרן. עטלעכע טעג האָט געדויערט דאָס איינמאַנען די שטייערן. דער שטיינערנער הויף איז פול געוואָרן מיט שפּייז. בורגין איז אין די טעג אַרומגעלאָפן איבער די צימערן ווי אַ געפאַנגענער. עטלעכע מאָל האָבן אָפּגעהילכט שיסערייען. זיי זענען געקומען פון די נאָענטע כאַטעס. מאַשאַ איז צוריקגעטריבן געוואָרן פון דער וואַך. מען האָט זי ניט אַרויסגעלאָזט אין דאָרף אַריין. ביינאַכט האָט זי זיך דערוווּסט פון פּראַנען, אַז מען האָט דערשאָסן וווקאָלן און אַז אַן אַדורכגעשאָסענע פּרוי וואַלגערט זיך אויף דער שוועל פון איר כאַטע. מיט אַ טאָג שפּעטער איז דערהרגעט געוואָרן איינער פון די פעלצן־נייער — גאַניק. עמעצער האָט זיך געוואָרפן אויף בוריאַנען און אים צעבלוטיקט מיט אַ מעסער. מאַשאַ האָט אים איבערגעבונדן די קליינע וווּנד.

אויפן פינפטן טאָג האָט מען געבראַכט דעם דאָרפעלטסטן טשאַגאַ־נען מיט נאָך אַ פּויער. זיי זענען געקומען אין באַגלייטונג פון דער וואַך.

גערעדט צו זיי האָט בוריאַן. ער איז געזעסן איפן בעטל אַ בליי־כער. אַ פּנים ווי אַ שטיק טייג אַן אָנגעיוירנס.

— איר זענט דאָ... גוט... דער רוקן ברעכט נאָך אַ ביסל... נו, ווייסט איר וואָס מען וויל פון אייך?

טשאַגאַן האָט זיך אַרומגעקוקט און עמעצן געזוכט.

— איך וויל ריידן מיטן עלטסטן, מיטן הויפּט. — האָט געזאָגט דער דאָרפעלטסטער.

— אַלע זענען מיר עלטסטע... איר קענט ריידן מיט מיר... איר מוזט ריידן מיט מיר... „מיר ווילן ריידן מיטן עלטסטן” — האָט בוריאַן נאָכגעשפּאָט. — איר דאַרפט גאָרנישט וועלן... ס׳איז שלעכט וואָס איר ווילט... עס איז ביטער...

בוריאַן האָט זיך אַ ריס־געטאָן פון אָרט. אַ קאָם־שער, אָנגעבלאָזע־נער מענטש מיט אַ וויבעריש מויל אַ פּאַרגאָסנס מיט שוים. ער האָט גערעדט און זיינע רייד די מאָנאָטאָנע, ווי דער רעגנגעפליוך אויף טרוקענע בלעטער, האָבן ניט געפּאַסט צו דעם דאָזיקן גוף.

— איר ברענגט אום מיט אייערע אייגענע הענט גלושינאָ. וואָס ווילן מיר פון אייך? איר דאַרפט אונדז געבן שפּייז. איר רייצט אָבער אָן די מענטשן. אַ וועלט גייט אָפּ אין בלוט, און אייך איז שווער זיך צו טיילן מיט סאָלדאַטן, מיט אייערע ברידער?

— מיר האָבן ניט. די מענטשן זענען פאַרהונגערט. דאָס דאָרף איז אויסגעליידיקט.

— אַ ליגן! ווי די זומפּיקע פוקסן זענט איר. מיר וועלן מער ניט מאָנען. איר אַליין דאַרפט צושטעלן. איר זענט פאַראַנטוואָרטלעך! ווען איר זיך אַנטקעגנשטעלן, וועלן מיר אייערע הייזער פאַרברענען!

עס איז מיט אַ מאָל שטיל געוואָרן. אַזוי שטיל אַז מען האָט געהערט דאָס שאַרן פון די פיס איבערן שטיין.

בוריאַנס פּנים איז פאַרגאָסן געוואָרן מיט אַ רויטקייט. עס זידט אין אים אַ שׂינאה. מאַשאַ וויינט. זי האָט צוגעלייגט דאָס פּנים צו די שטיינער און כליפּעט. בוסליי שטייט מיט פאַרביילטע הענט. קיינער הערט ניט מאַשאַס געוויין נאָר די שטיינער די וויסטיקע הערן איר אָפּגעהאַקט העשן. בוסליי דערקענט דעם געהעש לויט די צוקענישן פון אירע אַקסל. ער האָט חשק צו פאַרזינקען דעם קינזשאַל אין בוריאַנס הוידנדיקער ברוסט. ער וועט מיט די פאַרקראַמפּטע פינגער דערוואַרגן קאַבאַיעוון. בוסליי קען זיך ניט באַהערשן. דער קינזשאַל איז הייס. ער דריקט דאָס פּערלמוטערנע הענטל. אַ שיכּרות וויגט דעם קאָפּ. עמעצער טרייבט אים, שטויסט אים. ער גייט. ער מוז גיין. וווהין טראָגט ער דאָס זיין קאָפּ? וויפל טריט איז דאָס נאָך געבליבן צו בוריאַן? פינף טריט. דער קינזשאַל איז שאַרף. נאָך דריי טריט... נאָך צוויי טריט...

בוסליי האָט אויפגעריסן די טיר. איצט וועט ער זיך וואַרפן אויף בוריאַנען. אויף דעם הפקר־מענטש, אויף דעם וואָס האָט געבושעוועט פינף טעג אין גלושינאָ, וואָס האָט בלוט פאַרגאָסן פון הונגעריקע פויערים. איין שפּרונג. און — אין דער אויפגעריסענער טיר שטייט דער גלייכגילטיקער דזשיגיטאָ.

— דו ביסט עס, בוסליי? וואַרט איין רגע.

דער געשטופּלטער האָט אָנגענומען בוסלייס האַנט און זיך אין איר איינגעקוקט. ער האָט געקוקט דורכדרינגלעך מיט אַ פּאַרגליווערטן בליק. אַ שווייס האָט באַשלאָגן בוסלייס שטערן. זיינע מוסקלען זענען לויז געוואָרן, די פאַרקראַמפּטע אָדערן האָבן נאָכגעלאָזן אַזוי ווי גע־פּלאַצטע סטרונעס. דער קינזשאַל איז אַרויסגעפאַלן פון זיינע הענט און געבליבן ביי דזשיגיטאַס פיס.

דער פּאָפּ לאַכט. דאָס ערשטע מאָל ווי בוסליי זעט אים אַזוי אָפן לאַכן. ווידער ליגט בוריאַן אויף זיין בעט, און אין שאָטן, ביי דער זייט שטייען די צוויי גלושינער פּויערים.

— בוסליי. עך, דו בוסליי.

— נעם דעם קינזשאַל — האָט געזאָגט דזשיגיטאַ — ער וועט דיר צונוץ קומען...

פאַרוואָס קוקט ער איצט אויף אים אַזוי פאַרשעריש? ער ווייס אוודאי וואָס איך האָב געוואָלט טאָן! ער ווייס אַלץ, דער דאָזיקער געשטופּלטער מכשף!

בוסליי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני לעבן מאַשאַן. עס דריקט אים ביים האַלדז. עמעצער שליידערט אויף אים געקוילעטע שאָף. אַ שעפּסן־בלוט אויסגעמישט מיט שוים רינט איבער זיין גוף. עס רינט אויף זיין קאָפּ און די הייסע בלוט־ריטשקעלעך ריזלען איבער זיין רוקן, איבער דער ברוסט. אָ, ווי שווער עס איז. נעמט אַראָפּ די טויטע שאָף פון מיר! זיי וועלן מיך דערווערגן. איך קען מער ניט. איך קען ניט. אָ, ווי הייס עס איז דאָס בלוט, דאָס שעפּסישע.

מאַשאַ האָט מילדע הענט. איר אָטעם איז אַזוי נאָענט.

ווער קלאַפּט דאָס אין שטיין? דאָס איז דזשיגיטאַ! ער קלאַפּט עס שוין ווידער ווי דעמאָלט אין וואַלד, מיט זיין פּייקע. דאָס קלאַפּט ער אַרויס דעם אויסגערויכערטן טאַבעק. אַזאַ אומהיימלעך קלאַפּן ווי טריט פון אַן אַנטלויפנדיקן אין אַ פינצטערער נאַכט. עמעצער רעדט שטיל. יעדעס וואָרט איז אַזוי שאַרף. דאָס רעדט דער געשטופּלטער:

— בוריאַן האָט צו אייך גערעדט. ער האָט געדאַרפט אַנדערש ריידן. איר זענט אָבער אַליין שולדיק. איר האָט דערפירט דערצו. בורגין האָט מיט געבעטן ניט גערירט אייערע הערצער — האָט איר דעם סריס בוריאַן. איר מוזט ווערן קליגער! עס וועט בעסער זיין פאַר אייך. מיר מיינען אייער טובה. מיר זענען געקומען אייך אויסלייזן, העלפן אייך געפינען אַ וועג צו דער וועלט. די זומפּן וועלן אייך איינשלינגען. מיר וועלן זיי אויסטריקענען. מיר קענען דאָס מאַכן. איר ווילט אונדז אומברענגען. אַ וועלט גייט אונטער און איר זיצט אין אייערע שטיבער אָן זאָרג. איצט האָט איר אַ גלויבן, אַ האָפענונג, אַז איר וועט אויסגעלייזט ווערן פון דער וויסטעניש. ווילט איר דען אייערע באַפרייער פאַרטרייבן?

דאָס איז געווען אַ פאַרפּלאָנטערט ריידן. די צוויי פויערים האָבן זיך געחידושט, געשטאַמלט פאַרלאָרן.

ווען דער פּאָפּ איז פאַרבייגעגאַנגען נעבן בורגינען האָט ער זיך אויף אַ רגע פאַרהאַלטן. בורגין האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ. ער מוז עפּעס זאָגן דזשיגיטאַן. ער קען ניט שווייגן. ער מוז אים זאָגן הכנעה־רייד, קלוגע, דורכגעטראַכטע, שאַרפזיניקע. ער איז קליין, נישטיק, אַזוי ווי דאָס לצל צופוסנס פון קעניגס טראָן. און אַז בורגין האָט דערזען נעבן דזשיגיטאַן די צעיוירענע מאַסקע פון סריס בוריאַן האָבן זיינע ליפּן אָנגעהויבן ציטערן. זיי זענען טרוקן געוואָרן. ער קען ניט אַרויסברענגען קיין וואָרט. די אויגן ריידן אָבער. זיי זענען איבערגעפולט מיט טרויער, געפאַלנקייט, פחד און שינאה.

— באַרויק זיך דו באָלטון, פלאָפּלער. אַפילו אין דיין שווייגן ביסטו אַ פלאָפּלער. ווער האָט דיר היינט די צונג געליימט? כאַ־כאַ־כאַ...

דאָס אומהיימלעכע געלעכטערל האָט זיך געקייקלט איבער דער האַלב־פינסטערער שטיינערנער געביידע.

אַ גאַנצן נאָוועמבער זענען געפאַלן נאַסע שנייען.

די שנייפּלאַטערס האָבן זיך פאַמעלעך געלייגט אויף דער פייכטער ערד און גלייך פאַרגעלט געוואָרן, דערנאָך האָט די געלקייט געטייעט

און עס זענען אַנטשטאַנען קאַלוזשעס — אַן אויסמישעניש פון ליים, גראָז־אָפּפאַל, שניי און גרינלעך־שוואַרצע זומפּ־וואַסערן. און אין דער אויסמישעניש האָט זיך געטראָנקען גאָטס הימל — דער גרויער, געדיכטער, בלייערנער הימל. די כאַטעס פון גלושינאָ מיט די קליינע שייערן, מיט די נאַקעטע ביימער, מיט די צוימען געפלאָכטענע פון ברוינע לאָזעס, מיט די פויערים אויף די שוועלן — דאָס אַלץ איז געהאַנגען ווי אין אַ חלל צווישן די צוויי הימלען; איינער אַ נידעריקער וואָס איבער די זילבערנע סכך־דעכער און אַ צווייטער וואָס שפּרייט זיך אין די קאַלוזשעס.

לאַנג איז געשטאַנען די גלושינערין גאַלינאַ ביים קליינעם פענצטערל פון איר כאַטע. זי האָט געקוקט צום שטיינערנעם טורעם, וואָס האָט זיך אַרויסגעטונקלט מיט אַ גרינעם שימל־שאָטן פון די ווייס־געלע שנייען, דער שאָטן איז צעריסן געוואָרן פון דעם שניי־געפאַל און פון די וואָלקנס וואָס האָבן געפּויזעט אויף דער פייכטער ערד. דער שטיינערנער טורעם האָט איר אומרויק געמאַכט. אויסטערלישע מענטשן האָבן זיך דאָרט באַזעצט. זי מוז זיי זען פון דער נאָענט. וואָס אומרויקער זי איז געוואָרן פון אַ בוריאַן, פון געשטופּלטן פּאָפּ, אַלץ מער און מער האָט עס איר געצויגן צו זיי. דעם וואָלפאָדעם וואָס זי האָט געשפּינט אין די דאָזיקע האַרבסטיקע אָוונטן האָט זי ניט געקענט רייניקן. עס האָבן זיך אַריינגעפלאָכטן אַזעלכע מחשבות וואָס זי האָט זיי געוואָלט פאַרטרייבן. אירע פינגער זענען דעמאָלט געוואָרן ווי די טרוקענע צווייגלעך. עס האָט זיך איר געדוכט אַז אַ פראָסט ליימט די פינגער־שפּיצן און אַז זי איז מער ניט די האַרין וואָס קען באַפעלן די פרירנדיקע פינגער.

דאָס וועב־ראָד דרייט זיך. אין דער ברוסט איז הייס. דער אָטעם פאַרהאַקט זיך. ביי די שלייפן וויגן זיך שאָטנס. ווער איז ער דער בורגין, דער שווערער צעגאָסענער בוריאַן, דער שווייגער מיט די גרויסע קאַלטע אויגן? זי וויל אַלעמען זען פון דער נאָענט. אַזוי נאָענט ווי מען זעט אַ פלאַם.

דער וואָלפאָדעם גיסט זיך אַזוי ווי אַ דינער זילבערנער שטראָם.

אַ, ווי ער האָט עס פאַרכאַפּט, דער שטראָם, אַזאַ שוואַרצן קנופּ? זאָל זי אָפּשטעלן דאָס וועבער־ראָד? ניין. זאָל עס זיך דרייען, זאָל זיך פלעכטן דער וואָל־פאָדעם דער דינער, דער מיידלש־צאַרטער, דער ריינער... קאַבאַיעוו איז פרעך. דער דאָזיקער קאַזאַק מיט דער אומריי־נער צונג, מיט די הענט די דעמבענע. אירע פינגער לאָזן אַלץ דורך אָטאָ די קנופּן פון וואָל־אָפּפאַל, די אומריינע. זי קען ניט לייטערן דאָס געוועב צוליב אירע מיידלשע טראַכטענישן. עס טוט ווי, זי באַדויערט, אָבער די אָנמאַכט ליימט איר. בורגין רעדט אַזוי שיין. ער רעדט אַזוי פיל. זיינע ליפּן זענען פייכט. די אויגן טיף — אַזוי זומפּיק טיף. ווען אַ ווינט צעטרייבט דעם גרינעם שליים דערזעט מען דעם אָפּגרונט... זי וואָלט זיך אַריינגעשליידערט אין דאָזיקן אָפּגרונט. ווי ער לאָקט זי. די וועלט איז געקומען קיין גלושינאָ. די ווייטע חלום־וועלט האָט זיך באַזעצט אין דער שטיינערנער געביידע. אָט איז זי די דאָזיקע וועלט וואָס וועגן איר ווערט געזונגען אין די וויגלידער. זי מוז זי דערשפּירן. זי איז זיכער אַז יעדער איינער פון זיי טראָגט אונטער די פּראָסטע שינעלן אַ ווונדער־האַרץ. דאָס האַרץ איז פאַרהוילן, עס איז אָבער גענוג צו דער־נענטערן זיך צו די מענטשן און זי וועט דערזען דאָס גרויסע ליכט וואָס שטראַלט פון זיי אַרויס.

אין די דאָזיקע טעג האָט זי נאָך מערער פיינט באַקומען אַרמו־דאַנען, דעם, וואָס זיין מוטער איז אוודאי אין איינע פון די שטורעם־נעכט באַשלאָפן געוואָרן פון שד טאַרפּיון און אַזוי אַרום איז געבאָרן געוואָרן דער שדישער זון זייערער אַרמודאַן. אַרמודאַן האָט זי צוריקגעשלעפּט צו די זומפּן, צו די טרויעריקע ווערבעס, צו דעם בלאָן־און־בלאָען וואַלד־רינג — און זיי, די מענטשן פון דער שטיינערנער געביידע האָבן זי אוועקגעפירט ערגעץ וויט, אין אַן אומבאַקאַנטער גרויסער וועלט אַריין. זי האָט זיך געוואָלט אַריינרייסן אין דער דאָזיקער וועלט אַזוי ווי עס רייסט זיך אַריין אַ זונשטראַל אין אַ פאַרשאָטנטער מאָכיקער וואַלד־פּאָליאַנע.

איר פאָטער, טשאַגאַן, איז געקומען פון דער באַגעגעניש מיט די פרעמדע. ער איז געשטאַנען ביי דער שוועל און געשוויגן. די שוואַרצע ברעמען, די געדיכטע, האָבן זיך צונויפגעצויגן. ער האָט אַ בייזן בליאַסק־געטאָן מיט די ווייסע ציין. לעבן אויוון זענען געפאַלן עטלעכע קאָטשע־רעס. אַ געל־געפלעקטע קאַץ מיט גרויסע פאָספאָר־אויגן איז אַראָפגע־שפרונגען פון אויוון און האָט זיך פאַרטשעפעט אָן דער שוואַרצער אויוון־בלעך. די אַלטע טשאַגאַניכע האָט בייז זי געטריבן. גאַלינאַ האָט גענומען די קאַץ אויף די הענט און זי געדריקט צו דער ברוסט. זי האָט זיך געוויגט מיט דער קאַץ און געשעפּטשעט גוטע רייד וועלנדיק אַזוי אַרום אויך באַרויקן דעם פאָטער.

— טרייב זי אַוועק, — האָט טשאַגאַן געזאָגט.

אין זיין שטים איז דאָ בייזקייט.

— איז עפּעס געשען?

די פעל פון דער קאַץ איז וואַרעם און גלאַטיק. די וואַרעמקייט צעגייט זיך איבערן לייב. זי פילט די וואַרעמקייט אין דער אייגענער שטים.

— זיי וועלן אונדז אומברענגען... אָן אַ גאָט זענען זיי... שדים האָבן זיי אָנגעשיקט אויף אונדז... שדים אָנהערנערדיקע...

טשאַגאַנס ווייב האָט אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ פון אויוונווינקל און געשעפּטשעט מיט איינגעהאַלטענעם כעס. דאָס איז געווען אַזאַ בייז געשעפּטשעריי ווי דאָס זידן פון וואַסערן אין גרויסע שטיינערנע טעפּ.

אויף דער שוועל איז שטיין־געבליבן דער אויסגעצויגענער גאַניך. דאָס פּנים פאַרוואַקסן, די הענט פאַרבראָכן, און דער קאָפּ צעשויבערט. ער האָט שווייגנדיק אַראָפּגעלאָזט זיך אויף דער אויוון־באַנק און שטאַר געקוקט אויף טשאַגאַנען.

אויף דער איקאָנע האָבן געפינקלט פאַרע־טראָפּנס. זיי האָבן זיך אַ ווײַלע געהאַלטן און דערנאָך זענען זיי אַראָפּגערונען, טראָפּן נאָך טראָפּן, לאָזנדיק גלאַנציקע אָדערן וואָס זענען גלייך פאַרגאַנגען ביז עס האָבן זיך אָנגעזאַמלט נייע טראָפּנס.

— זי וויינט, די הייליקע, זי באַווײנט אונדז... — האָט געשעפּטשעט די אַלטע.

— זיי ווילן אַלץ. ברויט. פּי. דאָס לעצטע ווילן זיי צונעמען. דערנאָך וועלן זיי צונעמען די טעכטער. די ווייבער. אַנטיכריסטן אַזעלכע...

גאַלינאַ איז מער ניט אומרויק. די קאַץ לאָזט זיך לאַשטשען. די וואַרעמקייט אירע מאַכט איר גוט. אַזאַ אָטעמדיקער וואַרעמער קנויל ביים האַרצן. זי וואָלט זיי אַלץ אַוועקגעגעבן. אַלץ וואָס זיי פאַרלאַנגען נאָר. זי וועט אַליין אַוועק צו זיי. זי וועט אַוועקגיין צו דער שטיינערנער געביידע. איצט קען זי אויסקלייבן: אָדער דער גליטשיקער טאָרפיון מיטן פאַרדעמפטן אָטעם פון באַגנעס — אָדער די הייס־אָטעמדיקע יונגען פון דער ווייטער וועלט? זי וועט ניט אָפּזיצן אירע מיידל־נעכט ביים שפּינראָד. אירע פעדעם זענען ניט ריין. זיי רייסן זיך. זי קען זיי מער ניט לייטערן. אירע פינגער ציטערן.

אַרמודאַן גייט. דאָס זענען זיינע טריט.

— פּאַרוואָס שווייגסטו, גאַנין?

ער וויינט אַן אָן־טרערנדיק געוויין. ערגעץ ניט וויט פון דער כאַטע האָט ער באַהאַלטן דעם ברודער. ער איז געפאַלן אַ פאַרבלוטיקטער אויף זיינע הענט. דאָס האָט געטאָן בוריאַן.

טשאַגאַן האָט עפּעס פאַרטראַכט. גאַלינאַ דערקענט דאָס לויט זיינע שטערן־קנייטשן, לויטןביילן די פויסטן. עפּעס וועט געשען. אַרמודאַנס געשטעל איז היינט אַן אַנדערער, אַזאַ דראָענדיקער. ער קוקט אַפילו ניט אויף גאַלינאַן. ער דרייט זיך אַרום איבער דער כאַטע און ביי יעדן טריט דוכט זיך ווי ער וואָלט אַרויסגעריסן זיינע פיס פון זומפּן.

גלושינאַ טרויערט.

מען הייצט שפּעט די אויוונס. ביינאַכט איז אין די כאַטעס פינצטער, מען צינדט ניט קיין קאַנעצלעך. פון די שטעלער טראָגט זיך אַ געיאָמער, אַ לאַנגער האַרץ־שניידנדיקער שעפּסישער געיאָמער, אַזאַ פאַרעקשנטער. פון דער ערד־צעווייקעניש האָבן זיך די צוימען אויסגע־

בויגן און די לאָזעס — צעפלאָכטן. דערווינט רייסט די צעפלאָכטענע לאָזעס ווי אַ האַנט אַ בייזע וואָלט געריסן די סטרונעס פון מאַנדאָלינעס. די פויערים פאַרלאָזן ניט די כאַטעס. זיי ליגן ביז שפּעט אין טאָג אַריין אויפן אויוון. דערנאָך שטייען זיי אויף די טרעפּלעך, איינגעטוליעטע אין די אַלטע שעפּסן־פּעלצן. טייל מאָל, אין די רעגנס, טוען זיי אָן אויף די קעפּ ראָגזשעס און לויפן אַריבער די גאַס, צום שכן. דאָרט שטייען זיי לאַנג ביי די אויוונס עקשנותדיק־שטיל, אַזוי ווי די פערד וואָס מען שטעלט אַוועק מיט די קעפּ צו בלינדע ווענט.

אָפּטמאָל זעט מען אויף דעם בלאָטיקן געסל, דעם געוויקלטן, דורכגיין עטלעכע מענער, באַוואָפנטע, אין לאַנגע שינעלן. זיי גייען צו צוויי, צו דריי. פון די שייבלעך קוקן אַרויס די פויערים און סודען זיך. די טריט דערוויטערן זיך. דער שניי פאַרוואַנדלט זיך אין אַ גרויער קאַשע, דערנאָך אין אַ געלבלעכער.

— דאָס גייען זיי צו דער מילנערין. פעסער סאַמאָגאָן פירן זיי פון דער ווינטמיל. דאָס קליינע פויערל זיצט דאָרט אָפּ ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין. ביינאַכט איז ליכטיק אין דער שטיינערנער געביידע. עס איז דאָרט פריילעך. אַהין קומען גלושינער מיידן. עס פירט זיי די מילנערין, זשיגולינס אלמנה.

גאַלינאַ הערט זיך צו צו די רייד. עס טרייבט זי פון הויז. זי וועט אַוועק. זי מוז אַוועק. פאַרוואָס זעט מען ניט מאַשאַן? פאַרוואָס קומט זי ניט מער? ווו איז זי די גוטע מאַשאַ?

ווידער שפּינט זי ביים שפּינראָד. איז דאָס וואָל אַזאַ אומריינס? פאַרוואָס לאָזט זי דורך אַזעלכע טונקעלע קנופּן?

דער וויסרוס לאַבוטיאַ קען צאַפּן סקיפּידאַר פון צווייגן. דער סקיפּידאַר ברענט אין די אָוונטן ליכטיק. אַ לוסטיק פייערל באַלייכט די שטיינערנע געביידע. דער גרויסער אויוון און דער קאַמין זענען אויסגעהייצט. לושינס מענטשן זענען אויסגערוט, זאַט און גוט געקליידט. אין אַ ווינקל פון דער געביידע זיצט גאַנין דער פּעלצן־נייער מיט

עטלעכע געהילפן, יונגע פויערים, און נייט פעלצלעך פון שעפּסן־פעל פאַר די פרעמדע.

מיט אַ וואָך צוריק האָט דזשיגיטאָ באַפוילן ברענגען גאַנינעץ. די אויסגעאַרבעטע פעל האָט מען צוגענומען ביי די פויערים.

כיטראָוו ווייס פון אַלעם. אים דערציילט די מילנערין וועגן אַלץ וואָס עס געפינט זיך אין די אַמבאַרן און שטאַלן.

דזשיגיטאָ איז ניט צופרידן פון דעם אָפענעם רויב וואָס עס האָט דורכגעפירט דער קאַזאַק קאַבאַיעוו אין סאַמע מיטן טאָג.

— לויטן געזעץ דאַרף מען... אַזוי איז דאָס רויבעריי... דאָס וועט אונדזער דיסציפּלין צעשטערן... — האָט געזאָגט דער פּאָפּ.

אַ גאַנצן טאָג איז ער ניט אַרויס פון זיין ווינקל, ערשט אין אָוונט האָט ער גערופן בורגינען צו זיך. צומאָרגנס האָט בורגין פאַרטיק־געמאַכט אַ גרויס געשריפט. „די באַפעלן פון דער מיליטערישער איינ־הייט צו דעם דאָרף גלושינאָ". אַחוץ דעם וואָס עס איז אָפּגערעדט געוואָרן מיט די דאָרפעלטסטע וועגן צושטעלן שפּייז, האָט נאָך בורגינס שריפט אַנטהאַלטן פאָלגנדיקע באַפעלן:

„יעדעס הויז מוז צושטעלן די שעפּסן־פעל. יעדער אַרבעטס־פעיקער מאַן מוז אָפּגעבן איין טאָג אין דער וואָך פאַר דעם ווויל פון דאָרף און פון דעם שטיינערנעם הויז. די וואָס קענען נייען, שמידן, די וואָל־פרעסער, די אַלע מוזן זיך מעלדן. דאָס אַלץ איז נויטיק צו שטאַרקן די פאַרטיידיקונג פון דאָרף קעגן די פיינט וואָס זאַמלען זיך אַרום גלושינאָ אין די וועלדער און זוכן נאָר אַ געלעגנהייט צו פאַרטיליקן דאָס דאָרף מיט אַלע אירע איינוווינער, אַזוי ווי זיי האָבן פאַרטיליקט הונדערטער דערפער. גלושינאָ איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן. לייטענאַנט לושין האָט אַוועקגעגעבן זיין לעבן פאַר גלושינאָ. ביי די זומפּן האָבן געלאַגערט באַוואָפנטע פיינט. זיי האָבן פאַרפלייצט אַ האַלב לאַנד. מיר זענען געשיקט געוואָרן אייך אויסצולייזן פון פרעמדע הענט. מיר האָבן אַלץ געטאָן אַז אייך זאָל זיין גוט. דאָס דאַרפט איר קיין מאָל ניט פאַר־געסן. לושין איז אייער באַפרייער. איר דאַרפט אַרויסוויזן געטריישאַפט צו זיין נאָכפאָלגער דזשיגיטאָ".

דאָס דאַזיקע שריפט האָט בורגין איבערגעשריבן עטלעכע מאָל און אַליין עס פאָרגעלייענט פאַר די גלושינער.

דאָס קליינע פויערל און קאַבאַיעוו זענען אַרומגעגאַנגען פון הויז צו הויז און פאַרלאַנגט אַז די מענטשן זאָלן לייגן זייערע חתימות אויף דעם דאָזיקן פאַפיר. די פויערים זענען געשטאַנען פאַר דעם צעוויקלטן פאַפיר און מיט נייגער און אומצוטרוי געקוקט אויף די געציקלטע אותיות. כיטראָוו האָט געשמייכלט, געשטשירעט די ציין און געשטופּט דעם בלייער אין די פויערישע הענט אַריין.

— ווייסט ניט וואָס דאָ שטייט? האָסט ניט געהערט וואָס אונדזער בורגין האָט פאַרפאַסט?...

די פויערים האָבן אַראָפּגעלאָזט זיך אויף די קני, געקראַצט זיך מיט די פינגער אין די האָר־קאָלטנס.

— נו, לייג אַוועק אַ צלמל... אין דער מאַמעס מאַמען אַריין... דאַוואַי... נאָך איינס... קאַרג ניט, מוזשיק איינער...

קאַבאַיעוו איז אומגעדולדיק. וואָס וועט ער זיך שפּילן מיט זיי אין שיינע רייד?

דער גלושינער פויער אַפאַנאַסי האָט געקניט, אַרויסגעשטעקט אַ שפּיץ פון דער צונג און מיט אַ ציטערנדיקער האַנט געמאַכט אַ שטריך, דערנאָך נאָך איינעם. ער האָט אָבער ניט געקענט אָנטרעפן אויף דעם ערשטן שטריך און עס האָט זיך באַקומען אַ קרום פאַסיקל לעבן אַ צווייטן קרומען פאַסיקל ווי צוויי פליגל פון אַ שוואַרצן פויגל. טראָפּנס האָבן זיך באַזעצט אויף זיין שטערן און ער האָט געסאָפּעט.

אַזוי האָט עס זיך איבערגעחזרט כמעט אין יעדער כאַטע. מען האָט גענומען אונטערשריפטן אומעטום. דערנאָך האָט בורגין אַרויסגע־האַנגען דאָס געשריפטס מיט די אַלערליי צלמלעך און שטרייכלעך, מיט די פאַרקרימטע אותיות און געדרייטע פעטליעס און פייגל־פליגל, אויף דער שטיינערנער וואַנט, אויבן אָן.

אין עטלעכע טעג שפּעטער, נאָך דעם ווי דאָס געשריפטס איז שוין געווען פאַרטיק, האָט בוריאַן אַרויסגעלאָזט זיך מיט עטלעכע סאָלדאַטן און צונויפגעזאַמלט די פויערים וואָס קענען טאָן מלאכות. די

לאַפּטשע־וויקלער, די וואַל־פּרעסער, די האָלץ־זעגער, די געוואַנט־שפּינער.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן די פריילעכע האַרבסט־נעכט אין די באַלויכטענע ווענט פון דער געביידע. קרוגן מיט סאַמאָגאָן. שיסלען זויער־קרויט און איינגעלייגטע אוגערקעס. פּענעצער ברויט, לעפּיאָשקעס און געבראָטן שעפּסן־פלייש. כאָכלאָוס לידער און קאָבאַיעווס טענץ; ווילדע קאַראָהאָד־טענץ, פּיס־טופּעריי, ווירבל־געדריי מיט רויט־אָנגעלאָפענע אויגן, פּאַטשעריי אין די שטיוול־כאָליאָוועס און אין די שויסן מיט די אָנגעדראָלענע האַנטפלאַכן, צום ריטעם, צום טאַקט ווי אַ וויסט געדריי פון אַ לויז־געוואָרענעם ראָד וואָס קאָלערט זיך ערגעץ מיט אימפּעט. קאָבאַיעוו קנוילט זיך איין, נידעריקער, נידעריקער, ביז דער ערד. די פּיס ווערן אומרויק. זיי לויפן, זיי לויפן מיט אַ ווילדן געלויף — און וווּנדער איבער וווּנדער, וואָס שנעלער די פּיס לויפן, וואָס האַסטיקער ער פּאַטשט מיט די הענט אין די כאָליאָוועס, אין די שויסן, אַלץ מער בלייבט דער גוף אויף איין אָרט. עס קומט אויס אַז ניט קאָבאַיעוו אַנט־לויפט, נאָר די פּאָדלאָגע אַנטלויפט פון אונטער זיינע פּיס, אַז עס אַנטלויפט די גאַנצע געביידע מיט אַלע שיכורע מענטשן. באַלד וועט זיך אָנשלאָגן אָן עפּעס די שווימענדיקע פּאָדלאָגע. זי טראָגט זיך אַזוי ווי אַ טראַטווע אויף ווילדע וואַסערן...

וואָלאָכאָוו האָט ליב דעם ביטערן טראָפּן. ער ווערט מילד ווי אַ קינד. יעדן איינעם וויל ער האַלדזן און צו יעדן רעדט ער האַרציקע רייד. די פאַרבאָרגענע גוטסקייט שווימט אַרויף אויבן אָן. זי שפּיגלט אַרויס פון זיינע אויגן.

— סאָקאָליקעס. עס איז גוט אַ זופּ צו טאָן... יעי באָגו... דאָס בשמהלע איז אַזוי טרויעריק... וואָס האָט איר זיך אָנגעזעצט אויף גלושינאָ ?...

בוריאַן קוקט אין זיין גוטמוטיקן פּנים אַריין ווי אין אַ וואָלקן. ער איז בייז, בוריאַן.

פראָן אָגלאָבלין האָט אַראָפּגעלאָזט די גרויסע אומגעלומפּערטע הענט.ביים האַרץ־גריבל ברענט אַ פייער. ער וואָלט איצט געוויינט,

געלאַכט, געשריגן. עפּעס דאַרף ער טאָן. עס איז אים אַלץ איינס וואָס. זאָל מען וויסן אַז ער איז דאָ אויף דער דאָזיקער וועלט.

בודנאָוו ווייס יאָ וואָס צו טאָן. ער וויקלט די לאַנגע וואָנצעס אויף די פינגער־שפּיצן. דאָס איז דער אויסדרוק פון העכסטער צופרידנקייט. ער דרייט זיך אַרום מאַשאַן, אַרום דער מילנערין. אומעטום איז ער אַן איבעריקער. בוסליי און דאָס קליינע פויערל פאַרשטעלן אים דעם וועג.

סטיאָפּאַ האָט מיט איין מאָל זיך אָנגעטרונקען, אַזויפיל וויפל עס איז נאָר אַריין. איצט גלאָצט ער מיט די שליפּיעס די רויט־פאַרלאָפענע.

שומילאָ זינגט. דאָס געזאַנג איז ענלעך צום געוויין פון אַ פאַר־לאָרן קאַלב.

כאָכלאָוו האָט אָנגעכאַפּט בורגינען פאַרן אַרבל.

— העי, שרייבערל... דו ווערסט זיך ניט אַרויסדרייען... דו ביסט דאָך דער ניכטערסטער... נאַרסט אָפּ! אונדז שיכורסטו אָן! טרינק מיטן פּראָסטן נאַראָד!... גיסט אָן, ברידערלעך!... איך וויל זען ווי דו מאַכסט עס! קענסט ניט?... ביסט ניט געבאָרן געוואָרן ביי פּראַוואָסלאַוונע עלטערן?... ווער האָט דיך געהאַט?... אַן אַנהערנערדיקער אַנטי־כריסט?... נעם, דו, בורגין, עפן דיין מויל, פאַרזוך דעם בראָנפן!... טרינק מיט דיין זמיע־מויל!... כאַ־כאַ־כאַ! דו שטעלסט אָן אַ פּאָר שלי־פּיעס!... מיינסט אַז איך וועל זיך איבערשרעקן? אַפילו פאַר צען אַזעלכע אומריינע וועל איך ניט אַנטלויפן!... איך בין אַ געטויפטער... אין פּעטשאָרסקאַיאַ לאַווראַ אַ געטויפטער!...

כאָכלאָוו איז שיכור. בורגין האָט אים אָוועקגעשטויסן פון זיך. ער איז געפאַלן און ווידער זיך אויפגעהויבן. בוסליי האָט זיך געשטעלט צווישן בורגינען און כאָכלאָוון.

דער געשטופּלטער גייט!

גאַלינאַ איז געקומען אַ שטילע און בלייכע. מאַשאַ האַלט זי ביי די הענט.

דזשיגיטאַ גייט אויף די קורצע פיס. ער וויגט זיך. מען דערקענט ניט אַז ער גייט. עס זעט אויס ווי עמעצער וואָלט געשטופּט אַ וואַקסענע

פיגור, אַן אויסגעשטאָפּטע, און פון דעם שאַרן זיך וויגט זיך די פיגור הין און צוריק.

דער פּאָפּ האָט זיך פאַרהאַלטן לעבן מאַשאַן און איר עפּעס שטיל געזאָגט. זיינע ליפּן האָבן עטלעכע מאָל אויפגעציטערט, נאָר קיין רייד האָט מען ניט געהערט.

מיט אַ מאָל איז עפּעס געשען. גאַלינאַ איז פאַמעלעך צוגעקומען צום געשטופלטן און זיך פאַרנויגט. איר בלייך פּנים האָט זיך אָנגע־צונדן מיט אַ רויטקייט. זי איז געליימט געוואָרן. די געביידע האָט זיך אַ וויג־געטאָן.

קאַבאַיעוו איז עטלעכע מאָל דורכגעלאָפן מיט אַן אויסגעשריי. דאָס איז געווען אַ ווילדער נצחון־געשריי, אַזאַ וואָס עס לאָזט אַרויס אַ קאָרשון ווען זיינע פליגל האָבן אַרומגעכאַפּט אַ פאַרבלאָנקעטע טויב און די שאַרפע בעגל זענען פאַרזונקען געוואָרן אין וואַרעמען טויבן־בלוט.

## קאַפּיטל פינף

אין די זומפּן לאַכט דער טאָרפּיון. דאָס שדישע געלעכטער מאַכט אומרויק די פייגל. זיי לאָזן איבער די נעסטן און פלאַטערן אַרום טשערעט. מען זעט נאָר דעם שאָטן־געשוועב זייערן, אַ צעריסענעם, אַזאַ ווי פון פאַרוועלקטע בלעטער וואָס דער ווינט טראָגט אין די האַרבסט־נעכט.

אין גלושינאָ איז נאַכט. דאָס וויסטיקע געלעכטער שלאָגט זיך אָפּ אין די קליינע בלינדע פענצטערלעך.

פויערטעס צלמען זיך. אַן איינזאַמער הינט בילט. אין קוימען פייפט דער ווינט, און די אויוון־בלעך קלאַפּט אין ליים. ניט־גוטע, ביעסן, האָבן זיך אָנגעזעצט אויף גלושינאָ. פריער האָבן זיי געוווינט אין דער וויסטער שטיינערנער געביידע, אין דעם טורעם. הונדערטער יאָרן זענען זיי געשלאָפן געפּענטעטע פון דער הייליקער בתולה ביז עס זענען געקומען די באַוואָפנטע מענער און זיי פאַרטריבן פון דאָרט. זיי האָבן דערוואַכט פון אַ לאַנגן שלאָף. איצט טראָגן זיי זיך אַרום אין די נעכט און טאָרפּיון איז געוואָרן זייער האַר.

אין דער נאַכט, ווען גאַלינאַ איז אַוועק צו די פרעמדע, האָט אַר־מודאַן ניט געקענט איינליגן אויפן געלעגער. ער איז געלאָפן צו טשאַגאַנס כאַטע, געשאַרט זיך ביי די פלעכט־צוימען, איינגעקנוילט זיך ביי די קוסטעס און אויסבאַהאַלטן זיך אין זייערע שאָטנס.

גאַלינאַ איז אַוועק ווי נאָר עס איז צוגעפאַלן דער אָוונט. זי האָט אָנגעטאָן איר שיין קלייד מיט די ווייסע פראַנדזן. ער איז איר פאַרלאָפן

דעם וועג, גערעדט צו איר, געבעטן זיך ביי איר נאָר זי האָט שפּאָטיש געשמייכלט.

— איך וועל באַלד קומען אַהיים... נאָר מאַשאַן וויל איך זען...

ער האָט געוואַרט לאַנגע שעהן, געקלאַמערט זיך אין קאַלטן שטיין. דערנאָך איז ער אַוועק אַהיים, אַוועקגעוואָרפן זיך אויפן שטרוי־געלעגער און געלעגן מיט ברענענדיקע אויגן. ער איז געלעגן אַזוי לאַנג ביז טאָרפּיון האָט אָנגעהויבן זיין וויסט געלעכטער. אַרמודאַן האָט געביילט די פויסטן, געשלאָגן זיך אין האַרץ אַריין און ווי אַ שטורעמווינט אויפגעפּראַלט דאָס טויער פון זיין הויף. ער איז געלאָפן צו די זומפּן, געשליידערט שטיקער ערד אין די נאַכטיקע וואַסערן אַריין, געוואָרפן שטיינער און ווילד געפּייפט.

דער שליים האָט זיך אין שטערן־ליכט געזילבערט. דער גרין־זילבערנער דעק איז אויפגעריסן געוואָרן פון די געוואָרפענע שטיינער. פון דער פּייפעריי האָבן זיך ערגעץ ניט וויט אָפּגעריסן דערשראָקענע שאָטנס און זענען באַלד פאַרזונקען געוואָרן.

אַרמודאַן האָט זיך געטראָגן אין דער נאַכט אַזוי ווי אַ דאָרנקוסט וואָס אַ שטורעם האָט אַרויסגעריסן מיטן וואָרצל און קייקלט עס איבער אַ וויסטעניש.

אין שטיינערנעם טורעם איז ליכטיק. זיינע אויערן כאַפּן אויף קולות. ער קען ניט דערגרייכן צו די קליינע פענצטערלעך. די וואַך גייט הין און צוריק. מען הערט דאָס קלימפּערן פון געווער און די טריט.

ער וועט ניט אַוועק פון דאַנען, דער צעפּייניקטער אַרמודאַן, ער וועט וואַרטן אויף גאַלינאַן. און אַז זי וועט ניט קומען וועט ער זיך אַריינ־רייסן און זי פון דאָרט אַרויסטראָגן אויף די הענט. זיין גוף ברענט און דער שטיין איז קאַלט. ער לייגט צו דאָס פּנים צום שטיין. ער וועט צעכראַסטען די ברוסט און קילן זי אין די שטיינער.

בוסליי האָט זיך איינגעקאָרטשעט און איז צונויפגעוואַקסן געוואָרן מיט דער שוואַרצער וואַנט ווי ער וואָלט געוועזן ניט קיין מענטש נאָר אַ שטיין־שאָטן.

אין דער געביידע זינגט כאָכלאָוו. דער קאַנטיקער קאָפּ, וואָס זעט

אויס ווי אַ שטיק אייז, טייעט און גלאַנצט. בוריאַן זיצט אויבן־אָן. דער גרויסער פליך זעט אויס ווי אַן אָפּגעבליאַקעוועטע דיניע. ניט ווייט פון אים שטייט דאָס קליינע פויערל און קוקט בוריאַנען אין שמאַלציקן פּרצוף אַריין.

בוסליי האָט זיך אַראָפּגעזעצט און פאַרשלאָסן די אויגן. נעבן אים זיצט מאַשאַ.

דזשיגיטאָוו נעמט ניט אַוועק זיין פּנים פון גאַלינאַן. די גלושינע־רינס לאַכן. זיי זענען שיכור. דאָס פייער אין קאַמין קנאַקט. דער פלאַם באַלייכט די שטיינער און שטיקער פּאָדלאָגע. די מיידן מיט צעהיצטע פּנימער בינדן די פאַרביקע קאָפּ־טיכלעך. זיי עטעמען הייס און בריען מיט די אָטעמס די האַלב־שיכורע סאָלדאַטן.

דער געשטופּלטער רעדט עפּעס צו גאַלינאַן. זיין האַנט רירט אָן איר אַקסל. ער פירט זי צום קאַמין. זי גייט ווי אַ פאַרבלענדטע פון באַכטבליצן. אירע הענט ציטערן. די פּאַקן־גריבלעך טונקלען. דזשיגיטאָ האָט איצט אַ פּנים ווי געהאַמערט פון קופּער. זיין האַנט איז שווער ווי אייזן.

דאָס קליינע פויערל דרייט זיך ביים קאַמין, ער שטאַמלט. לאַבוטיאַ קניט ביים אויוון. ער פאַרריכט דאָס פייער. דזשיגיטאָס קופּערן פּנים בייגט זיך אַלץ נענטער און נענטער צו גאַלינאַן. ערגעץ נאָענט האָט זיך אויסגעלאָשן אַ קאַנעצל. דאָס ליכט פון קאַמין גליטשט זיך איבערן דיל. אַן אויסטערליש געשעפּטש איז עס: אַן אויסמיש פון פלאַם־צישעריי, רעגן־טריפּעריי און אַ געלויף פון סטאַדעס אויף בלאָטיקע וועגן.

גאַלינאַ וויל אַרויס פון דעם ווינקל. עמעץ פאַרשטעלט איר דעם וועג. פון אַלע זייטן לויפן זיך צונויף די שטיינוועגנט. די מילנערין שרייט. אַ שיכורער פרייד־אויסגעשריי. כאַכלאָוו איז שוין הייזעריק. זי קען ניט אַרויס, גאַלינאַ, פון דעם ענגן ווינקל. די ווענט רוקן זיך צונויף און צוזאַמען מיט די ווענט רוקט זיך נענטער און נענטער דאָס קופּער־געהאַמערטע פּנים. איצט איז עס פאַרלאָשן געוואָרן. הענט שטרעקן זיך צו איר. הענט מיט קורצע פינגער. זי וועט שרייען. זי פאַרשטייט ניט די רייד פון אומהיימלעכן.

— רייד צו מיר אַז איך זאָל הערן. נעם אַוועק דיין פּנים. פאַרוואָס האָסטו מיך אַריינגעפירט אין דער פינצטערניש ? נעם אַוועק דיינע הענט. זיי זענען קאַלט ווי די אייזליכט. דיין פּנים איז פון אַ טויטן ! לאָז מיך. באַפריי מיך פון דער שטיין־קלעמעניש.

פאַרוואָס איז אַזוי שטיל געוואָרן ?

די פלעמלעך צאַנקען. ווו איז לאַבוטיאַ ? ווו איז דאָס קליינע פויערל ? ווו איז די גוטע מאַשאַ ?

— מאַש... מאַשאַ... — קיינער ענטפערט איר ניט. עס דערגייען נאָר בוריאַנס קאַלטע רייד. אַזעלכע פרעמדע ווערטער אין שטיינערנעם חלל.

— לאָז מיך... לאָז מיך... — שעפּטשעט גאַלינאַ — צינדט אָן די פייערלעך... נעמט אַוועק די קאַלטע שטיינער וואָס איר שליידערט אויף מיר... אַזעלכע קאַלטע שטיינער... ווער בריט עס מיין פּנים ווי מיט קראָפּאָווע ?... זענען דאָס דיינע אויגן, דו געשטופּלטער ? ווער האָט מיך געוואָרפן אַ נאַקעטע אויף די טשערעט־קוסטעס ? זיי בלוטיקן מיין לייב. זיי צערייסן מיט דער בלעכערנער שאַרף מיינע ברוסטן, מיין האַלדז ! נעמט מיך פון דאָרט אַרויס !... נעמט דאָס אַלץ אַוועק פון מיר ! דו, דזשיגיטאַ — — —

זי קען ניט שרייען. זי בעט זיך. זי שעפּטשעט. זי וויינט. איר געוויין מישט זיך אויס מיט דעם געלויף פון די סטאַדעס שאָף אויף בלאָטיקע וועגן, אויף זומפּיקע פעלדער, מיטן געטריפּעריי פון רעגן־טראָפּנס, מיטן צישעריי פון אַ פלאַם, מיטן געקנאַק פון סקעלעט־ביינער און טשערעט־געשאָרך. אָ, דאָס רעדט דאָך אַזוי צו איר דזשיגיטאַ. זיין אָטעם איז דעמפּיק ווי די נאַקעטע וואָרצלען פון סמיקע דערנער. דער ריח פאַרוויקלט זי. עמעצער וויגט זי ווי זי וואָלט געלעגן אויף אַ גאַלאָפּירנדיק פערד. געדיכט־געפלאָכטענע זומפּ־געוויקסן האַלטן זי אויף דער אייבערפלאַך. באַלד וועט זיך דער שליים צעשפּרייטן און זי וועט פּאַמעלעך פאַרזונקען ווערן אין אַ שוואַרצן תּהום. זי זינקט מיטן פּנים צו די הימלען און ווען עס וועט זיך פאַרשליסן דער זומפּשפּיגל איבער איר וועט זי עפענען די אויגן און זען אַ גרינעם הימל, דערנאָך וועט זיך

דער גרינער הימל דערוויטערן און זי ווערט בלייבן הענגען. דאָס וועט זיין אַ שוואַרצע אויסגעבעטע הוידנדיקע וויג. עמעצער וויגט זי שוין אין דער דאָזיקער וויג און עס פאַרוויגט זי אַ קוואַקעריי פון פרעש. — — —

ווען גאַלינאַ האָט זיך אויפגעכאַפּט איז זי געזעסן ביים אויסגע־לאָשענעם קאַמין. מאַשאַ וויינט. זי וויינט שטיל. בוסליי דריקט דעם קינזשאַל. גאַלינאַ פאַרריכט די צעריסענע קליידער, די צעשויבערטע האָר. קאַבאַניעוו ליגט אויף דער ערד און דראַט עמעצן מיט די פויסטן. ווידער פלאַקערט אויף אַ פייערל. לאַבוטיאַ האָט געבראַכט אַ שטויס טרוקן האָלץ. עס יאָגט פון אים אַ קעלט. די קעלט האָט זי וואַך געמאַכט. זי גייט אַ היים. די קליידער הענגען אויף איר ווי עפּעס פרעמדס. אַ קאַלטער ווינט לויפט איבער איר לייב. זי גייט איבער וויסטיקע שטעגן, האַרבסטיקע, פינצטערע. מען זעט ניט קיין שאָטנס. מען זעט ניט קיין שטיבער. אַ קלעפּיקע חשכות. הינטער זיך לאָזט זי די שטיינערנע געביידע. זי וואָלט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די קליידער, די הויט, אַוועק־געלייגט זיך אויף דעם בלאָטיקן וועגל. זי וואָלט אַריינגעשפּרונגען אין די קאַלטע וואַסערן אָפּצווואַשן פון זיך דעם באַריר פון געשטופּלטן.

די מילנערין איז פריילעך. זי זינגט. איר קול ברעכט זיך. איצט וויינט זי. דאָס קליינע פויערל באַגלייט זי צו דער ווינטמיל.

פּלוצעם איז אַנטקעגן גאַלינאַן אויסגעוואַקסן אַ שטאָם — אַ נידע־ריקער פאַרקראָמפּטער שטאָם. ער איז ווי אַרויסגעשפּרונגען פון דער ערד.

— אַרמודאַן.

ער האָט זי אָנגענומען ביי אַ האַנט. ער ציטערט. זי הערט זיין ציין־קלאַפּעריי. זי גייט אים בלינד נאָך. פון דער שטיינערנער געביידע טראָגן זיך קולות. מען האָט דאָרט עטלעכע מאָל אויסגעשאָסן.

אַרמודאַן גייט שנעלער, ער שלעפּט זי פאַר די הענט. זיי פּלאָנטערן זיך אַריין צווישן די צוימען און די קליינע הויף־גערטנער, און לויפנדיק אַזוי האָט זי זיך אָנגעשטויסן אויף אַ קאַלטן אייזן וואָס איז געהאַנגען אויף זיינע אַקסל.

— דאָס איז אַן אויטאָמאַט מיט קוילן.

— פון וואַנען האָסטו דאָס, אַרמודאַן?

מאָרגן וועסטו זיך דערוויסן. פון זיי אַליין וועסטו וויסן...

ער האָט גענומען דעם אויטאָמאַט אין די הענט אַריין און אים צוגעדריקט צום גוף. זי איז אַריין אין שטוב. אַרמודאַן איז פאַרזונקען געוואָרן אין דער שפּעט־האַרבסטיקער נאַכט־פינצטערניש.

ביינאַכט האָט מען געפונען דעם וואַכמאַן פון טורעם אַ דערוואָרגענעם. דאָס געווער האָט מען ביי אים צוגערויבט. דאָס האָט געטאָן אַ גלושינער. בוריאַן גרייט זיך צו באַשטראָפן דאָס דאָרף. די דאָזיקע בייס האָט געבראַכט די מילנערין. זי ווייס דאָס פון קליינעם פויערל. די פרעמדע קומען ניט קיין גלושינאָ. נאָר כיטראָוו דרייט זיך אַרום ביי דער ווינטמיל. פון דאָרט פירט אַ שמאָל וועגל צווישן זומפּן און קוסטעס צום טורעם.

די פויערים האָבן מיט כעס גערעדט וועגן דער נאַכט פון שיכרות. גאַלינאַ איז געלעגן אויפן אויוון און שטאַר געקוקט מיט רויט־אָנגעלאָפענע אויגן. די דאָרפס־מיידן וואָס זענען געווען אין דער שטיינערנער געביידע האָבן זיך אַרומגעדרייט אין די כאַטעס מיט אָנגעשוואָלענע אויגן.

— מען דאַרף אונטערצינדן דער מילנערינס הויז. — האָבן צווישן זיך גערעדט די פויערים.

אַרמודאַן איז נעלם געוואָרן. ער וועט מער ניט קומען צו די טשאַגאַנס. ער באַהאַלט זיך אין די פעלדער.

מיטאָגצייט האָט מען ווידער געשאָסן פון טורעם. דערנאָך איז שטיל געוואָרן.

אין גלושינאָ האָט מען ניט געזען קיין לעבעדיקן מענטש. עס פאַלט אַ שניי, אַ געדיכטער טרוקענער שניי. עס נעמט אַ פראָסט. מען דערקענט עס לויט די אָדערן אויף די קאַלושעס. אייזאָדערן פאַרציען זיך. עס ווערט ווייס אויף די סכך־דעכער, אויף די פעלדער. די סטאָגעס היי ווערן באַדעקט מיט אַ זילבער־ווייסקייט. דער שניי באַרויקט די מענטשן און לייטערט אויס זייערע בליקן. זיי שטייען ביי די פענצטערלעך,

אויף די טרעפּלעך, און שווייגן — אַזאַ פאַרעקשנט און געדולדיק שווייגן ווי די שטומקייט פון די בלאָן־און־בלאָע וואַלדנעפּלען.

פאַרנאַכט האָט זיך באַוויזן בוריאַן מיט עטלעכע באַוואָפנטע מענער. זיי זענען אַוועק צום דאָרף־עלטסטן. דאָס קליינע פויערל איז פאַרויסגעלאָפן דעם וועג. ער האָט מיט די פויסטן געקלאַפּט אין דער טיר אַריין און בייז געוואָרפן. טשאַגאַן איז אַרויס צו זיי. ער איז געשטאַנען אין דער אָפענער טיר פּנים אל פּנים מיט די באַוואָפנטע מענער.

— מען דאַרף דיך, קום אַהער. נאָר איין רגע. — האָט זיך אָנגערופן ס׳פּויערל. ער שמייכלט מיט די אַרויסגעזעצטע ציין און די אייגעלעך שווימען אַרום.

טשאַגאַן איז פאַרוואָלקנט. די געדיכטע סמאָלע־ברעמען זענען זיך צונויפגעלאָפן.

— קום, דער עלטסטער דאַרף דיר עפּעס זאָגן.

בוריאַן גייט אים אַנטקעגן מיטן פאַרגליווערטן פּנים. אַן אָנגעשוואָלן פּנים ווי אויסגעקנאָטן פון וואָלקנס און שניי. עמעצער פירט טשאַגאַנען. מען רעדט צו אים זיסע רייד, איבלדיקע. דאָס איז ס׳פּויערל. טשאַגאַן וויל צוריקגיין. ער קערט זיך אויס צו דער כאַטע און טרעפט אָן ווידער דאָס פּנים פון וואָלקן און שניי.

ווער טרייבט אים? ווער יאָגט אים? איז דאָס אפשר דער אימפּעטיקער געלויף באַרג־אַראָפּ? פאַרוואָס האָט זיך די ערד אַזוי נידעריק אַראָפּגעלאָזט?

—לאָזט מיך. וואָס ווילט איר?

טשאַגאַנס ציין האָבן אַ בליאַסק־געטאָן. ער האָט איינגעביסן די אונטערשטע ליפּ. די הענט זענען פאַרקראַמפּט. עמעצער רייסט אים אָפּ פון דער ערד. ער לאָזט זיך ניט אַוועקנעמען פון איר. זיינע פיס קלאַמערן זיך אין דעם באָדן. די הענט צוואַנגען זיך איין אין צווייגן. בייזע קולות. פרעמדע אָטעמס. מען שטויסט אים. ער וואַלגערט זיך אין בלאָטע. דאָס פּנים, די הענט, אַלץ ווערט אויסגעמישט מיט דער צעשוווימענער ערד. ער זינקט. די פאַרקראַמפּטע הענט האָבן ניט אין וואָס זיך אָנצוהאַלטן. ער זוכט אַן אָנשפּאַר און פאַרביילט נאָר שטיקער קלעפּיקע ערד.

גרויסע שטיקער ערד, אַזאַ אייגענע, אַזאַ היימישע, אַזאַ טרויעריק־אומגליקלעכע ערד — — —

בוריאַנס מענטשן האָבן פאַרלאָזט די דאָרפשטיבער שפּעט ביי־נאַכט. זיי האָבן מיטגענומען מיט זיך עטלעכע פויערים און זיי אָפּגע־שלאָסן אין איינעם פון די שטיינערנע קעלערן. שפּעט בייננאַכט האָט מען איינצלנע פון זיי גערופן צום קאַמין. דאָרט איז געזעסן בוריאַן, כאַכלאָוו און קאַבאַיעוו.

צוערשט האָט מען געבראַכט דעם יונגן סידאָרקאַ — אַ נידעריקער שמאָל־פּנימדיקער אין אַן אָפּגענוצט פּעלצל. ער איז געשטאַנען אַ ציי־טערנדיקער און ניט געקענט אַרויסברענגען קיין קלאַנג פון זיין מויל.

— רייד! מאַך אויף דאָס מויל! — האָט געשריען כאַכלאָוו. — דו, פאַראַדע פּאַהאַנע!

סידאָרקאַ האָט אַ צוק־געטאָן מיט די אַקסל, איינגעבויגן זיך צו דער ערד, ווי עס וואָלט זיך אויף זיין רוקן אַראָפּגעלאָזט אַ פלעדערמויז.

— אין דיין מאַמעס מאַמען אַריין, דו זונה־זון, וואָס האָסטו געטאָן נעכטן ביי די פענצטער פון דער געביידע?

קאַבאַיעוו האָט זיך אָפּגעזעצט אַ שוים אין די מוילווינקלען.

— איך האָב דאָך דיך אַליין געזען!

סידאָרקאַ שטאַמלט.

— ביי די פענצטער? ניין... ניין... ניט געווען ביי די פענצטער... געפלאָכטן לאַפּטשעס אין כאַטע... איך קען שווערן... סידאָרקאַ זאָגט אמת... תמיד זאָגט סידאָרקאַ אמת...

קאַבאַיעוו האָט אים אָנגעכאַפּט פאַר די אַקסל. ער האָט געטרייסלט דעם אָרעמען פויערים־יונג אַזש דאָס בלוט איז אים געקומען אין פּנים אַריין.

דערנאָך האָט מען גערופן דעם אויסגעצויגענעם, דאַרן פויער אושאַטאַי, מיט די ריזיקע הענט און גרויסע אויערן ווי די וויעסלעס. שפּעטער — דעם וויס־האָריקן יעליסעיעוו — דעם קרענקלעכן לאַנג־פּנימדיקן לאַפּון מיט דעם שוואַרצן האָראָנוווקס אויף דעם שטערן.

בעת די אויספאָרשונגען האָט בוריאַן אויפגעלעבט. ער איז געגליכן געווען צו די טונקעלע וואַסערן וואָס האָבן אַראָפּגעשליידערט פון זיך דעם אייזפּאַנצער.

קאַבאַיעוו איז באַפאַלן די פּויערים מיט זידלערייען, מיט ווילדע געשרייען, געוואָרפן זיך אויף זיי מיט די פויסטן.

— וואָס גלאָצט איר מיט די אויגן? איך קען אייך גוט! איצט זענט איר ווי די הייליקע. אין די נעכט לויערט איר אויף אונדז! איר ווילט אונדז אויסמאָרדן! יעדן טאָג איינעם דערשיסן — דאָס איז אייער פּלאַן! קאַבאַיעוון וועט איר ניט אָפּנאַרן. קאַבאַיעוו איז כיטרער פון אייך. סידאָרקאָ האָט אַלץ אויסגעזאָגט. דו, לאָפּון, האָסט אים צוגערעדט צו מאָרדן. ווער אפשר לייקענען? כאַ־כאַ־כאַ... ווייסטו ווער איך בין? קאַבאַיעוו, קאַבאַיעוו בין איך! אַן אור־אייניקל פון באַרימטן אַטאַמאַן באַלאַטניקאָוו וואָס האָט זיך אויפן צאַר פאַרמאָסטן! דער אַטאַמאַן באַלאַטניקאָוו האָט אַנגעפּלאָדיעט ממזרים אין אַלע קאָזאַקישע סטאַניציעס. איך שטאַם פון די ממזרים באַלאַטניקאָווס! זיין בלוט רינט אין מיר! אין די יונגע יאָרן האָבן אים די טאָטערן געפאַנגען און פאַרקויפט קיין טערקיי. פון דאָרט איז ער אַנטלאָפן קיין וועגעדיק און דורך פּוילן איז ער געקומען קיין ראָסיי און געגאַנגען אויף מאָסקווע... איך וועל נאָך אייך אַזוי אַוועק... כאַ־כאַ־כאַ...

ער איז שיכור, קאַבאַיעוו. אין גלושינאָ איז נאָך דאָ גענוג סאַמאָ־גאָן. ביים קאַמין איז הייס און לעבן אים שטייען ציטערנדיקע פּויערים, פינצטערע. כאַ־כאַ־כאַ...

כאָכלאָוו איז בייז. נעכטן האָט מען דערהרגעט זיין זעמליאַק סטיאָפּאַ. ער מוז נקמה־נעמען. ווער האָט דאָס געקענט טאָן? אוודאי אַרמודאַן. דאָס קליינע פּויערל זאָגט אַז אַרמודאַן. ער באַהאַלט זיך, דער שדישער זון.

די וואַרעמקייט ביים קאַמין, דאָס לוסטיקע אַרומצאַפּלען פון די פלאַמען, די שפּעטשערייען פון דערשראָקענע פּויערים, דאָס אַלץ האָט אים געמאַכט מיד און שלעפעריק. אויך קאַבאַיעוו איז מיד געוואָרן און אָנגעהויבן צו דרימלען. בוריאַן איז וואַכיק און ניכטער.

— ווייטערדיקע ?

אָט איז בלודאָוו, דער געזונטער יונג מיטן צעפלאַמטן פּרצוף. אָט איז שיפּאָוו דער שוואַרץ־געקרייזלטער מיטן רויטן פלאַם׳ אויף אַ באַק. שפּעטער האָט מען געבראַכט דעם דאָרף־נאַר ביביקאָוו — אַ קליין איינגעשרומפּן פויערל, אַ מענטש אָן אַ שאַרבן, ווי ער וואָלט אַנשטאָט אַ קאָפּ געהאַט אַ שטיק צונויפגעפּרעסטן געלן קעז.

עס קוקט אויף זיי טעמפּ און פאַרעקשנט דער סריס. ער נישטערט מיט די גלעזערנע אויגן. באַרירט זיי מיט די גליטשיקע הענט. זיי שרעקן זיך פאַר זיין בליק, פאַר זיין קול, פאַר די קורצע אָנגעשוואָלענע פינגער וואָס שטרעקן זיך צו זיי. ער רעדט ווי ס׳וואָלטן געסקריפּעט שערבלעך פון ליימטעפּ וואָס עמעצער טרעט אויף זיי. דער נאַגאַן זיינער ליגט אַ געלאָדענער. ער דערווייטערט זיך פון אים, לאָזט אים אומבאַשיצט לעבן די פויערים און דערביי שמייכלט ער שעלמיש צו זיך אַליין און אין דעם שמייכל איז דאָ אַן אַרויסרוף. אַ פאַרוואורף. ווי ער וואָלט גערעדט: איר פּחדנים, פינצטערע פּחדנים. נעמט דעם נאַגאַן און שיסט אויף מיר. פאַרוואָס טוט איר דאָס ניט? פּחדנים. אומזיסט טראָגט אייך די ערד די געדולדיקע. איר זענט ניט ווערט וואָס זי באַשפּייזט אייך... אין זיין צוריקציען זיך און אין לאָזן דעם געלאָדענעם רעוואָלווער איז דאָ דער האַזאַרד, די איינשטעלעניש פון אַ קאָרטן־שפּילער. אין אים וואַכט די צעווילדעוועטע חיה וואָס וויל זיך נאָך אַ שפּיל־טאָן מיטן קרבן. זי וויל אים זען אַ צאַפּלדיקן אין אָנמאַכט. ווער האָט עס אייך געליימט די הענט? פאַרוואָס קענט איר זיי ניט אויסציען צום נאַגאַן? איך! איך! בוריאַן האָט אייך געליימט! כאַ־כאַ־כאַ... ער לאַכט. איצט זעט זיין פּרצוף אויס ווי אַ סמיקע שוואָם וואָס אַ זון־שטראַל האָט זי באַלויכטן. דאָס גיפט שפּילט זיך אין זונליכט. צוויי מאָל געפאַנגען זענט איר: איין מאָל ווען מען האָט אייך געבראַכט אין דער שטיינערנער געביידע און דאָס צווייטע מאָל האָב איך אייך געפאַנגען. צאַפּלט אייך, ציטערט אין דער צווייפאַכיקער געפאַנגנשאַפט. עס איז גוט דאָס צו זען... כאַ־כאַ־כאַ...

בוריאַן לאַכט. ערגעץ קאָלערן זיך שטיינער פון אַ גרעבליע אין

די וואַסערן אַריין. אַ ווילד געקאָלער און אַ געפּליוך פון וואַסערן...

— היי, יונגען, טרייבט די סוואָלאָטשעס פון דאַנען. געגוג פאַר מיר! גענוג! לאָזן זיי זיך נאָך אַ נעכטעלע פרייען מיט גאָטס וועלט...

דזשיגיטאַ איז דאָ!

ער גייט ניט אויף די פיס — דאָס שווימט ער אָן אַזוי ווי אַ וואָלקן. עס ווערט ענג ביים קאַמין. בוריאַן קוקט אויף אים פאַרגליווערט. דער געשטופּלטער שווייגט. אַן אומהיימלעך שווייגעניש. באַלד וועט זיך דער וואָלקן אַראָפּלאָזן נידעריק. עפּעס וועט געשען ווען דער וואָלקן וועט זיך באַגעגענען מיטן אויסגעלאָשענעם פּרצוף פון סריס. אַ וואָלקן־בראָך וועט אים אַ שליידער־טאָן און צונאָגלען צו דער ערד.

אַ טויטע שטילקייט, אַ שווערע, אַ פינצטערע. און אין דער שטילקייט ברעקלט זיך אַ גלאָזיק קול.

— איך האָב געטאָן דיין ווילן... טשאַגאַן איז שוין דאָרט ווו דו האָסט אים געשיקט...• די זומפּן זענען מילדע... פול מיט רחמנות... זיי שלינגען ניט איין ווי די טייכן, ווי דער ים... זיי שפּילן זיך מיטן מענטש... הייבן אים אויף... האַלטן אים אין די אָרעמס... וויגן אים... גיבן אים האָפענונג... און מיט אַ מאָל — עפּנט זיך אַ טוך, אַ גרין־שוואַרצער טוך... דער טוך הילט איין... אַזוי ווי אַ מאַמע וואָלט איינגעהילט... און אויס... אויס... כאַ־כאַ־כאַ...

— שווייג! — האָט מיט כעס אויסגערופן דער וואָלקן.

מיט אַ מאָל איז ער צערונען געוואָרן, דער געדיכטער וואָלקן. דאָס שפּעטשעריי האָט אויפגעהערט.

דער געשטופּלטער קוקט אויפן פייער. ער איז פאַרשאָטנט. נאָר די אויערן די אָפּשטייענדיקע זענען אָנגעצונדן פון פייער וואָס טראָגט זיך פון קאַמין. ער איז מיד, שרעקלעך מיד.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער.

די ווינטמיל ברענט. נאָך אַ סאָלדאַט איז דערשאָסן געוואָרן. זיין קערפּער ליגט אין טראָסטניק, ניט ווייט פון טורעם.

אין דער זעלביקער נאַכט האָבן די סאָלדאַטן געברענגט גלושי־נער מיידן אין דער געביידע. די מילנערין געהערט איצט צו בודנאָוון. ער האָט זי אַוועקגענומען פון קליינעם פויערל. אַפילו פראָן אָגלאָבלין האָט זיך אויסגעזוכט אַ באַביאַנקע.

גאַלינאַ וויינט. זי בעט זיך ביי מאַשאַן אַז מען זאָל זי לאָזן צום פאָטער.

— פאַרוואָס באַהאַלט איר אים אויס? ער איז דאָך ערגעץ דאָ. פאַרוואָס האָט איר אים אַוועקגעפירט?

בוסליי וויזט ניט זיין פנים. ער שאַרט זיך ביי די ווענט. בוריאַן קוקט אים נאָך מיט פאַרדאַכט.

דזשיגיטאַ רעדט צו גאַלינאַן פאָטערלעכע רייד:

— ער איז ערגעץ דאָ, דיין פאָטער, איך וועל זיך נאָכפרעגן ווער עס האָט אים אַוועקגעפירט פון שטוב. איך וועל אַלץ טאָן פאַר דיר.

זי וויל אַוועק. עמעצער פאַרשטעלט איר דעם וועג. דאָס איז בוריאַן. ער לאַכט. אַ פראָסט נעמט זי אַרום. ווידער דאָס קליינע פויערל. מאַשאַ איז נישטאָ. זי איז אַליין. קעגן־איבער איר גליווערט דאָס געלע פנים פון געשטופלטן. שאָטנס רינגלען זי אַרום. זי קען ניט אַרויס פון זייערע סקעלעטן־הענט. דער קרייז ווערט ענגער. זי רוקט זיך אויף צוריק.

— נעמט אַוועק די טויטע הענט. לאָזט מיך! גייט אַוועק פון מיר. רירט מיך ניט אָן!

דזשיגיטאַס פאָקן־גריבלעך יאָגן אָן אויף איר אַ שוואַרצן פחד. דאָס וואַקסן־פנים צעשווימט אין דער נאַכט און עפּעס גליטשיקס צוואַנגט זי איין. זי בעט זיך שוין ניט. זי שרייט ניט. זי לאָזט זיך אַראָפּ אויף די קני און שליסט צו די אויגן. עס דוכט זיך איר אַז אַ מיאוסער שוואַרצער ראָב טראָגט זי נידעריק, נידעריק איבער די זומפּן.

די מילנערין האָט זיך אַריבערגעקליבן אין דער שטיינערנער געביידע און מיט איר צוזאַמען זענען געקומען ווינען גלושינער מיידן.

די געביידע האָט אויפגעלעבט. אין די נעכט צינדט מען פייערן. קאַבאַיעוו מאַכט לוסטיק מיט די קאַזאַקישע טענץ און מיט די שיכורע געזאַנגען. בודנאָווס וואָנצעס שויבערן זיך ניט מער. די מילנערין היט זיי אָפּ...

דאָס הויפּט־אָרט ביים קאַמין פאַרנעמט יעדן פאַרנאַכט דזשיגיטאַ. גאַלינאַ ליגט אין זיין ווינקל אַ שווייגנדיקע. טייל מאָל שטייט זי ווי אַ לונאַטיקערין הינטער דעם פּאַפּס רוקן.

אַלע האָבן שוין וויבער — וואָלאָכאָוו און כאָכלאָוו, קאַבאַיעוו און אָגלאָבלין, אַפילו לאַבוטיאַ, דער גרויסער אויסגעצויגענער וויסרוס מיטן קליינעם יינגל־קאָפּ האָט זיך צונויפגעפּאָרט מיט אַן איינגעשרומפּענער שוואַרצהויטיקער גלושינערין. בוריאַן איז געבליבן אַליין אויף זיין געלעגער. אָפט מאָל שמייכלט ער, קנייטשט דעם שטערן ביז טיף אין פּליך אַריין און די אויגן זיינע לעשן זיך ווי די פאַרטאָגיקע שטערן.

שווערע טעג לעבט איבער דער ראָטע־שרייבער בורגין.

די איינזאַמקייט וואָיעט אַרויס פון אים. קיינער דאַרף אים נישט. גאַלינאַ איז שיין. גאַלינאַ איז שטאָלץ — און די שטאָלצקייט אירע איז צעטאָיעט געוואָרן ווי דער ערשטער שניי. פאַרוואָס איז זי אַזוי אָנמעכטיק ווען דער געשטופּלטער פּאָפּ שטייט לעבן איר? ער לויפט אַרום און זוכט איר בליק, דער נאַרישער בורגין, ער וואַרט אויף אירע טריט. פאַרוואָס באַווייזט זי זיך ניט? ער וועט צערייסן דאָס שפּינוועב וואָס האָט זי בלינד געמאַכט, ער וועט צעטרייבן די פינצטערניש וואָס האָט זי פאַרהילט. ער וועט זי אַרויספירן פון די שטיין־שאָטנס די אומהיימלעכע. ער וועט אַוועקטרייבן דעם כישוף וואָס האָט זי אָנמעכטיק געמאַכט — דעם אומריינעם כישוף פון דעם דזשיגיטאַ. אין וואָס באַשטייט זיין כוח? אין וואָס? אפשר אין דעם פּראָסטיקן גלייכגילט? אפשר אין די קראָפּעווע־אויגן? אפשר אין די שטופּלען און אין די פּעטליע־אויערן? אָדער אין דער אומהיימלעכער פאַרהוילעניש זיינער, אין דעם דראָענדיקן שווייגן זיינעם? ער דרייט זיך אַרום, דער דזשיגיטאַ, ווי ער וואָלט געווען פון קאָפּ ביז די פיס אויסגעשטאָפּט מיט דינאַמיט און דער קלענסטער באַריר קען צעשטערן אַ וועלט. אַ חורבן און פאַרוויסטעניש

קען ווערן פון זיינס אַ וואָרט. איז דאָס דער סוד פון זיין גבורה? אָטאָ דער פּחד פאַר אַן אויפרייס ליימט עס אַלעמען?

בורגין רופט גאַלינאַן מיט זיין שטומקייט נאָר זי פילט דאָס ניט. זי קוקט אָפּטמאָל אויף אים און דערזעט אים ניט.

ווער איז ער, דער אומגליקלעכער בורגין?

אַפילו אַזאַ פויערים־טאָכטער פון אַ פאַרוואָרפן דאָרף מיידט אים אויס. און אפשר איז ער גאָרנישט דער בורגין וואָס אַמאָל. אַ שאָטן דרייט זיך דאָ אַרום. ווען ער וואָלט געווען אַ מענטש פון בלוט און פלייש וואָלט ער דערוואַכט פון דער געפאַלנקייט. ער וואָלט ניט געבוקט זיך צום אומהיימלעכן, ער וואָלט ניט געציטערט פאַרן סריס. דאָס איז אַ שאָטן וואָס האָט זיך אָפּגעריסן פון אַ געזונטן מענטשן וואָס האָט געהייסן בורגין. ער האָט ניט קיין כוח צו לעבן און וויל אויך ניט שטאַרבן.

מען לאַכט הילכיק.

אַ וויסטיק נאַכט־געלעכטער. שיכורע לידער. פלאַמען באַלייכטן די שטיינוועגט. דער וועכטער שיסט. אַ סימן פון האַלבנאַכט.

— בורגין! בורגין!

ווער רופט עס אים אַזוי הילכיק? אַזוי באַפעלעריש?

ווידער דאָס קליינע פויערל. שטענדיק וואַקסט ער אויס דער ערשטער, ער שאַרט זיך תמיד צווישן דזשיגיטאַ און בוריאַן.

מען וואַרט אויף אים. ע ר אַליין וואַרט. בורגין פאָלגט בלינד דעם רוף. ער גייט. די הענט ביילן זיך. ער וואָלט מיט די פויסטן געפּויקט איבער דעם אייגענעם שאַרבן. פאַרוואָס טו איך דאָס ניט? דאָס פּנים לאַכט מיט אַן אויסגעקרימטן געלעכטער. אין דעם געלעכטער איז דאָ ביטערניש, בייזקייט, חוזק, פאַרלאָרנקייט און פאַראַכטונג. פאַראַכטונג צו זיך אַליין.

— דו לעבסט נ אָ ך, בורגין?

דער פּאָפּ באַוועגט מיט די ליפּן. אַ סימן אַז ער טראַכט. פאַרוואָס איז בורגינס געלעכטער פאַרגליווערט געוואָרן און ער קען ניט אויסגלייכן זיין פּנים. איז דען דאָס זיין געזיכט? אָדער, אַ וויסטער לץ האָט אָנגע־

טאָן אויף אים אַ לאַכנדיקע מאַסקע? ער הייבט אויף זיין האַנט, באַרירט מיט איר דאָס פּנים ווי ער וואָלט געוואָלט אַראָפּרייסן די פרעמדע מאַסקע פון זיך. ס׳איז זיין הויט, ניט קיין לצישע מאַסקע! וועט ער אַראָפּרייסן די אייגענע הויט! ביז בלוט וועט ער רייסן די הויט. זאָל זיך אַנטפּלעקן דאָס פליש פון זיין פּנים.

— געמיינט אַז ביסט אין די זומפּן... אין די אָרעמס זייערע... אַז דיך וויגט טאָרפּיונס געליבטע... דו האָסט זי אַוועקגענומען ביים שד... זי האָט דיך ליבער ווי דעם שד... כאַ־כאַ־כאַ...

ווידער דאָס שפּאָטישע געלעכטערל, דאָס אויסגעטריקנטע. און ווי אַן עכאָ לאַכן מיט מיטן געשטופּלטן בוריאַן און דאָס קליינע פויערל. אַפילו גאַלינאַ לאַכט. איר געלעכטער טוט אים וויי.

ער וועט שוין קיינמאָל ניט קענען אַראָפּוואַרפן פון זיך די פרעמדע מאַסקע. זאָל זי לאַכן, די מאַסקע, צוזאַמען מיט די דאָזיקע מענטשן. עס וועט פריילעכער זיין.

— כאַ־כאַ־כאַ — — — —

זיין לאַכן פלעכט זיך אַריין אין שיכורן געלעכטער וואָס טראָגט זיך אין האַלבנאַכט ביים קאַמין.

— האָסט פאַרלאָרן דאָס לשון, בורגין?

דאָס איז נישט קיין פראַגע. דאָס איז אַ באַפעל פון דזשיגיטאַ.

צוויי וואָגשאָלן וויגן זיך האַסטיק. אויף איינער — אַ שטאָלצער מענטש. אויף דער צווייטער — הכנעהדיקער לץ. די וואָגשאָלן וויגן זיך אַראָפּ־אַרויף, אַרויף־אַראָפּ. דער לץ נעמט די אויבערהאַנט.

— איך בין דאָ! איך בין דאָ! ניט אין די זומפּן, נאָר אויף דער ערד דער אַנטפּלעקטער דורך לושינס מיראַזש. אַ ליכטיקן גן־עדן אים דאָרט ווו ער איז! כאַ־כאַ־כאַ.

פאַר טאָג האָט מען באַפרייט די גלושינער. בוריאַן האָט באַשטימט ביביקאָוון פאַר דעם דאָרף־עלטסטן איבער גלושינאָ און זיין געהילף וועט זיין סידאָרקאַ.

דער ראָטע־שרייבער, בורגין, איז אַוועק אין דאָרף אַריין איבער־לייענען דעם באַפעל. דזשיגיטאָוו האָט אים אָנגעזאָגט צונויפצונעמען אַלע מענער און דערציילן זיי וועגן דער גרויסקייט פון לושינען און פון לושינס מענטשן.

סידאָרקאָ צוזאַמען מיטן דאָרף־שוטה ביביקאָוו זענען אַ האַלבן טאָג אַרומגעגאַנגען פון כאַטע צו כאַטע צונויפצורופן די מענער אין טשומאַקס קוזשניע. זיי האָבן געקלאַפּט אין די פענצטערלעך, אָנגעזאָגט די נייס אַז בורגין וועט פאַר זיי ריידן.

סידאָרקאָ ציטערט פאַר קעלט. ער איז בלוי. די לאַפּטשעס צעפּלעכטן זיך אים, ער שטעלט קאָמישע טריט ווי ער וואָלט געטאַנצט און האָט דערביי מורא אָנצוטרויען זיינע פיס דער דאָזיקער צעווייקטער ערד.

אַ גאַנצן טאָג האָבן בוריאַנס מענטשן געזוכט אין די שטיבער, אין די אַמבאַרן און קעלערס. מען האָט צוגענומען אַ טייל פון געפונענעם שפּייז.

אַרמודאַן איז ווי פאַרזונקען געוואָרן. דאָס קליינע פויערל נישטערט איבערן דאָרף. פאַרטאָג גייט ער אַרויס זוכן די שניישפּורן. ער וויל דערקענען אַרמודאַנס נאַכטיקע וואַנדערונגען.

אין דער שמידערייִ איז רעשיק. אַ רויך פון טאַבעק וויקלט זיך אין דער פייכטעניש. אַ טוכלער ריח פון פעל, פון חלב, אויסגעמישט מיט שאַרפע אָטעמס פון פויערים פילט אויס טשומאַקס שמידערייִ. עס וויגן זיך קעפּ, בערדיקע, צעפּאַטלטע, קאָלטענעוואַטע, שוואַרצע ווי סמאָלע, געקנייטשטע שטערנס, געמאַרשטשעטע, אויגן — מילדע, וואַסערדיקע, קלאָרע, שוימיק־גרינלעכע און אַרום די אויגן — פאַלדן, מאַרשטשן, שאַרפע אַזוי ווי די זונשטראַלן. זיי שאָקלען די קעפּ, וויגן זיך, און אַז זיי ריידן ווערן די צעקאַרבטע שטערנס אומרויִק. שאָטנס לויפן אַרום איבער זייערע פּנימער און טראָפּנס שוויס ווי דער טוי דער פאַרטאָגיקער באַזעצט זיך אויף די קינבאַקן, אויף די שטערנס.

דאָ, צווישן די פויערים פילט בורגין זיין גרויסקייט.

— גלושינאָ איז פריי געוואָרן. ביז איצט זענט איר געווען פאַר־שקלאַפט. איר האָט געלעבט ווי די זומפּ־קראָטן. איצט זענט איר אַ טייל פון אַ גרויסער שיינער וועלט. דאָס האָט איר אונדז צו פאַרדאַנקען ווייל מיר זענען די שליחים פון דער גרויסער וועלט. איבער אייך האָט געהערשט טשאַגאַן און טשומאַק. זייערע הייזער זענען די שענסטע און אייערע — די אָרעמסטע. איצט וועט איר אַליין אָנפירן מיטן דאָרף. אַזאַ ערלעכער און פשוטער פויער ווי ביביקאָוו וועט זיין דער עלטסטער. ער וועט אייך ניט אָפּנאַרן. ער איז אַ גערעכטער מענטש...

די פויערים האָבן חידושדיק זיך איבערגעקוקט. אין דעם נעפּל פון רויך און פרירנדיקע אָטעמס האָבן נאָר אַרויסגעגלאָנצט די קינבאַקן און די פייכטע שטערנס.

דער לץ אין בורגינען לאַכט. דאָס איז אָבער אַן אינעווייניקסט געלעכטערל וואָס קיינער זעט עס ניט.

— איר וואָלט אָפּגעלעבט אין פינצטערניש... איר וואָלט ניט געזען קיין אויפגייענדיק ליכט... מיר וועלן אייערע קינדער לערנען... מיר וועלן איבערבויען די גרעבליעס... מיר וועלן מאַכן וועגן... מיר וועלן אייך אַרויספירן אין דער וועלט... מיר קענען דעם וועג... טשאַגאַן און טשומאַק האָבן אייך גענאַרט... זיי האָבן אייך אָפּגעשניטן פון די דערפער... זיי האָבן אייך באַשווינדלט מיטן זאַלץ... לושין האָט אונדז אָנגעזאָגט אייך צו פאַרטיידיקן... מיר האָבן ניט צוגעלאָזט די שׂונים צו אייער דאָרף... אין שטיינערנעם טורעם זיצן אייערע ברידער, אייערע באַשיצער. אייער הויפּט־באַשיצער און פאָטער איז דזשיגיטאָוו...

בורגין זעט די פאַרחידושטע פויערים, ער זעט דעם וואָלקן וואָס וויקלט זיך נידעריק איבער די קאָלטענעוואַטע קעפּ.

אַלע גרענעצן צעשווימען. אויס לץ, אויס בורגין. ער רעדט ווייל עס איז גוט צו זען די אַנגסטן וואָס באַשלאָגן די מענטשן. עס איז גוט צו פילן די דאָזיקע קלויסטער־שטילקייט. ער הערט זיך אַליין אין דער אייגענער שטים. זי קלינגט ווי אַ קופּער־גלאָק. ער קען דעם המון מאַכן שטיל, ער קען זיי באַפעלן אויפצושטעלן זיך פון די ערטער. ער קען שטאַרקער קאָרבן זייערע שטערנס, ער קען פאַרוואָלקענען זייערע

אויגן, ער קען זיי מאַכן אומרויק אַזוי ווי עס טוט עס דער ווינט מיט די סאָסנע־שפּיצן אין וואַלד. ער קען זיי איבערשרעקן אַזוי ווי ס׳שרעקט די נאַכט מיט אירע שאָנטס די שטילע לאָנקעס. און אַז ער וועט וועלן — וועט זיך אַ ליכטיקייט צעשפּרייטן אין דער דעמפּיקער קוזשניע. איצט גלויבט ער אין דעם וואָס ער זאָגט צו די פּויערים. מען דאַרף דאָך פאַר־ריכטן די גרעבליעס. מען מוז אַנטפּלעקן פאַר זייערע קינדער דאָס ליכט פון וויסן. מען קען דאָך באמת שאַפן פאַר זיי אַ וווּנדערוועלט. זאָל זיך נאָר די מלחמה ענדיקן. אַלץ איז אמת וואָס ער זאָגט זיי. ריינער אמת, ווי דאָס קוואַלוואַסער. איצט וויל ער אַז מען זאָל אים פאַרשטיין. ער רעדט צו זיי אויף זייער לשון. בורגין איז איינער פון די אומגליקלעכע זומפּ־מענטשן. אַליין אַ געפאַנגענער וואָס רייסט זיך צו אַ פרייער וועלט.

און אַז ער איז אַרויס פון דער קוזשניע איז אים נאָכגעגאַנגען דער דאָרף־נאַר ביביקאָוו מיט דעם פינצטערן פּנים, און נאָך אים האָט זיך נאָכגעשלעפּט דער רויטנאָזיקער סידאָרקאָ.

דער ווינט האָט געמאַכט אַ תל פון די טרוקענע גראָזן. פאַרנאַכט האָט ער זיך איינגעשטילט. עס שנייט. ווידער איז דאָס אַ פייכטער שניי. עס איז שוין די צייט פון פרעסט און דאָך טייעט עס יעדן נאָכמיטאָג און דאָס גלאָזיקע אייז פון די קאַלושעס ברעכט זיך.

וואָלאָכאָוו איז די לעצטע טעג ניט איינגעזעסן אין דער שטיינער־נער געביידע. זיינע שלאָסער־הענט, געוווינטע צו אַרבעט, האָבן ניט גערוט. שטענדיק האָט ער אויסגעזוכט וואָס צו טאָן. טייל מאָל אין דער קוזשניע ביי די צעגליטע שטיקער אייזן, פלעגט ער אָוועקטרייבן קאָלקאָן און רייסן דעם בלאָזזאַק, פונקען זענען אָפּגעשפּרינגען מיט געטרעסקעריי. דערנאָך האָט ער געהאַלטן דאָס צעגליטע אייזן מיט אַ צוואַנג און געקלאַפּט אינעם אייזן אַריין. עס איז אַזוי נאָכגעביק, יעדער קלאַפּ זינקט איין אין אייזן. עס איז גוט צו זען ווי דאָס אייזן בויגט זיך. טייל מאָל האָט ער געפירט די זעג און פאַרמאָסטן זיך דורכ־צוזעגן די דיקסטע קלעצער. גוט איז אויפצוהייבן די האַק הויך איבערן קאָפּ און זי אַראָפּלאָזן אויף דעם סאָסנע־קלאָץ. צוויי טיילן צעשפּאַלטן

זיך און פאַלן צו זיינע פיס. די גרעבליעס וועלן פאַרשוואַנקען ווערן. דאָס געפּלעכטס פון צווייגן צעוויקלט זיך. די סאָסנע־קלעצער זענען שוין אונטערגעפוילט. דער אָנשיט פון שטיינער, ליים און ערד וועט אַוועקגעריסן ווערן דורך די פרילינג־וואַסערן. איצט איז די צייט צו פאַרריכטן עס. איצט קען מען שניידן צווייגן און מיט זיי פאַרוואַרפן די זומפּיקע וועגן און אויף די צווייגן שיטן ערד, וואַרפן שטיינער און ליים.

אין גלושינאַ זעט מען ניט קיין מענטשן. וואָלאָכאָוו גייט פאַרביי די הייזער און קוקט צו די קליינע אָרעמע פענצטערלעך.

ווו זענען די פּויערים? ערגעץ גייט אַ זקנה. זי טראָגט אויפן רוקן אַ בינטל צווייגן. פון אַ שייבל קוקט אַרויס אַ פּויערטע. דאָס קאָפּ־טיכל איז איר פאַרקנופּט ביי דער גאָמבע. אַ ציג וויינט. די זומפּפעלדער, די גערטנער, די שטיקער אַקער־ערד זענען ווי פאַרלאַטעט מיט גרויע שניפּלעקן. דער בלאָער וואַלד־רינג, דער פאַרנעפּלטער, האָט זיך דערוויטערט.

אין וואָלאָכאָוון האָט דערוואַכט דער אַרבעטער, דער שלאָסער, וואָס איז יעדן פאַרטאָג געגאַנגען צו זיין אַרבעט אין דער גרויסער פאַבריק. גענוג געלעגן אויף די אויוונס! אַ דאַרף זינקט אין זומפּן און די מוזשיקעס פלעכטן זייערע לאַפּטשעס וואַרעמענדיק זיך די רוקנס ביי די אויוונס. איצט איז די צייט פאַר אַרבעט. אין פרילינג דאַרף מען אַקערן און זייען. איצט קען מען צוקומען צו די קוסטעס, צו דיביימער, מען קען אַרויספירן דאָס געהילץ. די וועגן זענען פון די פּראָסטיקע נעכט פאַרהאַרטעוועט געוואָרן.

דזשיגיטאַ און בוריאַן האָבן אויסגעהערט וואָלאָכאָווס רייד. ער איז געשטעלט געוואָרן ווי דער עלטסטער איבער די אַרבעטן וואָס דאָס דאַרף מוז דורכפירן.

יעדן פאַרטאָג האָט ביביקאָוו געקלאַפּט אין די לאָדנס און גערופן די פּויערים. זיי זענען געקומען פאַרשלאָפענע, צעשורפּעטע, מיט צעריי־סענע זעק, מיט לאַפּטשעס אויף די פיס, פאַרגאַרטלטע מיט ליקע־שטריק, אין גרויסע הענטשן. טייל האָבן געטראָגן מיט זיך העק און רידלען. געפירט האָט וואָלאָכאָוו. זיי זענען געגאַנגען שווייגנדיקע און

מורמלדיק בייז געגומען זיך צו דער אַרבעט. זיי האָבן געקוקט אויף וואָלאָכאָוון מיט אומגלויבן און שפּאָט. טייל מאָל פלעגט זיך עמעצער פון די פויערים איינקוקן אין די בלאָע ווייטן און טיף אָפּעטעמען מיט זיפצעריי.

צווישן זיך, האָבן זיי שטיל גערעדט, אַז ס׳איז ניט די צייט צו פאַרפעסטיקן די גרעבליעס, בעסער זומער, ווען די ערד איז צעוואַרעמט און די זומפּן טריקענען אַ ביסל איין. זיי האָבן אָבער מורא געהאַט דאָס צו זאָגן הויך. מען האָט די גלושינער געטריבן יעדן טאָג צו דער אַרבעט. צוריק זענען זיי געקומען ווען עס האָט שוין געטונקלט, דורכגענעצטע, מידע, פאַרבלאָטיקטע.

ביביקאָוו האָט געמוזט יעדן פאַרנאַכט זיין אין דער געביידע און אויסרעכענען די נעמען פון די גלושינער וואָס זענען ניט אַרויס צו דער אַרבעט. מיט זיי האָט זיך פאַרנומען דער סריס.

אין די אָוונטן האָט בורגין גערעדט צו די מידע פויערים אין דער שמידעריי:

— דאָס טוט איר פאַר זיך. פאַר אייערע קינדער. מען מוז פאַר־פעסטיקן די צוימען. פאַרריכטן די וועגן. עס איז שווער, אָבער דערנאָך וועט איר לעבן לייכטער. איצט איז די צייט דאָס צו טאָן... זומער וועט איר דאַרפן אַרבעטן אין פעלד... וואָס מער ברויט דאַרף מען...

די פויערים הערן אים אויס געדולדיק. עמעצער הוסט. איינער וויקלט מאַכאָרקע. די לאָמפּן ברענען שלעכט. אַ טשאַד און אַ סאַזשע טראָגט זיך פון די געלע פלעמלעך. בורגינס שאָטן צאַפּלט אַרום אַן אומרויקער אויף דער שטיינערנער וואַנט.

אין די פויערישע היימען זיצן זיי ביי די אָוונטיקע טישן. טונקען אין זאַלץ די הייסע קאַרטאָפל. זופּן דעם ראָסל פון אוגערקעס. דער אויוון איז וואַרעם. די ווייבער בעטן אויס דעם פּיעקעליק מיט די ראָגזשעס און פעלצן. מען ברענגט פון די שטאַלן די שעפּסן מיט די ניי־געבאָרענע שעפּסלעך. עס שמעקט אין דער כאַטע מיט וואָל, מיט מאָך, מיט זשיוויצע, מיט פּאָמאָיעס און שוויס.

די נעכט זענען לאַנגע. דער ווינט רייסט די סכך־דעכער. אַ פּייכטע שניי־זאַוואַיע פּאַטשט אין די שייבלעך. אין די קוסטעס וואָיען וועלף. פאַרטאָג דערקענען די פויערים סימנים אין שניי: אָפּדרוקן פון שדישע טריט, קלאָען געשפּאָלטענע און צייכנס ווי עמעצער וואָלט אויסגעקערט אַ וועג אין שניי.

— האָ־האָ, דאָס איז דאָך פון דעם שדישן עק. ער שלעפּט זיך אים נאָך, דער פּוכיקער עק, ווי ביי אַן אַלטער פוקסיכע...

דאָס קליינע פויערל איז בייז. בודנאָוו האָט צוגענומען ביי אים די מילנערין — די געזונטע פויערטע מיט די גרויסע וויגנדיקע היפּטן. אַז זי דערזעט אים לייגט זי אַרויף איר שווערע האַנט אויף זיין פּלייצע און לאַכט אים אין פּנים אַריין:

— טרויער ניט מוזשיק... כ׳וועל וואַרטן אויף דיר ביז וועסט אונטערוואַקסן... וועסט דעמאָלט אפשר ווערן אַן אמתער פויער...

ער גרייכט איר ביז די אַקסל. אַז זי לאַכט ציטערט אויף איר די הויט פון די פליישיקע הענט. דאָס פויערל שלעפּט זיך אַרום איבערן דאָרף. ער גייט אַריין אומגעבעטן אין כאַטעס, פאַרפירט שמועסן מיט די פויערים. טייל מאָל פּלאָנטערט ער זיך ביי דער גרעבליע, גיט עצות ווי אַזוי צו אַרבעטן און יאָגט זיי דערביי אונטער מיט געבייזערייי.

פאַר בודנאָוון האָט ער מורא. געווג אַז ער דערזעט זיינע צעשויבערטע וואָנצעס ווי עס אַנטפאַלט אים דאָס האַרץ. דעמאָלס שאַרט ער זיך אַוועק אומבאַמערקט. ער זיצט אָפּט ביי די אָרעמע פויערישע טישן און רעדט צו זיי מיט חניפה.

— עס איז אייך שווער... מען טרייבט אייך, אומגליקלעכע... איך בין נישט שולדיק... דאָס איז דער וואָלאָכאָוו... כ׳וועל זיך באַמיען פאַר אייך... מיין האַרץ טוט מיר וויי... אין אַלעם איז שולדיק די מילנערין, ווי גאָט איז מיר ליב... זי איז שולדיק... זי רעדט זיי אָן... דער אָרעמער אַרמודאַן מוז זיך נעבעך וואַלגערן אין די שייערן און פעלדער... דער געשטופּלטער האָט געהייסן גאַלינאַס פאָטער אַריינוואַרפן אין די זומפּן און זי צוגענומען פאַר אַ מיטשלעפּערין... כאַ־כאַ־כאַ...

ער לאַכט מיט אַ קעציש געעלכטערל. זיינע אויערן זענען אָנגע־

שפּיצט. די נאָזלעכער צעשפּרייטן זיך. דאָס קליינע פויערל וואַרט אויף עפּעס. באַלד. נאָך אַ רגע. ער דערקענט דאָס אין די פויערישע בליקן. וואָס וועט געשען ווייס ער ניט.

— אוי, דער אומגליקלעכער אַרמודאַן... איך וויל אים העלפן...

דאָס קליינע פויערל נעמט אַ הייסע קאַרטאָפל פון טיש. זי בריט זיינע פינגער. ער שיילט שנעל די שאָל און טונקט אין אַ קליין בערגעלע זאַלץ.

— ווייסט איר ניט ווו ער איז? ווו ער באַהאַלט זיך?

די פויערים קוקן דערשראָקן אויף דער איקאָנע.

— האָסט געטרונקען, פּרעמדער. דו לאַכסט אַזוי ווי אַן אָנגעטרונקענער.

די געלע ציין שטאַרצן אים אַרויס. די אייבערשטע ליפּ איז פאַרריסן. ער גייט אויף די טרעפּלעך. זיי זענען האַלב־פאַרשנייט.

ביים פייער זיצט דזשיגיטאַ. בוריאַן רעדט עפּעס צו אים. דאָס קליינע פויערל דרייט זיך שוין אַ צייט אַרום. ער וויל פאַרשליסן דאָס מויל און קען ניט. ס'פעלט אים אָטעם. ער שטיקט זיך. אַז ער האַלט אָפּן דאָס מויל עטעמט זיך אים בעסער. ער וויל איצט ריידן מיט דזשיגיטאַן ערנסט, אַן דעם געלעכטערל. ווען די מילנערין האָט אים אָפּגעשטויסן פון זיך איז ער געשטאַנען לעבן איר אַ דערצאָרנטער. נאָר אָנשטאָט צאָרן האָבן אָבער געלאַכט זיינע ציין. זי איז נאָך מערער אויפגעבראַכט געוואָרן. וואָס לאַכט ער דאָס אַזוי, דער איינגעשרומפּענער? ער האָט אָבער ניט געלאַכט. דאָס האָבן נאָר אַזוי געגלאַנצט די ציין זיינע. איצט לאַכט ער ווידער קעגן זיין ווילן. אפילו מיט טרערנדיקע אויגן קומט עס ביי אים אַרויס אַ געלעכטערל, אַזאַ מיאוס הכנעה־געלעכטערל. און אַז דזשיגיטאַ האָט אים אָנגעקוקט איז כיטראָוון באַפאַלן אַ פּחד, אַ בלינדער פּחד וואָס האָט געמאַכט ציטערן יעדן אבר. איצט ווייס שוין דאָס פויערל פון וואַנען עס נעמט זיך די שרעק: די פויערים וועלן אַלץ אויסדערציילן וואָס ער האָט זיי היינט געזאָגט. ער איז פאַרלאָרן. אפשר

ווייס ער שוין דאָס, דער פּאָפּ? מען דערקענט עס אין זיין בייזן בליק.

פּאַרוואָס קוקט ער אַזוי פאַרשעריש? קיין מאָל האָט ער ניט געזען ביי דעם געשטופּלטן אַזאַ דורכדרינגענדיקן בליק.

ער שאַרט זיך נענטער און נענטער צום פּלאַם. די פּייערן באַלייכטן אים. אַ שטיק קויל איז אַרויסגעפאַלן פון קאַמין. דאָס פויערל בייגט זיך איין, נידעריק, נידעריק צום פייער. איבער אים זיצט ווי אויסגעהאַקט פון פייערדיקן קופּער דער געשטופּלטער. און אַזוי ליגנדיק מיטן פּנים צום פלאַקערדיקן קאַמין רעדט ער שטיל:

— די גלושינער זענען כיטרע. עך ווי כיטרע! זיי האָבן אונדז פיינט... זיי באַהאַלטן אַרמודאַנען... זיי האָבן דיך שטאַרק פיינט... זיי ווילן דיך דערהרגענען... אַרמודאַן וויל דאָס טאָן... ער האָט געשוואָרן... איך ווייס אַלץ... היט זיך... איך וועל דיך היטן... פאַרלאָז זיך אויף מיר... כאַ־כאַ־כאַ...

ער האָט מורא אויסצוגלייכן די קני. ווי אַזוי וועט ער ווייזן זיין לאַכנדיק פּנים דעם דערצאָרנטן דזשיגיטאַ?

ווו איז בוריאַן? בודנאָוו לאַכט. די מילנערין איז שיכור. מען האָט זי ווידער אָנגעטרונקען. וואָלאָכאָוו שרייט אויף דעם דאָרף־עלטסטן ביביקאָוו. ער דראָט אים מיט די פויסטן. סידאָרקאַ העשעט. ער שמאָרעט מיט דער נאָז און ווישט דעם שטערן.

דאָס קליינע פויערל איז נעלם געוואָרן צווישן די ווענט. ערגעץ אין אַ ווינקל האָט ער זיך אָנגעשטויסן אויף מאַשאַן און בוסליי. זיי שטייען שווייגנדיקע איינער לעבן אַנדערן.

האַלבע נאַכט האָט דער וועכטער איין מאָל אויסגעשאָסן. אַן עכאָ פון דער שיסעריי האָט זיך געקייקלט איבער די האַלב־פאַרפראָרענע ווייטן און עס איז דערנאָך צוריקגעקומען צו די שטיינערנע ווענט.

דאָס קליינע פויערל קען ניט איינשלאָפן. יעדער שאָרך מאַכט אים אויפציטערן. ער איז עס ווי דער האָז אין פעלד וואָס שרעקט זיך פאַרן שאָטן פון די אייגענע אויערן, פאַרן געוואָי פון ווינט אין זיין פעל. ער וויל זיך אָפּרייסן פון די שניישפּורן וואָס ער טרעט אויס, און וואָס האַסטיקער ער דרייט זיך אין קרייז אַלץ בולטער ווערן די שפּורן אין

שניי. אפשר זאָל ער זיך אַוועקלייגן אונטער אַ קוסט און צומאַכן די אויגן, אַראָפּלאָזן די אויערן? דער שניי וואָס פאַלט וועט צודעקן זיינע שפּורן און אים אויך פאַרדעקן. ער וועט זיך ניט אונטערשיידן פון דער ווייסער שנייוועלט. נאָר אַ שניי־בערגעלע וועט ווערן פון אים. אונטערן שניי איז שטיל, ווייך, ווי ער וואָלט זיך געניורעט אין מאַך. עס ווערט אים קאַלט. דער שניי איבער אים פאַרוואַנדלט זיך אין שאַרפע זילבער־נאָדלען — — —

דאָס קליינע פויערל שפּרינגט אויף פון געלעגער.

עס איז פינצטער אין דער געביידע. דער קאַמין איז פאַרלאָשן. עמעצער רעדט. ער שאַרט זיך ביי די ווענט. דער מענטש ביים וואַכ־פּאָסטן דרימלט. אין שניילעכט וואָס פאַלט פון אַן אייבערשט פענצטערל זעט ער בוריאַנען. דאָס פּנים איז ווייס ווי פאַרצויגן מיט פאַרפרוירע־נעם טוי. ניט ווייט פון אים ליגט בודנאָוו מיט דער מילנערין. עס טיילט זיי נאָר אָפּ אַ וואַנט. זי איז שיין אין דעם ליכט־פּאַס וואָס ציטערט אויף איר פּנים.

דער פראָסט ברענט. ער קומט פון אינעווייניק. ער שפּירט אים אין די אינגעווייזדן, אין דער קעל. די פיס זענען געליימט. ער הערט דאָס ברעכן זיך פון די אייגענע קני.

בוסליי איז פאַרזונקען אין אַ טיפן שלאָף. מאַשאַ האַלט דעם קאָפּ אין די הענט.

דאָס פויערל איז איינער אַליין אויף דער טרויעריקער וועלט. ער וועט אַוועק ערגעץ ווייט, דורכשווימען די זומפּן, ער וועט צוריקגיין צו זיינע היימישע פעלדער. עס איז אים גוט געווען מיט דער מילנערין. איר בוזעם איז אַזאַ וואַרעמער, די הענט אַזעלכע גרויסע, און אַז זי האָט אים געוויגט אין די אָרעמס איז ער געוואָרן ווי אַ שעפּס וואָס אַ פאַסטעך טראָגט פון פעלד אויף די הענט. אַ מיד־געוואָרענער שעפּס...

פאַסן זילבער־שניי וויגן זיך. נאָענט האָט אַ בליאַסק־געטאָן אַ שטיק שטאָל און אָנגעצונדן זיך מיט אַ קאַלט פייער.

ער גייט אויף די פינגער־שפּיצן. עס איז שוין נאָענט צום אָנגעצונדענעם פלעמל. דאָס איז בוסלייס קינזשאַל! אַ שאַרפער, אַ בלענדיקער,

מיט אַ הענטל אויסגעזעצט פון פערלמוטער־מושלען. ער לעשט אויס דאָס ליכט פון קינזשאַל מיט זיינע פינגער. דאָס קאַלטע פייער צינדט אים אונטער. ער שאַרט זיך אַזוי שטיל ווי אַ שאָטן פון אַ וואָלקן איבער די זומפּן.

די מילנערין איז שיין. דאָס פּנים אירס איז איצט באַדעקט מיט ווייסן זילבערגעוועב, אַזאַ געוועב וואָס שווימט איבער די הימלען אין האַרבסט. עס שלאָגט פון איר אַ וואַרעמקייט. אַזאַ באַקאַנטע וואַרעמ־קייט. בודנאָוו ליגט מיטן פּנים אַראָפּ. אַזוי ווי אַ גרעבליע־שטיין. דער קינזשאַל איז שאַרף. זי אָטעמט טיף, די מילנערין. באַלד וועט זי עפענען די אויגן. נאָך אַ רגע.

ווער רעדט דאָס אַזוי הויך?

ניין, דאָס דוכט זיך אים נאָר אויס. אפשר רעדט עס ער אַליין. ער בייסט די ליפּן. דאָס קליינע פויערל האָט אויפגעהויבן ביידע הענט. שוואַרצע פליגל האָבן זיך צעשפּרייט און האַסטיק אַראָפּגעלאָזט.

אַ געשריי איז געבליבן הענגען אין שטיינערנעם חלל.

דאָס פויערל איז נעלם געוואָרן.

די פעלדער זענען פאַרשנייט. די קוסטעס — באַצויגן מיט אייז. ער פּלאָנטערט זיך צווישן טשערעט, ביי די נידעריקעביימער, טאָרגלט זיך אין שניי, הייבט זיך אויף און לויפט. די צווייגן פּאַטשן אים. דאָס אייז קרישלט זיך. עס ליכטיקט שוין. פון קוימענס וויקלען זיך שוואַר־צע נעפּלען. עס ווערן דערנאָך פון זיי רויך־זיילן, אַזוי ווי דער טרויע־ריקער פּאַרטאָגיקער הימלגעוועלב וואָלט זיך אָנגעשפּאַרט אין די דאָזיקע רויך־זיילן.

ביביקאָוו גייט איבער די וויקל־געסלעך. נעבן אים שלעפּט זיך נאָך אַן אויסגעקרימטער שאָטן. טייל מאָל איז דער שאָטן פון פאָרנט און טייל מאָל רייסט זיך אָפּ דער שאָטן און בלייבט הינטערשטעליק.

דאָס פויערל וויינט פון פּחד, פון טרויער, פון באַליידיקונג, פון איינזאַמקייט. זיינע טרערן ווישט אויס דער ווינט. ער זוכט זיינע טריט אין שניי. זיי זענען פאַרשאָטן געוואָרן פון דער נאַכט־זאַווייע. די ערד

איז גוט צו אים. עס איז גוט צו אים דער הימל, עס זענען גוט צום אָרעמען פויערל די נעפּל־וועלדער. און עס איז אים מיט אַמאָל באַפאַלן די פרייד פון אַ האָז, וואָס האָט זיך אָפּגעריסן פון די שניישפּורן און טראָגט זיך איבער די זומפּן צו אַ ליכטיקן וואַלד־ראַנד.

פון יענער נאַכט אָן האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע שׂינאה צווישן בודנאָוון און בוסליי.

די מענטשן פון דער שטיינערנער געביידע זענען געווען זיכער, אַז בוסליי האָט דערשטאָכן די מילנערין. ער האָט אפילו ניט געפונען קיין רייד ווי אַזוי דאָס אָפּצולייקענען. ער האָט נאָר פאַרביסן די ליפּן און מיט פאַראַכטונג געקוקט אויף אַלעמען, מיט פיינטשאַפט. ער האָט פיינט באַקומען דעם סריס בוריאַן מיטן שווייסיקן פליך און גלעזערנע שליפיעס, דעם שאַרף־צינגלדיקן פלאַפּלער בורגין, דעם שיכור כאָכלאָוו וואָס פאַרמעסט זיך צו ווערן די צווייטע האַנט פון געשטופּלטן, דעם הפקר־יונג קאַבאַיעוו און מערער פון אַלעמען האָט ער געהאַסט דזשיגי־טאַן. ער האָט אים געהאַסט צוליב דער בלינדער באַצווינגערישקייט זיינער און דער פאַרהוילעניש פון זיינע מחשבות. דאָס איז ניט קיין מענטש אין וועמען עס ריזלט בלוט אין די אָדערן, אַ מענטש וואָס קען לאַכן און וויינען. דאָס איז אַ נעפּל. אַ נעפּל וואָס קען דיך פאַרשלינגען און דו וועסט מיט אָפענע אויגן ניט זען, וועסט שרייען און וויינען און דאָס געשריי און געוויין וועט פאַרטויבט ווערן אין נעפּל־געדיכטעניש ווי דו וואָלסט אַריינגעשריגן אין אַ פּוסטקייט. ניט איין מאָל האָט בוסליי געוואָלט דורכשניידן דעם נעפּל מיטן קינזשאַל, דערגיין צום אָדערן־געקניפּ פון דאָזיקן מענטש, דערשפּירן דזשיגיטאַס בלוט אויף דער שאַרף פון שטאָל.

דאָס פויערל האָט דערציילט וועגן דער אומרויקער נאַכט, ווי אַזוי ער איז געלאָפן איבער די פעלדער יאָגנדיק אַ מענטשן וואָס איז אַוועק פון דער געביידע.

— אַרמודאַן האָט זי דערשטאָכן... כ׳האָב געהערט אַ געשריי... איך בין געלאָפן צו די דריי ווערבעס... אַ קוסט קייקלט זיך איבערן פעלד... טראַכט איך: איז דער ווינט אַזאַ שטאַרקער?... איך שטעל אָן

מייַנע אויגן און זע: דאָס איז אַרמודאַן... ער איז געשלאָפן, דער וועכטער אונדזערער... איינגעדרימלט... ס׳איז געווען אַ קאַלטע נאַכט.. ער האָט געפונען בוסלייס קינזשאַל... און מיט דעם... כ׳קען שווערן... אַרמודאַן האָט דאָך די ווינטמיל אונטערגעצונדן...

זיין פּנים איז גרוי ווי די ערד די פּאַרשנייטע. דער בליק — מוטנע ווי די פאַרפרוירענע זומפּ־וואַסערן.

פאַרוואָס דרייט זיך בוריאַן לעבן געשטופּלטן? וואָס ריידן זיי אַזוי שטיל און פאַרבאָרגן?

דאָס פּויערל האָט מורא צו באַגעגענען דזשיגיטאַ. ער וועט זיכער דערגיין דעם אמת!

עס איז אָבער געשען גאָר עפּעס אַנדערש. ניט דאָס, אויף וועלכן דאָס פּויערל האָט זיך געריכט. פאַרטאָג האָט בוריאַן באַפוילן אַלעמען אויפצוהייבן זיך. מען האָט זיך אויסגעשטעלט אין הויף, שורותווייז. אויף אַ מיליטערישן אופן. אַז די מענטשן זענען שוין געשטאַנען, אויסגעצויגענע, שווייגנדיקע, איז אָנגעקומען דזשיגיטאַ. ער איז פאַר־בייגעגאַנגען די צוויי שורות און צוגערופן בוריאַנען.

— ווער איז געשטאַנען אויף דער וואַך?

— לאַבוטיאַ.

דזשיגיטאַ האָט דאָס מאָל גערעדט דייטלעך, ניט ציטערנדיק מיט די ליפּן, ווי זיין שטייגער, בעתן ריידן.

— דו האָסט ניט געהיטן דעם טויער. אונדזערע לעבנס האָט מען דיר אָנגעטרויט. און אפשר האָסטו אַ האַנט אין דעם אַלעם וואָס עס איז געשען? דיין שטראָף דאַרף זיין אַ ביישפּיל. מיר זענען אַ מיליטערישע איינהייט.

לאַבוטיאַ האָט געקוקט מיט חידוש ווי אַזוי בוריאַן פאַרעט זיך מיטן פּיסטאָלעט. ער איז געשטאַנען אַ צעטומלטער, ניט געאַנט אַז זיינע רגעס זענען געציילטע. און אַז עס האָט אָפּגעהילכט אַ שאָס איז דער ווייסרוסישער פּויער געפאַלן אויף איין קני, אויסגעשטרעקט אַ האַנט צו בוריאַן.

— הער אויף צו שפּאַסן, ברודערל. שרעק מיך ניט. לאָז מיך... עך, דו... האָספּאָדי...

אין אָוונט האָט דזשיגיטאַ צוגערופן צו זיך דאָס קליינע פויערל. דער געשטופּלטער האָט אים לאַנג געקוקט אין די אויגן אַריין.

— דו לעבסט נאָך, כיטראָוו? פאַרוואָס גייסטו אַרום ווי אַ טויטער? האָסט מורא? שרעק זיך! דאָס איז גוט וואָס דו שרעקסט זיך. איך האָב ליב צו זען צעשראָקענע מענטשן... דו מעגסט האָבן נאָר איין שרעק — דאָס איז די שרעק פאַר מיר! וועסטו אָבער דעם פּחד אַרויסווייזן צו אַנדערע — איז דיין לעבן ווינציקער ווערט ווי דאָס אויסגעברענטע האָלץ... כאַ־כאַ... הייב אויף דיין קאָפּ! דו האָסט געדאַרפט קילן זיך אין דער ווינטער־ערד צוזאַמען מיט לאַבוטיאַן... האָסט עס פאַרדינט... כ׳ווייס אַז דו האָסט פאַרדינט בוריאַנס קויל... ציטערסט?... דו, דוראַק איינער, שרעק זיך נאָך ניט! דערווייל לעבסטו נאָך! קענסט אַלץ אָפּמעקן. פאַרווישן... דו וועסט טאָן אַלץ וואָס בוריאַן וועט דיר זאָגן!

דער געשטופּלטער האָט אים אָפּגעשטויסן פון זיך.

דאָס קליינע פויערל איז פאַרגליווערט געוואָרן פון פּחד. ער האָט אויסגעזען ווי אַן ערד־גרודע אויף אַ פאַראַקערט פעלד וואָס ציינבראָנעס האָבן פאַרוואָרפן צו אַ פינצטערן ראַנד.

אַ לאַנגער האַרבסט.

אַ רעגנדיק־שנייאיקער, אַ נעפּלדיקער, אַ ווינטיקער האַרבסט. די פרעסטלעך ברעכן זיך. דער שניי ווערט אין די מיטאָג־שעהן ווי געלע קאַשע. איבער די טשערעט־קוסטעס פליען פייגל — פרעמדע פייגל פון ווייטע לענדער. די ווינטן רייסן די צווייגן.

די פויערים האָבן אָפּגעלאָזן די ווירטשאַפטן. זיי האָבן אויסגעשאָכטן די קעלבער, געשאָכטן די שעפּסן, געלאָזט נאָר איינצלנע אויף פאַראַדע. זיי האָבן פאַרגראָבן אין די קעלערן קאַרטאָפל אויף זריעה און דאָס איבעריקע אויפגעגעסן. מען האָט געטריבן סאַמאָגאָן אין יעדער

כאַטע. געטרונקען האָבן אויך די ווייבער און דאָס יונגוואַרג. די לאָדקעס האָט מען ניט אויסגעשמירט מיט סמאָלע, ניט פאַרשפּאַכלט די שפּאַלטן. זיי זענען געזונקען אין די וואַסערן. מען האָט אפילו ניט אַראָפּגענומען די פישער־נעצן פון די צוימען, פון די שטאַמען. די מיידלעך האָבן זיך מער ניט געזעצט צום שפּינראָד אין די אָוונטן.

מען האָט זיך אָנדערציילט אַלערליי מעשׂות וועגן די פרעמדע סאָלדאַטן, וועגן די גלושינעריגס וואָס לעבן מיט זיי. אָבער מערער פון אַלעמען האָט מען גערעדט וועגן גאַלינאַן און דעם געשטופּלטן.

עס וועט זיין אַ הונגער. די אַמבאַרן זענען שוין ליידיק.

ווידער האָט זיך אויפגעכאַפּט אין די נעכט דער שד טאָרפּיון מיט אַ וויסטיק שפּאָט־געלעכטער. דאָס לאַכן זיינס האָט זיך געטראָגן צוזאַ־מען מיטן ווינט, צוזאַמען מיט דעם געוואָי פון וועלף.

די פּויערים האָבן דאָס דאָזיקע געלעכטער געהערט ליגנדיק אויף די אויוונס. זיי האָבן זיך איינגעקוקט אין די פראָסט־שייבלעך, געזוכט די הייליקע וואָס בלאָנקען איצט אַרום איבער דער פאַר־פייניקטער ערד.

# קאַפּיטל זעקס

פּאַרטאָג האָט דאָס קליינע פּויערל געבראַכט די ידיעה וועגן טשומאַקס אַנטלויפן.

— ווי גאָט איז מיר ליב. די ריינע וואָר דערצייל איך. אַליין געזען, ווי זיין לאָדקע איז פאַרשווינדן. ער איז אַוועק מיט זיינע זין. איצטער זענען מיר אָן אַ שמידער... דאָס דאַרף האָט אים אַוועקגעשיקט... ער פאָרט ברענגען קיין גלושינאָ באַוואָפנטע... טשומאַק קען דעם וועג צו די שכנותדיקע דערפער... דאָרטן זענען דאָ די דייטשן...

בוריאַן איז אַוועק צו די זומפּן. ער האָט מיטגענומען עטלעכע באַגלייטער.

זיי זענען לאַנג געשטאַנען ביי דער גרויסער האַלב־פאַרוואַקסע־נער אָזערע. אַז מען קוקט אויף איר דוכט זיך אַז זי איז אָפּגעשלאָסן פון זילבער־גראָזן, פון קוסטן־אינדזלען, אַז זי האָט ניט קיין אַרויסגאַנג. די וואַסער־אָדערן שלענגלען זיך פאַרביי די פאַרוואַקסענישן, וויקלען זיך דורך קוסטעס, דורך וועלדער ביז זיי דערגרייכן צו אַן אומרויקן טייך.

בוריאַנס מענטשן האָבן גאָרנישט געזען אַחוץ דעם קאַלטן גרינ־לעכן וואַסער־שפּיגל דעם האַלב פאַרפרוירענעם און די טשערעט־קוסטעס וואָס זייער אָפּשאָטן אין וואַסער איז גרין־צעבליט בעת דער טייל וואָס קוקט צו די הימלען, איז גרוי און אויסגעלאָשן.

עמעצער האָט געוואָלט אָפּבינדן אַ לאָדקע פון אַ מאָכיקן שטאָם. דער שפּיץ איז אָבער גליך איינגעזונקען אין וואַסער און דער צווייטער שפּיץ האָט זיך אויפגעהויבן איבערן וואַסער־פלאַך.

בוריאַן האָט געשריען, געזידלט. דאָס פּנים איז אים געוואָרן אָנגעדראָלן און פול מיט גרינע שלאַנגען־שאָטנס.

ערגעץ ווייט אין דער אָזערע האָט זיך אַ קוסט צעוויגט און אַ טשאַטע ראָבן האָבן זיך אויפגעהויבן. זיי זענען געפלויגן איבער די אַשיק־אויסגעלאָשענע קוסטעס ווי שטיקער סאַזשע אין ווינט נאָך אַ שׂריפה.

מען האָט עטלעכע מאָל אויסגעשאָסן. אַ דרייפאַכיקער עכאָ האָט אָפּגענטפערט. איין מאָל איז געקומען דער ענטפער פון דער זומפּ־פלאַך, דאָס צווייטע מאָל — פון דער טשערעט־וואַנט, און דאָס דריטע מאָל — פון בלאָען וואַלד־רינג. דאָרט איז דער אָפּהילך פאַרזונקען געוואָרן.

עס זענען אַדורך עטלעכע טעג.

גלושינאָ איז אומרויק. דאָס דאָרף דערוואַרט טשומאַקס צוריק־קומען. ער וועט זיך דערשלאָגן צו די אייגענע. מען וועט פאַרטרייבן די פרעמדע פון דער שטיינערנער געביידע, די וואָס רויבן אויס דאָס דאָרף.

אַרמודאַן באַהאַלט זיך אויס. דאָס קליינע פויערל זוכט אַלץ זיינע שפּורן. ער האָט מורא פאַרן גלושינער שד אַרמודאַן.

דער הונגער שטייט צו. די ווייבער באַקן פלעצלעך פון פלעווע און קאַרטאָפל. די פויערים קריכן מער ניט אַראָפּ פון די אויוונס. אין די פריערדיקע ווינטערס האָבן זיי פאַרראָכטן נעצן, געמאַכט נייע לאָדקעס, געפלאָכטן ראָגזשעס פון ליפּע־רינדל, געשלאָגן וואָל און געמאַכט וואַלענקעס. טייל מאָל פלעגן זיי זיך אַרויסלאָזן אויף יאַגד. איצט איז גלושינאָ ווי אָפּגעשטאָרבן.

די ווייבער האָבן ביטערע חלומות וועגן שדים, וועגן זומפּ־באַשעפענישן, חלומות וועגן בעטלער וואָס אין די שניי־נעכט דערקענט מען די שפּורן פון זייערע הינערישע פיס...

טשאַבאַראַוו איז דער טרעפער פון דאָרף, דער וואָרזעער. אים האָט זיך געחלומט אַז עס איז אויפגעשטאַנען אַן אַנטיכריסט וואָס וועט איינגעמען ניט נאָר דאָס בידנע גלושינאָ, נאָר אויך די הימלען מיט אַלע הייליקע. זיי וועלן ליגן געבונדענע ביי זיינע פיס. גאָט אַליין וועט אַוועק־וואַנדערן צו אַ צווייטער וועלט און וועט זיך דאָרט זוימען אַ גאַנצן דור.

דאָס וויל דער אַלמעכטיקער אויספּרווון זיינע הייליקע און אונטערטאַנען ווי אַזוי זיי וועלן זיך אויפפירן אָן זיין אויפזיכט. געגוי, צום טאָג און צו דער שעה ווען ער זיך באַווייזן, דער פאָטער פון דער וועלט, דעמאָלס וועט אַ שטורעם אומשליידערן דעם אַנטיכריסט. די נעפלען וועלן זיך אָפּטיילן פון דער ערד. די גלושינער זומפן און די וואַסערן וועלן צוריק אַריין אין די ברעגן און זיי וועלן זיך טראָגן אויפגעבונדענע צו די גרויסע ימען. אַ פרוכטיקע ערד וועט זיך שפּרייטן אַרום די שיינע סאָסנע וועלדער — — —

וויפל מאָל בורגין איז נאָר ניט פאַרבייגעגאַנגען גאַנינס כאַטע האָט עס אים שטענדיק געצויגן צו דעם הויכן, אויסגעטריקנטן פעלצן־בייער.

ווער איז ער דער גאַנין פון וואַנען נעמט ער זיך אין דער דאַזיקער העק?

ער זיצט אויפן ראַנד פון טיש, פאַרלייגט אַ פוס אויף אַ פוס. די קורצזיכטיקע אויגן זענען איבערגעפולט פון טרויער. די ליפן צעעפנט, די נאָז שאַרף געבויגן. די נאָזלעפלעך צעשפּרייט, אומרויק. אַז ער רעדט באַוועגט ער מיט די הענט, ציט איין די אַקסל, לאָזט זיי נאָך. אַזאַ באַקאַנט פּנים. ערגעץ ווו האָט ער שוין געזען גאַנינען. ווייט פון דאַנען...

— לאַנג ביסטו אין גלושינאָ?

ער ציט איין אַן אַקסל און לאַכט. אפילו דאָס געלעכטערל איז בורגינען באַקאַנט. דאָס איז אַ לאַכן וואָס איז געמישט מיט קלוגשאַפט און אונטערטעניקייט.

גאַנינס ענלעכקייט צו זיך מאַכט אים טרויעריק. תּמיד ווען איינער דערזעט אַן ענלעכן צו זיך, מיט די זעלביקע פּנים־שטריכן, מיטן זעלביקן שמייכל, מיט דעם זעלבן בליק ווערט אים אומעטיק. ער פילט זיך ווי אָפּגענאַרט. עס דוכט זיך אים אַז עמעצער שפּאַט אים נאָך, אַז ער איז ניט דער אויסדערוויילטער. און ווייל בורגין האָט אַזוי געטראַכט איז גאַנין מיט איין מאָל אים פרעמד געוואָרן.

דאָס זענען געווען טרויעריקע טעג פאַר בורגינען.

אין די אָוונטן האָט אים דזשיגיטאַ גערופן צום קאַמין.

— רייד! — האָט דער געשטופּלטער געזאָגט.

איין מוילווינקל, דאָס לינקע, האָט זיך אַראָפּגעלאָזט און קרום געשמייכלט. אויף דעם וואַקסענעם שטערן האָבן די פּאָקן־גריבלעך געוואַנדערט. און אַז בורגין האָט אָנגעהויבן ריידן זענען די פּאָקן־גריבלעך צוריקגעשווומען אויף זייער אָרט. איצט איז דזשיגיטאַ אומבאַ־וועגלעך ווי אַ שטיק פעלדז. בורגינס רייד שלאָגן זיך אָן אין דעם שטיין און שפּרינגען צוריק אָפּ.

— מ׳דאַרף אַרויס פון זומפּ... מיר קענען צוריקגיין ווי זיגער... וועט מען אָבער אונדז דאָ טרעפן, אין גלושינאָ, זענען מיר פאַרלאָרענע... פּחדנים און פאַררעטער... דאָס דאַרף הונגערט... ווינטערן וועלן מיר דאָ ניט קענען... דער שמידער וועט ברענגען אונדזער אַן איינהייט אָדער גאָר דייטשן... מיר זענען ווי געפאַנגענע...

ווידער וואַנדערן אַרום די פּאָקן־גריבלעך אויף דעם געשטופּלטנס פּנים. זיי שווימען גיך הין און צוריק. ער איז בייז. דאָס לינקע מויל־ווינקל האָט זיך אויפגעהויבן.

— האָסט מורא פאַר דיין פוקסישער פעל...

ווידער דאָס חניפה־געלעכטערל.

— וואָס פאַלט דיר איין. ניט וועגן זיך טראַכט איך, נאָר וועגן דיר.

— וועגן מיר?

— וועגן אַלעמען טראַכט איך.

דער געשטופּלטער צאָרנט.

— עס איז דאָ ווער עס זאָל טראַכטן און זאָרגן. דו ביסט צו עפּעס אַנדערש באַשאַפן. דו דאַרפסט נאָכגיין, באַגלייטן... דו דאַרפסט ריידן וואָס איך טראַכט, וואָס א י ך וויל זאָגן. צו דעם ביסטו באַשאַפן. דאָס קען דיך גרויס מאַכן. דו קענסט קלאָרער זאָגן וואָס אַנדערע וו י ל ן — אַליין דאַרפסטו גאָרנישט וו ע ל ן, ווייל דו ביסט ניט קיין מענטש. אַ שאָטן ביסטו. און אַז דו ווילסט אַרויסשטעלן בורגינען מיט זיינע אייגענע רייד האָב איך דיך פיינט, דעמאָלס ביסטו נישטיק, איבעריק, אַן אומזיסטע לאַסט אויף אונדזערע רוקנס...

בורגין ציט זיך צוריק אַ דערשראָקענער. אַ פחד, אַ שוואַרצער, אַן אומהיימלעכער איז אים באַפאַלן.

— בלייב שטיין... קום נענטער צו...

דאָס טרוקענע האָלץ אין קאַמין קנאַקט. אַ פלאַם שפּרינגט אויף.

— דו פאַרשטייסט מיך, בורגין?

ער איז אויפגעלייגט, דזשיגיטאַ, ער איז מיט אַ מאָל פריילעך געוואָרן.

— וואָס גלאָצסטו אַזוי אויף מיר?...

בורגין איז אַ גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפן.

ווער איז דאָס דער געשטופּלטער? פון וואַנען קומען צו אים אַזעלכע רייד?

וויפל ער האָט ניט געטראַכט איז ער צו גאָרנישט דערגאַנגען. איז ער אַ הפקר־יונג, אַ טעמפּער פויער, אָדער אַ גרויסער מענטש? פון וואַנען שטאַמט ער, ווי איז זיין אמתער נאָמען, ווי אַזוי איז ער צוגע־טיילט געוואָרן צו דער מיליטערישער גרופּע?

בורגין האָט זיך פאַרגעשטעלט אַ ווייט דאָרף אין קאַווקאַז, אַ ניט־דערגאַנגענער פּאַפּ. עס איז אָבער גאָרנישט אַרויסגעקומען פון די אַלע טראַכטענישן. נעפּלען און נעפּלען און צווישן די נעפּלען שוואַרצע פייגל, ווי די צעעפנטע שערן צעשניידן די נעפּלען. ער וויל שוין מער גאָרנישט. ניט קיין אָפענע וועגן, ניט קיין פרייע שליאַכן, ניט זיין היים, ניט די מיליטערישע קאַזאַרמעס פון וועלכע מען האָט אים פאַרשיקט. ער וויל רויק ליגן אויף דעם שטרוי־געלעגער, און דערנאָך, אַז ס׳וועט ליכטיק ווערן אַרומבלאָנדזשען איבער גלושינאָ.

פאַרטאָג איז די שרעק אָפּגעטראָטן. ער וויל לעבן. דער אָטעם זיינער איז טיף. ער פילט די ברוסט וואָס הייבט זיך און לאָזט זיך אַראָפּ, די אָדערן זענען אָנגעצויגן, געשפּאַנט. אַלע שלאָפן. ווו איז זי די קראַסאַ־וויצע גאַלינאַ? ליגט זי נאָך מיטן פּראָסטאַק דזשיגיטאַ? ער האָט חשק אַראָפּצוגיין פון געלעגער און איינהערן זיך, עס איז שוין גרוי אין די פענצטערלעך. אין דער געביידע איז נאָך אָבער פינצטער. עמעצער וועקט

זיך פון שלאָף. איז דאָס בוריאַן? דער מינדסטער גערויש פון ווינט מאַכט אים וואַכעדיק. ער קוקט אין דעם פּאַרטאַג אַריין מיט גלעזערנע אויגן אַזוי ווי אַ נאַכט־סאָווע. ער הערט אַ געשאַרך. דאָס וואַרפט זיך אוודאי אויף דעם האַלב־ליידיקן געלעגער די איינגעשרומפּענע גלושי־נעריץ, די וואָס איז געבליבן נאָך דעם ווייסרוס לאַבוטיאַ. ווײַנט זי אַזוי שטיל אין דער נאַכט?

ער שטעלט קליינע טריט און בויגט זיך דערנאָך איבער אַ פרעמדן געלעגער. בורגין שעפּטשעט. אַ רחמנות נעמט אים אַרום. אַ גרויס רחמנות צו דער איינזאַמער און צו זיך אַליין. פון געלעגער שלאָגט עס מיט וואַרעמקייט און מיט אַ שאַרפן אָטעם ווי פון קאָנאָפּליעס. דער ריח מישט זיך אויס מיט דער וואַרעמקייט, מיט דעם רחמנות זיינעם און מיט דער שרעק פאַר דזשיגיטאַן, מיט דער מורא פאַרן סריס, מיטן פאַרגעפּיל פון עפּעס אַן אומגליק וואָס דערנענטערט זיך, מיט די שליימיקע זומפּן, מיט גאָטס טרויעריקער וועלט.

אונטער זיין האַנט־באַריר האָט עפּעס אַ צאַפּל־געטאָן. ער שליסט די אויגן און זינקט איין אין דעם פרעמדן געלעגער.

איצט איז ער אַ טייל פון דער דאָזיקער וועלט. איינער פון די מענטשן, ניט אַ פרעמדער, אַ זייטיקער. ער האָט איצט אַ שייכות צו דעם גאַנצן באַשאַף. ער האָט זיך מיט אים באַהאָפטן. ער פילט די דאָזיקע טרויער־וועלט אין זיינע אָרעמס. ער פילט זי ביי דער ברוסט. דאָס איז גאָטס וועלט! אַזאַ איז זי. ער וועט זי נעמען ווי זי איז. זיינע אָרעמס זענען אָפן. זיין מויל עטעמט אַלץ איין. זיינע ליפּן באַרירן עפּעס שאַרפס, ווי יונגע קראָפּעווע־בלעטער — — —

— — — בורגין לויפט אַ נאַקעטער איבער הפקרדיקע פעלדער און גאָט אַליין בענטשט אים אין משונהדיקן קאָפּשווינדלדיקן געלויף.

פון יענער נאַכט אָן, ווען די שטיינערנע ווענט האָבן דערשטיקט די הילפרופן פון דער מילנערין, איז בוסליי אַרומגעגאַנגען אַ שווייגנדי־קער. ער האָט אויסגעמיטן פרעמדע בליקן, ניט געענטפערט אויף

יענעמס רייד, אַלעמען אָפּגעטראָטן דעם וועג. און אַז מען האָט אים אָנגעכאַפּט פאַרן אַקסל און גערעדט צו אים, האָט ער צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

אין די נעכט האָט מען געקענט הערן זיין שעפּטשעריי צו מאַשאַן. דאָס איז געווען אַ היזעריקער געפּליסטער וואָס האָט געמאַכט אויפ־ציטערן די קליינע טונקעלע שייבלעך.

בוסלייס וועלט האָט איצט אויסגעזען ווי די צעפּאַלענע קאָרע פון אַ „סוכאָסטאָי". אַ מיאוסער שטאָם האָט זיך אַנטפּלעקט, אַ שטאַם אַ דורכגעפרעסענער פון בוימווערעם, אַ פּרוכנעוואַטער, אַן אָפּטריניקער, מיט לעכער פאַרצויגענע פון שפּינוועבס ווו עס לויערן שפּינען און שרצים. אין אַזעלכע ביימער זינגט ניט דער ווינט, נאָר ער יאָמערט. עס ברעכן זיך די צווייגלעך, זיי פאַלן צום באָדן, דעם קראַנקן, ווו עס וואַקסן אפילו ניט קיין גראָזן נאָר ס'הייבן זיך אַרויס די רויט־סמיקע קעפּ פון מוכאָמאָרן.

ער איז אַנטרינען פון אַ גרויסער וועלט, אַנטלאָפן פון בראָדיאַגע, אָפּגעטיילט זיך פון אים דורך דער מיליטערישער גרופּע פון לושינען. עס האָבן אים גערופן די פליגל פון ווינטמילן, די זיילן רויך וואָס טראָגן זיך פאַרטאָגס פון פויערישע כאַטעס. ער האָט געגאַרט צו הערן דעם געסקריפּ פון ברונעם־ציערס און דעם געפּליוך פון איבערגעפּולטע עמערס אין דער שאָטנדיק־גרינער טיפעניש פון ברונעם־שפּיגל — און אַזוי וואַנדערנדיק איבער די זומפּן האָט ער אַנטדעקט גלושינאָ. דאָ, אין דעם וויסטן דאָרף, וואָלט ער זיין היים פאַרלייגט. ער וואָלט די זומפּן פאַרטריבן, ער וואָלט די פעלדער צעאַקערט און פון די שענסטע סאָסנעס אויפגעשטעלט זיין כאַטע — האָט אָבער אויפגעטויכט דער שוואַרצער ראָב מיט די צעשפּרייטע פליגל אין יענעם אויסטערלישן חלום ביים ראַנד פון גלושינאָ.

עס איז אַראָפּגעפּאַלן די קאָרע פון דעם פוילנדיקן שטאַם און עס האָט זיך אַנטפּלעקט דאָס אָפּטריניקע.

ער זעט זיי דורך־און־דורך! דעם געשטופּלטן פּאָפּ, דעם סריס בוריאַן, דעם טעמפּן כאָכאָל, דעם ווערעמדיקן קאַבאַיעוו און די

פוקסישע נשמה פון קליינעם פויערל. די גרויע שטיינער פון דער געביידע רוקן זיך נעענטער און נעענטער צונויף. ער מוז פון דער ענגשאַפט אַנטלויפן. זיין וועלט, די גרויסע, די אומענדלעכע, די וואָס ציט זיך איבער סיבירער שנייען די אומעטיק־זילבערנע, ביז צו די ברויט־סטעפּעס די גאָלדענע פון אוקראַינע, די וועלט האָט ער איינגעטוישט אויף דעם דאָרף גלושינאָ. אַנשטאָט דאָס ליכט פון הימלען געוועלבטע באַגלייטן אים די קאַלטע פאַרשערישע אויגן פון דזשיגיטאַ, אַנשטאָט די זון — דאָס וואַקסענע פּנים פון דעם געשטופּלטן. ער איז נישטיק, דער בוסליי, קליין צווישן די דאָזיקע מענטשן. ער האָט זיי דעם וועג געוויזן. ער האָט זיי געפירט, געמונטערט אין די שווערסטע מינוטן, איצט דאַרפן זיי אים ניט. זיי דאַרפן ניט בוסלייס הענט. זיי דאַרפן ניט בוסלייס ליבשאַפט, בוסלייס חלומות פון אַ היים... בוריאַן איז דער העלד פון גלושינאָ! בוסליי איז געווען דער העלד פון וועג וואָס האָט געפירט קיין גלושינאָ. בוריאַן קען צושטעלן דעם נאַגאַן צו פויערישע הערצער און זיינע גלעזערנע אויגן מיטן געפּרווירענעם טוי טוען אפילו ניט קיין פינטל. בוריאַן קען צונעמען דעם לעצטן ביסן פון די כאַטעס. דער כאַכאָל איז זיין רעכטע האַנט! מאָרגן וועט ער ווערן דער הער־שער! קאַבאַיעווס זידלעריי מאַכט אויפציטערן גלושינאָ. בודנאָוו איז אַ ניט־געזעטיקטער חזיר, דאָס כיטרע פויערל האָט ניט קיין גאָט אין האַרצן. אָן אַרבעט, אָן מי קען די שטיינערנע געביידע מיט אַלע אירע מענטשן אויסגעהאַלטן ווערן פון דאָרף. בוסליי קען ניט ריידן מיט די פויערים. ער פּלאָנטערט זיך אין די רייד. ער איז מילד. ער גלויבט אַלעמען. אַ קינדערישע גוטסקייט שפּרייט זיך אויף זיין פּנים.

ער וועט אַוועק צוזאַמען מיט מאַשאַן, פאַרלייגן אַן אייגענע ווירט־שאַפט. ער וועט דאָס טאָן פרילינג. ער וועט אַנטלויפן פון דאַנען, אַנט־רונען ווי נאָר דער ווינטער וועט אַוועק.

מען האָט אים געלאָזן אַרומדרייען זיך אין די ווינקלען. דזשיגיטאַ האָט אים ניט גערופן אין די אָוונטן צום קאַמין. מען האָט זיך געשראָקן פאַר בוסליי. אַ פּחד איז באַפאַלן דעם געשטופּלטן ווען ער האָט געזען ווי דער בראָדיאַגע שאָטנט זיך ביי די פינצטערע שטיינערנע ווענט. זיי

האָבן אים ניט געוואָלט דערצאָרענען מיט רייד און מיט באַפעלן. ער איז אַרומגעגאַנגען פראַנק און פריי. אפילו מאַשאַן האָט מען געשוינט. ניט מען האָט איר באַפוילן צו אַרבעטן אין קיך, ניט מען האָט זי געשיקט אין דאָרף אַריין.

בודנאָוו האָט אָבער ניט געשוויגן. ער איז אַנטקעגן־געגאַנגען בוסלייען מיט אַ האָפערדיקייט, געפייערט אויף אים מיט בייזע בליקן און עפּעס געברומט. בוסליי האָט אָפּגעטראָטן דעם וועג. די מוסקלען האָבן זיך אים צונויפגעפּרעסט און די ציין — איינגעשניטן אין די ליפּן.

אומעטום האָט בוסליי אָפּגעפילט דעם פּאַפּס בליקן. ער האָט זיי געפילט אויפן רוקן, אויף די הענט און עס איז אים אויסגעקומען אַז אַ פּייטשעניש עסט זיך איין אין די ביינער. דער אָטעם איז אים פאַר־האַקט געוואָרן. דאָס ליכט לעשט זיך. די ערד שאַרט זיך אַוועק פון אונטער זיינע פיס.

נאָך יענער נאַכט, ווען בורגין האָט זיך דערנענטערט צו דער קליינער טונקלהויטיקער גלושינערין, איז ער געוואָרן אַנדערש, דער ראָטע־שרייבער. ער האָט ווייניקער גערעדט, ניט געענטפערט אויף די חוזק־רייד פון קאַבאַיעוון, ניט אויף דעם געלעכטערל פון בודנאָוון. ער האָט פאַרדעקט דאָס פּנים מיט די הענט ווען גאַלינאַ איז געשטאַנען נעבן דזשיגיטאַ. עס איז אים אויסגעקומען אַז די פינגער זיינע ברענען.

די מיאוסע גלושינערין, מיט דער שוואַרצער האָריקער בראָ־דאָווקע אויף דער באַק, מיט דעם קרומען שטערן דעם געפאַלדעוועטן, ווי זי וואָלט פאַרגליווערט געוואָרן אין מיטן פון גרויסן חידוש, האָט מיט אויפגעריסענע אויגן געקוקט אויף בורגינען. זי איז פון אים ניט אָפּגע־טראָטן. דאָס איז געווען אַ הינטישע הכנעה אָן גרענעצן. זי האָט געוואַרט אויף זיין קלענסטן ריר, אויף דעם געציטער פון זיין אויג. זי האָט מיטגעציטערט מיט אומרויקע הענט, מיט דעם געמאַרשטשעטן פּנים, מיט די גרויסע פולע ליפּן. און אַז ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן בעט האָט זי זיך אַראָפּגעלאָזט צו זיינע פיס און מיט אַ שטום געבעט געקוקט אין זיינע אויגן אַריין.

ווען ער האָט אין יענעם גרויען פאַרטאָג באַרירט זי מיט די ליפּן האָט זי זיך אַ וואָרף־געטאָן ווי מען וואָלט איר צוגעלייגט פייער צום גוף. זי האָט זיך געוויקלט אַרום זיינע פיס, געוויקלט זיך מיט די הענט, איינגעביסן זיך מיט די ציין אין זיינע פינגער. זי האָט באַהאַלטן איר פּנים, מורא געהאַט אין זיין נאָענטקייט צו עטעמען.

צוערשט האָט עס אים אָפּגעשראָקן, אָטאָ די דאָזיקע הכנעה, דערנאָך האָט ער געפילט צו איר אַ רחמנות און שפּעטער איז ער שטאָלץ געוואָרן פון זיך. דאָס האָט אים געשטאַרקט. דאָס האָט אים אויפגעהויבן אין די אייגענע אויגן.

בורגין האָט ניט געלייגט קיין אַכט אויפן געשפּאָט פון די מענטשן. אפילו אין גאַלינאַס חידוש האָט ער דערקענט שפּאָט. פון אָנ־הייב האָט עס אים וויי געטאָן, אָבער נאָך דעם ווי ער האָט זיך מער און מער איינגעקוקט אין דער גלושינערין האָט ער אויסגעפונען אין איר שיינקייט. ער האָט מיט איר ניט גערעדט. קען מען ריידן צו אַ באַשעפעניש וואָס ליגט ביי די פיס? ער האָט נאָר געפילט עפּעס וואָרעמס וואָס באַוועגט זיך, וואָס עטעמט. אין שיין פון קליינעם פלעמל איז אויפגעגאַנגען פאַר אים דאָס זומפּ־מיידל מיט די צוקנדיקע אַקסל, מיט דער גוטסקייט פון אירע הענט. ער איז געלייטערט געוואָרן. זיין בליק איז פייכטער, פון זיינע ליפּן איז אַוועק דער ביטערער שמייכל, דער חוזק.

אָט די מיאוסע פויערטע האָט אים געלייטערט, זי האָט דאָס געטאָן מיט אירע טוי־ליפּן, מיט אירע פינגער די ציטערנדיקע און שעמעוודיקע. ער איז געגליכן געוואָרן צו דעם ברויט־פעלד דעם אויפ־גייענדיקן פון וועלכן פרויען־הענט רייסן אַרויס דעם ביטערן פאָלין.

ניט נאָר וואָס דזשיגיטאַ איז דערשטוינט געוואָרן פון בורגינס ענדערונג, עס האָט אים אויך בייז־געמאַכט בורגינס אויסבאַהאַלטן זיך אין דעם ווינקל, ביים געלעגער, דאָס שווייגן זיינס.

— ווו איז בורגין? — האָט ער עטלעכע מאָל געפרעגט. — ווו איז ער?

און אַז דער ראָטע־שרייבער האָט זיך באַוויזן האָבן אומרויק געשאָטנט דעם פּאָפּס פּאָקן־גריבלעך.

— געווען אַ בורגין, אַ באַרעדעוודיקער, אַן אייגענער, און איצט דרייט זיך אַרום אַ שאָטן... מיר האָבן געגוג שאָטנס... איך דאַרף צוריק האָבן לעבן זיך דעם ראָטע־שרייבער, דעם פּלאַפּלער מיט דער זמיע־צונג... דער וואָס קען חנפענען און אין דער זעלביקער רגע פּיינט האָבן... וואָס קען דיך רימען און אין האַרצן פאַראַכטן... איך האָב ליב דעם דאַזיקן שפּיל... איין זייט פּנים דיינס לאַכט און דאָס צווייטע קרימט זיך אין גרימאַסן פון ביטערניש... גוט וואָס דו שטעלסט מיר אונטער די חניפה־זייט פון דיין פּנים... און אַז איך זע דיין פּחד לעב איך אויף... דאָס איז גוט! איך האָב פּיינט מענטשן וואָס גייען מיר נאָך ווי בלינדע! דאָס זענען פערד מיט אויסגערונענע אויגן... איך וויל האָבן אַ זעעוודיק פערד! כאַ־כאַ־כאַ... אַ זעעוודיק פערד, אַ געשפּאַנטן אין שרעק־געשפּאַן...

דאָס ערשטע מאָל ווי בורגין הערט אַזאַ אָפן געלעכטער פון דעם געשטופּלטן. ער לאַכט מיט. איז דאָס אַ געלעכטער אָדער אַן אויס־קרימעניש? בורגין האָט מורא פאַר זיין קרומען לאַכן. דאָס וועט דער־צאָרענען דעם געשטופּלטן.

— איך האָב ליב ווען מען זעט אַלץ, מען פאַרשטייט אַלץ און מען האָט מורא פאַר מיר... ווען ניט די דאַזיקע מורא דיינע וואָלט איך ניט געווען דזשיגיטאַ... איך ווייס אַז דו האָסט מיך פּיינט... דו מוזסט מיך פּיינט האָבן... דו, ראָטע־שרייבער... פאַרפאַסער פון לידלעך און מעשׂות, און דאָך ציטערסטו, שרעקסט זיך... ווער דאַרף זיי די פּינצטע־רע פּויערים מיט זייער שטאַמלעריי? וואָס דען זאָלן זיי טאָן אויב ניט ליגן ביי מיינע פיס? דו ביסט עפּעס אַנדערש... גאָר עפּעס אַנדערש... דו, מיט די טיפע יידישע אויגן!... איצט ווילסטו זיך אַרויספּלאָנטערן פון מיר! דו ווילסט זיך פאַרוואַנדלען אין אַן אָגלאָבלין, אין אַ לאַ־בוטיאַ?...

ער האָט אָנגעשטעלט קליינע, שטעכיקע אויגן אויף בורגינען. די באַקאַנטע קראָפּעווע־אויגן. זיי בריען אים, זיי שאַרן זיך איבער זיין לייב. אָ, גאָט, נעם אַוועק דעם שטעכיקן פּאָלין. ער קען ניט אַרויס־

ברענגען קיין וואָרט. ער פרירט. אַ קאַלטערווינט נעמט אים אַרום. אַ האָגל פּויקט אין זיין שאַרבן.

— דו מוזסט זיין בורגין! דער קלוגער ייד בורגין! דו קענסט פון זיך ניט אַנטלויפן! דו טאָרסט ניט אַנטלויפן פון זיך! איך מוז ווידער פילן ביי מיין זייט בורגינען! ער איז מיר נויטיק אין דעם טעמפּן נאַרן־געזינדל! בורגינען וויל איך זען! בורגינען!

די קאַנעצלעך זענען שוין לאַנג אויסגעגאַנגען. פון קאַמין קוקן גליענדיקע קוילן ווי אויגן פון אַ לויערנדיקער חיה.

דזשיגיטאַ איז אַוועק. זיין שאָטן איז אָבער געבליבן. אַ פאַרגלי־ווערטער שאָטן אויף די שטיינערנע ווענט, אַן אויסגעקרימטער. די קוילן־אויגן לעשן זיך. דער שאָטן ווערט גרעסער, ביז ער פּילט אויס דעם חלל פון דער שטיינערנער געביידע און דערנאָך שפּרייט ער זיך איבער די זומפּן.

עטלעכע פויערים האָבן פאַרוואָרפן נעצן אין דער אָזערע. דאָס ווילן זיי שטילן דעם הונגער מיט פיש. דער פאַנג איז אַ שלעכטער. קליינע זומפּ־פיש זענען אַרויסגעפאַלן פון די נעצן. די פישער האָבן אַרויסגעצויגן אַ געדיכטן גרינעם שליים מיט וואַסער־שפּינען און אָפּט־מאָל אַן אָנביינערדיקן פיש וואָס האָט זיך געוויקלט אַזוי ווי אַ שלאַנג.

די גלושינער גייען אַרום פאַרכמורעטע. דער טרעפער טשאַבאַראָוו זאָגט אַן שווערע טעג. באַלד, באַלד וועט דער אַנטיכריסט אַריינרייסן זיך אין אַלע כאַטעס. ער וועט צעשליידערן די אויוונס, ער וועט אויס־לאָזן זיין צאָרן צו דער הייליקער. די ביימער וועלן פאַרדאַרט ווערן, ניט פון קעלטן, נאָר פון ווערעם וואָס וועלן פון אינעווייניק דורכלעכערן דעם שטאַם. אַזוי וועט עס אויך זיין מיט די מענטשן. שׂינאה־ווערעם וועלן צעפרעסן זייערע הערצער. זיי וועלן אַרומגיין אָן הערצער.

דער פאָטער טשאַבאַראָוו ווייַנט. ער טייטלט מיט דעם סענקאָטן שטעקן צו דער שטיינערנער געביידע און שאָקלט מיטן קאָפּ.

דער פויער אושאַטאַי האָט אָנגעקליבן אַ זאַק ליפּע־בלעטער,

פּאַראַיאָריקע. ער וועט די בלעטער אויסטריקענען, צעמאָלן און באַקן פון זיי פּלעצלעך.

ביביקאָוו און סידאָרקאַ מאָגנען איין שפּייז ביי די גלושינער. זיי טראָגן דאָס אַלץ צו דער געביידע און בוריאַן טיילט שטענדיק עפּעס אויס אויך פאַר זיי.

דער דאָרף־נאַר ביביקאָוו קוקט אויף בוריאַנען מיט שרעק.

— זיי האָבן פאַרגראָבן אין די קעלערן... זאַמאָרא האָט פאַר־גראָבן... טשעטשולין האָט נאָך... שיפּאָוו... אַלץ ווייס איך... ביביקאָוו ווייס אַלץ... אפילו ווו אַרמודאַן באַהאַלט זיך... זיי וואַרטן אויף טשומאַקן אַז ער זאָל צוריקקומען... דער טרעפּער טשאַבאַראָוו שרעקט זיי מיט אַ געשטופּלטן אַנטיכריסט... דער פּעלצן־נייער סודעט זיך טאָג און נאַכט... ער איז כיטרע דער פּרעמדער פון גלושינאָ... ביי אים קען מען גאָרנישט געפינען אין דער כאַטע... און זאָגט איז ער... כאַ־כאַ־כאַ... איך קען זיי אַלעמען... אַלעמען קען ביביקאָוו... אַלעמען...

בוריאַן וואַכט אויף.

דער פּראָסט פון זיינע גלעזערנע אויגן טייעט. איצט איז געקומען זיין צייט. פריער האָט ער זיך אַרומגעדרייט אָן איבעריקער; גערייניקט דעם רעוואָלווער, געקוקט אויף דעם שפּינוועב וואָס פאַרדעקט די שטיינשפּאַלטן און ניט אָפּגעריסן זיין בליק פון אַ שפּין וואָס וויגט זיך אין דער לופטן. נייך, ניט אין דער לופטן. אַ דינער פאָדעם האַלט זי אויף. ער האָט חשק איבערצורייסן דעם פאָדעם און זען ווי די שפּין פאַלט. ער וועט זי דעמאָלס צעטרעטן... פאַרוואָס קען ער ניט לאַכן? עס לייגן זיך ניט די ליפּן זיינע צום געלעכטער.

סידאָרקאַ סאָפּעט מיט דער רויטער נאָז און וואָיעט:

— אַרמודאַן וועט מיך דערהרגענען... איך האָב מורא פאַר אים...

ביביקאָוו שטויסט אים מיט די הענט.

— גענוג, סידאָרקאַ, הער אויף.

בוריאַן קרימט דאָס פּנים. דאָס לאַכט ער אַזוי. עס איז אים גוט אין גלושינאָ. ער קען דאָ ליגן אויף זיין געלעגער ביז אין טאָג אַריין. זיינע אָנגעלאָפענע באַקן הענגען שלאַבערדיק און בעת ער גייט פּילט ער

דעם תענוג פון זייער געציטער. קיינער טרייבט אים ניט. קיינער באַפעלט אים ניט. ער איז דער באַפעלער. אַ לעבן־לאַנג אויסגעשטעלט געווען צו שפּאָט. מען האָט ניט געוואָלט אָנרירן זיינע וויכע הענט, די שווייסי־קע. ניט געוואָלט קוקן אויף זיין ווייבערישער גאָמבע. אין די קאַזאַרמעס האָבן אים די סאָלדאַטן אַוועקגעשליידערט אויף דער ערד און געריסן די קליידער זיינע מיט אַ וויסטן געלעכטער.

— לאָמיר, קינדער דערגיין, אפשר איז דאָס אַ סאָלדאַטסקע מויד אין הויזן...

ער האָט דעמאָלט געריסן זיך פון די סאָלדאַטישע הענט, געביסן, געקאָפּעט, געשטויסן מיטן קאָפּ. זיין געשריי דאָס דין־קוויטשיקע האָט זיך איינגעשניטן אין דעם געלעכטער פון די זעלנער און אַז ער האָט זיך אויפגעכאַפּט איז אין אים אויפגעגאַנגען אַ שׂינאה, אַ ווילדע ניט־געצוימטע שׂינאה. ער האָט געדריקט אין די הענט די ביקס און איז גרייט געווען אַלעמען צו דערשיסן. דערנאָך איז אים באַפאַלן אַ גלייכ־גילט און טעמפּקייט. ער האָט זיך ניט צוגעהערט צו די סאָלדאַטישע מעשׂות וועגן נקבות. ס'האָט אים געשווידערט פון די רייד. ער האָט אויסגעמיטן צו קוקן מענטשן אין די אויגן אַריין. אַן אויסגעלאָשענער און מידער סאָלדאַט, אַ שוויגנדיקער — נאָר אונטער דער שטילקייט האָט געטייעט אַ שׂינאה צו דער וועלט. שׂינאה אָן גרענעצן. אַליין וואָלט ער ניט געהאַט געגנוג כוח דורכצומאַכן דעם וועג קיין גלושינאָ אָן דזשיגיטאַ. פון אַלעמען האָט ער אויסגעקליבן דעם געשטופּלטן פּאָפּ און אים אַוועקגעשאָנקען זיין טונקעלע נשמה.

בוריאַן האָט די בלינדע צעיוירענע שׂינאה, די טעמפּקייט, דאָס עקשנות און די קאַלטע גלייכגילט אַוועקגעגעבן אין דזשיגיטאַס הענט. דזשיגיטאַס האַרטער ווילן האָט באַהערשט דעם סריס כעס, די פּיינט־שאַפט, די בלינדע טעמפּקייט אַזוי ווי דאַמבעס וואָס האַלטן איין ווילדע שטראָמען און לאָזן נאָר דורך ריטשקעס דורך געעפנטע שליוזן.

וואָס אומרויקער עס איז געוואָרן אין גלושינאָ, אַלץ וואַכיקער איז געוואָרן בוריאַן.

דאָס קליינע פויערל איז ניט אָפּגעטראָטן פון אים. יעדעס מאָל איז ער געקומען מיט נייסן:

— דער דאָרף־נאַר ביביקאָוו איז שוין גאָרנישט אַזאַ נאַר ווי מען מיינט... ער מאַכט זיך נאָר פאַר אַ דוראַק... דאָס באַהאַלט ער אויס אַרמודאַנען... יעליסעיעוו גרייט זיך צו אַנטלויפן. ער פאַרגרייט שוין די לאָדקע... טשומאַק וועט צוריקקומען מיט באַוואָפּנטע פויערים פון די דערפער אויף יענער זייט וואַלד... אין די נעכט זעט מען פייערן איבערן מערבדיקן וואַלדראַנד... בוסליי סודעט זיך מיט די פויערים... ניט גוט איז עס מיט בוסליי...

ער האָט מורא צו שווייגן, דער כיטראָוו. עס ווערט אים טרויעריק און אַ שרעק באַפאַלט אים. וואָס זאָל ער טאָן מיט די אומרויקע מוסקלען פון זיין פויגל־פנים, מיט די הענט? אַז ער רעדט איז אים גוט. דעמאָלט שרעקט אים מער ניט בוריאַנס פּרצוף. ער וועט ווידער אַוועק אין דאָרף אַריין, צו די אָרעמע פאַרהונגערטע כאַטעס. עס לאָקן אים די גרויסע איוונס מיט דער פאַרוויגנדיקער וואַרעמקייט. ער האָט ליב דעם ריח פון שעפּסנפעל, פון אַניטשעס וואָס טרוקענען זיך אין די איוון־מייערלעך, דעם ריח פון די רויע סאָסנע־ווענט. ער האָט מורא פאַר די פויערים. זיי קוקן אויף אים מיט חשד און פאַרבעטן ניט צום טיש. ער שטייט ביי די איוון־בענק און רעדט. דאָס זענען סתם געוואָרפענע רייד כדי אויפֿצושליסן די פויערישע מיילער.

— די זומפּן טונקלען זיך. דער שליים שווימט אין די האַרבסטן אַוועק. זעט אויס אַז די וואַסערן האָבן יאָ ערגעץ אַן אָפּגאַנג. זיי האָבן דורכגעריסן אַ וועג דורך די שמאָלע שטראָמען פון וואַלד. וואָס זאָגט איר, גלושינער?

— וואָס ווייסן מיר דען?... אפשר... פאַרבאָרגן איז די זומפּ... בלינדע זענען מיר... בלינדע מוזשיקעס...

אויף דערויף וואַרט נאָר דאָס קליינע פויערל. ער ווערט לעבעדיקער. ער האָט דורכגעבראָכן די טויבע וואַנט. דער פּחד טרעט אָפּ.

— דערפאַר־אָ זענען עס, אַזוי צו זאָגן, ברודערלעך, ניטאָ קיין פיש אין די אָזערעס... זיי גייען אַוועק מיט די שטראָמען... אַזאַ טבע

ביי פיש מיטצוגיין מיטן שטראָם... נאָר די ווערעם בלייבן... די זמיע־פיש די אַלערליי וואַסער־שרצים... זיי מערן זיך... זיי האָבן די גאַנצע זומפּן... און די פיש זוכן ריינע, פליסיקע וואַסערן... די גוטע מענטשן זענען אַזוי ווי די פיש...

ער האָט געקנייטשט דאָס פּנים ווי אַ בליץ וואָלט אים פאַר־בלענדט. איין אויג האָט ער צוגעשלאָסן און פון צווייטן אויג האָט ער געעפנט נאָר אַ קליין שפּעלטל.

— זענען דען מענטשן נאַרישער פון פיש?... טשומאַק איז קלוג... אַרמודאַן איז ניט קלוג... אַרמודאַן איז ווי דער זומפּ־וואָרעם וואָס קען ניט אַוועקשווימען... בוריאַן זוכט אים... זאָגט אים קינדערלעך אַז ער זאָל היטן זיין שדישן עק... כאַ־כאַ־כאַ...

די פּויערים לאַכן ניט. און אַז ער גייט אַוועק קוקן זיי אים נאָך. דאָס קליינע פּויערל ווערט טרויעריק בשעת ער קוקט אויף די פּייכט־פאַרלאָפענע שייבלעך. אַזאַ היימישער טרויער שפּרייט זיך אין אים. פאַרנאַכטיקע הימלען, נידעריקע. זיי ליגן שוין אויף די אויסגעלאָשענע דעכער, זיי נידערן צו דער ערד. ער פילט זיי אויף די אַקסלען. ער בייגט זיך איין נידעריקער ביז צו דער קאַלטער ערד. ער שלעפּט קוים די פיס. עס דוכט זיך אים אַז די לאַסט פון דער זומפּוועלט האָט עמעצער אַרויפגעשליידערט אויף זיין רוקן. אָט איז שוין דאָס וועגל וואָס פירט צו דער אַלטער שטיינערנער געביידע.ביידע זייטן וועגל זענען באַזעצט מיט גרויע דערנער, שאַרפע, אויסגעלאָשענע מיט טויטע זריעה־שטערנס.

דאָס פּויערל גייט אין דער מיט פון דערנער־וועג. ער האָט מורא פאַר די קאַלטע שטיינוועגט.

אַ פּחד נעמט אים אַרום ווען ער דערזעט בוריאַנען. דער סריס וועט אַרויסנעמען פון דער הויזנטאַש זיין רעוואָלווער, ער וועט פריער אַ קלינג־טאָן מיטן שלאָס און אַרויפלייגן דעם פינגער אויפן צינגל. דזשיגיטאַ וועט זיך אפילו ניט אומקוקן. ער וועט ניט קיין ציטער־טאָן מיט קיין וויע. דאָס פּויערל וויל שרייען, ער וויל רופן, נאָר דאָס מויל איז אים געליימט. אָנשטאָט אַ געשריי קומט אַרויס אַ פאַרדעמפטער געהויל.

ער וועט אָפּוועגדן בוריאַנס צאָרן. ער וועט אַריינוואַרפן זיין קליינעם גוף אין מיטן פון דעם אויפגעוואַכטן פלאַם און אים פאַרלעשן מיט זיך אַליין. ער לויפט צו נאָענט צו בוריאַנען און רעדט. די האַלדז־אָדערן זיינע ווערן אָנגעדראָלן ווי מען וואָלט אים געוואָרגן.

— כ׳קום פון גלושינאָ... ניט גוט, בוריאַן... ניט גוט... אַרמודאַן גרייט זיך... די וואָך דאַרף מען פאַרשטאַרקן... אַליין געהערט פון די פּויערים... ווי גאָט איז מיר ליב...

איצט איז אים גוט. עס איז אים לייכט געוואָרן. בוריאַן צילט ניט אויף דעם קליינעם איינגעשרומפּענעם פּויערל. דאָס האָט זיך אים נאָר אויסגעדוכט. ער איז גוטמוטיק דער בוריאַן. ער איז מיד דער סריס. דאָס איז אַ זאַטע מידקייט פון אַ טיגער.

אַ גרויסע דאַנקבאַרקייט גייט אויף אין דעם קליינעם פּויערלס האַרץ צו דער דאָזיקער רגע פון רו. אַ דאַנקבאַרקייט צו בוריאַנען, אַ ליבשאַפט. און ער שעפּטשעט אַ געבעט אַז דער בוריאַן זאָל שטענדיק זיין אַזוי לייטזעליק ווי איצט.

עס ווערט דעם קליינעם פּויערל גוט. אַ דרימלענדיקע גוטסקייט. גאָטס וועלט איז פול מיט רחמים. ער קען זיך אָבער ניט אַוועקלייגן אין ווינקל ביז ער וועט ניט זאָגן אַ גוט וואָרט דזשיגיטאַן. ער מוז אים אַרויסווייזן זיין אונטערטעניקייט. דזשיגיטאַ מוז זען זיין ליבשאַפט...

בודנאָוו האָט אים פאַרשטעלט דעם וועג. ער קוקט אויף אים מיט חשד. דאָס פּויערל קאָרטשעט זיך אַזש איין. ער איז נאָענט צו טרערן.

— וואָס איז, ברודערל, בודנאָוו, סאָקאָליק... האַרצינקער ?...

בודנאָוו האָט אים אַ ווײלע אָנגעקוקט און בייז געברומט.

דער געשטופּלטער האָט זיך אַ גאַנצן פאַרנאַכט ניט באַוויזן. אין דער נאַכט איז דערגאַנגען גאַלינאַס געוויין. זי האָט זיך געריסן צו דער טיר. בוריאַן האָט איר פאַרצוימט דעם וועג. זי וויל אַהיים.

איר געוויין איז אויסגעגאַנגען פּאַמעלעך. אפילו ווען עס איז שוין שטיל געווען האָט זיך נאָך אַלץ געדאַכט אַז אין דער לופט טראָגט

זיך אַ געיאָמער. געגוג איינצוהערן זיך אין דער שטילקייט פון דער נאַכט.

דאָס פויערל הערט זיך איין און אים דאַכט זיך אַז עס וויינען־מיט די שטיינערנע ווענט און עס יאָמערט אויך מיט זיין אייגן האַרץ.

כאַכלאָוו איז טייל מאָל געבליבן שטיין פאַר דזשיגיטאַן און געקוקט אויף אים מיט די וואַסער־אויגן. זיי זענען די לעצטע טעג מוטנע געוואָרן און דער קאַנטיקער קאָפּ איז פאַרזונקען געוואָרן ווי אין אַ וואָלקן. געטראַכט האָט ער וועגן אויסטערלישן קאַווקאַזער פּאָפּ מיט דעם פרעמדן נאָמען דזשיגיטאָוו און וועגן זיין געהיימען מיטהעלפער בוריאַן. ווער ווייס פון וואַנען זיי נעמען זיך, די דאָזיקע פאַרשוינען מיט די פאַרבאָרגענע נשמות? ניט זיי טרינקען סאַמאָגאָן, ניט זיי זינגען רוסישע לידער, ניט זיי רעדן ריכטיק אויס די רוסישע ווערטער. זייערע נאַכט־שעפּטשערייען ביים קאָמין שרעקן אים. דער פרעמדער געפליסטער זייערער זעגט זיין שאַרבן. ער שפּיצט אָן די אויערן און וואָס מער ער הערט זיך צו אַלץ שאַרפער זעגן זיך איין די פאַרבאָרגענע הייזעריקע טענער.

לושין איז בישט געווען אַזאַ. לושין איז געווען אַ רוסישער מענטש, אַן אונדזעריקער. און דאָ, אין דעם וויסטן דאָרף, זענען די ביידע אַרויפגעשווימען אויבן־אָן. דאָס גאַנצע געוועזר ליגט אין בוריאַנס הענט. ער האָט שוין זיינע בלינדע געהילפן! דער פּחד האָט אַלעמען שטום געמאַכט. פּחדנים זענען זיי! און דער גרעסטער פּחדן איז דאָס קליינע פויערל. בורגין איז אַ שד. ער איז פון די שדים וואָס דו קענסט זיי ניט דערקענען. זיי פאַרשטעלן זיך פאַר דיין ברודער, פאַר דיין חבר, זיי באַהאַלטן די שדישע צורה, זיי טוען אויס די הערנער, זיי קריכן אַריין אין דער נשמה. און ווען מען כאַפּט זיך אַז דאָס איז אַ טייוול איז שוין שפּעט. ער האָט דיך שוין פאַרקנופּט מיט זיינע כישוף־שטריק, ער האַלט שוין די טייוולשע פינגער אויף דיין האַלדז. ער רעדט צו דיר לאָקנדיק־זיסע רייד און אַזוי, מיט פאַרוויגנדיקע ווערטער פליט ער מיט דיר אין גהינום אַריין.

בורגין איז געגליכן צו דעם קראָפּעווע־קוסט וואָס וואַקסט אַרויס אין די גערטנער. דער ערשטער אַרויסשפּראָץ איז אַ מילדער, וואָלסט געשוואָרן אַז דאָס איז אַ פּלאַנץ וואָס האָסט אַליין פאַרזעצט. דערנאָך נעמען אָבער אַרויסוואַקסן שאַרפע שטעכערס, פאַרבאָרגענע און ווען דו קוקסט זיך איין און אַנטפּלעקסט דעם קראָפּעווע־קוסט איז שוין שפּעט, זיינע וואָרצלען זיצן שוין טיף אין דער ערד — אַזאַ איז בורגין — צוערשט שטילע רייד, חניפה, לוסטיקע מעשׂות — און די קראָפּעווע־שטעכערס וואַקסן! כאָכלאָוו האָט זיי אָבער דערזען! כאָכלאָוון וועט מען ניט נאַרן! ער דערקענט דעם שדישן שווינדל! ער דערקענט אים! — — —

דאָס דאָרף איז אומרויק. די פּויערים געטרויען ניט דעם קאָווקאַזער געץ דזשיגיטאַ. זיי האָבן מורא פאַר זיין רוי־פּנים מיט די פּאָקן־גריבלעך, פאַר די אָפּשטייענדיקע אויערן זיינע, זיי האָבן מורא פאַר בוריאַנען, זיי ליידן ניט דעם פּלאַפּלער בורגין; דעם פאַלשן, דעם כיטרען און גליטשיק־צינגלדיקן אַנטיכריסט... זיי שרעקן זיך פאַר די פרעמדע, דערפאַר ווילן זיי ניט געבן קיין שפּייז. דערפאַר דערטרינקען זיי די לאָדקעס און ווילן מער ניט אַרויס צו דער אַרבעט. כאָכלאָוו איז אָבער ניט קיין פרעמדער. כאָכלאָוו איז אַן אייגענער. אַ ברודער פון די גלושינער איז ער — אַ לייב־אייגענער. פאַרוואָס איז ער דאָ אַזוי פאַרשטויסן? ער דאַרף עס זיין דער האַר פון דער דאָזיקער שטיינערנער געביידע און דער באַפעלער פון גלושינאָ!

ער וועט דאָס זאָגן די מענטשן! ער וועט דאָס אַלעמען דערציילן! כאָכלאָוו איז אַ זון פון דער דאָזיקער ערד! כאָכלאָוו... — — —

ער האָט זיך אַ וויג־געטאָן און דערנאָך זיך אָנגעשפּאַרט ביי אַ וואַנט. דער קאַנטיקער קאָפּ פרירט. דער אָטעם וואַרגט אים. די פיס האַלטן ניט אויס דאָס געוויכט פון זיין גוף. ער וועט באַלד זינקען צו דער ערד ווי עס זינקט אַ געלאָדענער וואָגן ווען די אָקסן ברעכן זיך פון שווערן לאַסט.

דריי טריט איז אין גאַנצן צו דזשיגיטאַן און ער קען זיי ניט מאַכן.

ער פאַרשליסט די אויגן און זעט דעם דרימלענדיקן געץ. זיינע הענט שטייפן זיך, די פינגער זענען ווי צוואַנגען, זיי שליסן איין אַ האַלדז... אַ געשאָרך ווי פון אַ דאָרן ווען דו רייסט אים אַרויס מיט די וואָרצלען.... און אויס... כאָכלאָוו איז אויף דעם אָרט וואָס עס קומט אים! כאָכלאָוו איז דער לושין פון גלושינאָ! — — —

עמעצער קלאַפּט אים אין דער פּלייצע.

— אָ, גאָט, דזשיגיטאָ...

כאָכלאָוו ציטערט. די פיס זענען געליימט. ער איז פאַרקנופּט. פאַרוואָס קען ער זיך ניט רירן פון אָרט?

געבליבן איז נאָר איין שפּאַן צו דזשיגיטאָ... איין שפּאַן און ער איז פאַרקנופּט... פאַרוואָס קען ער ניט דורכרייסן דאָס שפּינוועבס?

דזשיגיטאָ לאַכט. אַ שפּאָטיש געלעכטער.

— כאָכלאָוו... דו חלומסט? אַ שיינעם חלום האָסטו נאָר וואָס געחלומט?... דו, נאָר איינער, נאָר אויסצושטרעקן די האַנט און דו וואָלסט געפאַנגען דעם טערקישן סולטאַנס קרוין...

דער געשטופּלטער קוקט אים אָן פאַרשעריש. די שטעכיקע אויגן שווימען אַרום ווי די זומפּ־שרצימלעך. ער וויגט זיך אויף די קורצע פיס.

כאָכלאָוון פרירט די הויט. דאָס פּנים איז בלייך. איצט ברעכט ער זיך אונטער דער לאַסט. ער וועט פאַרזונקען ווערן.

וווּ איז ער? איז דאָס ניט דאָס זומפּ־פעלד? פאַרוואָס וויגט זיך די ערד אונטער אים? זי אַנטרינט פון אונטער זיינע פיס.

— האָספּאָדי... האָספּאָדי... — שעפּטשעט ער, און די הענט קלאַמערן זיך אין שטיין.

אין דער נאַכט איז ער ניט איינגעלעגן אין בעט.

— אָן אומריינער... אָ, דו הימלישע צאַריצע... ווי דאָס לייענט אַרויס פון דיין האַרץ... ווי דאָס איז קלוג...

זיין געשעפּטש האָבן נאָר פאַרנומען די קאַלטע הימלען איבער גלושינאָ און די אַלטע ווענט פון דער געביידע.

צומאָרגנס איז ער אויפגעשטאַנען פרי. דער ערשטער פון אַלע־מען. ער איז אַוועק ווען עס האָט קוים געגרויט. דער פּאַרטאָגיקער ווינט קילט זיינע שלייפן. זיי גליען נאָך זייט דער נעכטיקער באַגעגעניש מיטן געשטופּלטן.

איצט ווייס שוין כאָכלאָוו וואָס ער וויל. זיין באַשלוס ווערט וואָס אַ מאָל שאַרפער ווי ער וואָלט געשליפן געוואָרן פון דעם פאַרטאָ־גיקן בייזן ווינט.

ער וועט אויפזוכן אַרמודאַנען. ערגעץ איז ער דאָך דאָ אין דאָרף. ער מוז מיט אים ריידן. צוזאַמען מיט די פּויערים וועט ער אַ סוף מאַכן צו דזשיגיטאַן און בוריאַנען.

כאָכלאָוו שאַרט זיך לעבן די כאַטעס. אין טייל שייבלעך בלינצלט עס. ער קוקט אַריין אין די פענצטערלעך. אין אויוון צאַנקט אַ פלאַם. די שטוב איז פול מיט שאָטנס. אַ פּויערטע פּאָרעט זיך ביים אויוון. פון שאָטנס וויקלט זיך אויס אַ קאָפּ פון אַ בערדיקן מוזשיק.

דער ווינט רייסט זיין פּעלצל. כאָכלאָוו הילט זיך איין. פון זומפּ־פעלד טראָגט דער ווינט דעם טרוקענעם גערויש פון טשערעט. צווייגן ברעכן זיך. אַ שעפּס מעקעט. אין כאָכלאָוון יאָמערט די שינאה און די שרעק. אַמאָל נעמט אויבערהאַנט דער פּחד — דעמאָלט וויל ער צוריק־גיין און אַוועקלייגן זיך אויפן בעט. אַ צווייט מאָל — די שינאה. פּחד און שינאה מישן זיך אויס אין איין שטומען פאַרדראָס.

עמעצער גייט. טריט קלאַפּן אָפּ אין דער האַלב־פאַרפראָרענער ערד. כאָכלאָווס פּחד שפּרינגט אויף. ווער קען דאָס זיין אין דעם פאַרטאָג?

— בוסליי?

ער לויפט אים אַנטקעגן. בוסליי קוקט אים אָן אַ פאַרחידושטער ווי ער וואָלט דאָס ערשטע מאָל געזען כאָכלאָוון.

זיי שווייגן.

דער ווינט וואָיעט אַזוי ווי עמעצער וואָלט זיך אויפגעהאָנגען.

דאָס אייז פון די פאַרפראָרענע קאַלוזשעס איז דין, עס ברעכט

זיך. איבערן וואַלד העלט שוין. די נידעריקע וואָלקנס ליכטיקן אין די ראַנדן, ווערן דורכזעעוודיקער ביז ס׳ווערט פון זיי שיטערער נעפּל.

— האָסטו געזען דעם אַרמודאַן? ווייסטו ווו ער איז?

בוסליי שווייגט.

— פאַרוואָס רעדסטו ניט, בוסליי?

דער בראָדיאַגע האָט זיך איינגעקאָרטשעט אַזוי ווי אַ לויערנדיקע קאַץ. ער האָט געוויזן זיינע ציין.

— ווער האָט דיך געשיקט; דזשיגיטאַ? בוריאַן?

— ניט געשיקט... אַליין געקומען... איך דאַרף אַרמודאַן...

כאָכלאָוו האָט לאַנג געקוקט אויף בוסליי און געזאָגט:

— דו האָסט פיינט דזשיגיטאָוון, האָסט פיינט בוריאַנען... כ׳דערקען דאָס... איך ווייס דאָס... זיי האָבן מורא פאַר דיר... אָבער ניט לאַנג וועט עס דויערן און זיי וועלן דיך דערהרגענען... זיי וועלן דיך אַריינשליידערן אין די זומפּן... זיי האָבן אַ חשד אויף דיר... פאַר מיר האָב ניט מורא... כאָכלאָוו וועט דיר קיין שלעכטס ניט טאָן... כאָכלאָוו איז צו דיר ווי אַ ברודער... איך דאַרף דיך, בוסליי... איך קען מער ניט זען ווי דער געץ קעניגט איבער אונדז... בוסליי, דו הערסט! כאָכלאָוו איז דיר אַ ברודער!... בוריאַן וועט אונדז אַלעמען דערשטיקן!... זיי וועלן זיך אַרומרינגלען מיט ביביקאָווס, מיט סידאָרקאַס, זיי וועלן שוין אויסגעפינען אין דאָרף מענטשן וואָס זאָלן ליגן ביי זייערע פיס... זיי וועלן אַלע מענטשן פון לושינס גרופּע דערמאָרדן... איך ווייס דאָס... איך דערקען דאָס... ער איז אַן אומריינער... אַ ניט־גוטער... מיט א מענטשישער מאַסקע... כ׳האָב מורא פאַר אים... בוסליי, דו ביסט אַ רוס, דו ביסט אַ פּראוואָסלאַוונער... איך בין אַן אוקראַינער... ברידער זענען מיר, סלאַוויאַנער. זיי זענען פרעמדע... אומריין בלוט פון אַזיאַטן רינט אין זיי... זיי האָבן זיך צונויפגעפּאָרט מיט דעם בורגין, דעם זשידאָק... בוסליי, זוך אויף אַרמודאַן... ער וועט העלפן... און אפשר דאַרפן מיר אים ניט? מיר אַליין... אַליין...

כאָכלאָוו עטעמט שווער. דער ווינט רייסט שטיקער פון די דעכער און פאַרטראָגט זיי, צוזאַמען מיט די רייד, צו די פעלדער.

— פאַרוואָס שווייגסטו, בוסליי? כ'האָב מורא פאַר דיין שווייגן!...

בוסלייס קינזשאַל גליט. זיינע פינגער קענען ניט באַרירן דעם שטאָל.

— דו ווילסט ניט ריידן צו מיר? גלויבסט ניט מיינע רייד! איצט וועסטו מיך אויסגעבן. וועסט דערציילן דעם געשטופּלטן? וועסט דערציילן אַלץ בוריאַנען? דו האָסט אויסגעהערט געדולדיק און געשוויגן. פאַרוואָס האָסטו מיך געלאָזט ריידן? דו האָסט מיט דיין שווייגן אַרויסגענאַרט ביי מיר רייד! געמאָנט זיי מיט דער שטילקייט דיינער. איך האָב געמיינט אַז דאָס איז הסכמה! איצט ליגט מיין קאָפּ אין דיינע הענט! דו האָסט מיך גענאַרט! מיאוס גענאַרט! ווי אַ פּחדן באַנעמסטו זיך, בוסליי, ווי אַ פּחדן!

כאָכלאָוו זידט פון כעס. די שרעק טאַנצט אים אַרום אין די אויגן.

עס איז שוין ליכטיק. זיי גייען פאַרביי דער פאַרברענטער מיל. ערגעץ אויף אַ זייטיק וועגל שאַרט זיך דאָס קליינע פויערל אין אַ לאַנגן שינעל.

ביביקאָוו און סידאָרקאָ מאַכן איצט זייער טעגלעכן שפּאַציר איבער די גלושינער כאַטעס. צוערשט גייט ביביקאָוו, נאָך אים לויפט סידאָרקאָ מיט די דאַרע פיס.

בוריאַן מיט עטלעכע באַוואָפנטע מענטשן גייען צו יעליסעיעווס כאַטע.

עס שטעלט זיך אַ טרויעריקער ווינטערטאָג אין גלושינאָ.

פאַרן טויער פון דער שטיינערנער געביידע האָט זיך בוסליי פאַרהאַלטן. ער האָט אויסגעשטרעקט אַ וואַרעמע האַנט צו כאָכלאָוון.

דאָס זענען געווען שווערע ווינטער־טעג פאַר די מענטשן פון דער געביידע.

גלושינאָ קען מער ניט צושטעלן קיין שפּייז. בוריאַן ווילדעוועט אין דאָרף. מען יאָגט די פישער צו די פאַרפרוירענע זומפּן. מען נישטערט אין די קעלערן און אַמבאַרן. עטלעכע פויערים זענען נעלם געוואָרן.

צוערשט האָט מען געמיינט אַז זיי זענען אַנטלאָפן. דערנאָך אָבער האָט מען געפונען זייערע קערפּערס פּאַרפראָרענע אין אייז.

בורגין האָט גערעדט פאַר די גלושינער אין דער שמידעריי. ער האָט געזאָגט אַז דאָס מאָרדעט אַרמודאַן פון בלינדער שינאה, אַז אַרמו־דאַן האָט פאַרקויפט זיין נשמה ;טאָרפּיונען, אַז ער איז באַלד געבוירן געוואָרן אַ שד וואָס האָט זיך אויסבאַהאַלטן צווישן די דאָרף־מענטשן.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער, נאָך דעם ווי די פּויערים האָבן שווייגנדיק אויסגעהערט בורגינען איז נעלם געוואָרן יעליסעיעוו.

דער וואָרזעער טשאַבאַראָוו האָט געבראָכן די לאַנגע פאַרמעט־פינגער און דערציילט וועגן זיינע נאַכט־זעונגען:

— ניט גוט, אַדלערלעך, ניט גוט, איר געבונדענע, אומגליקלעכע. אויף אַ שוואַרצן דעמב־שטאַם זיצט אַ פינצטערער הערשער, אַן אַליין־געקרוינטער. דער זומפּ טרייסלט זיך. ער וויל מער ניט ליגן געפּענטעט אונטערן שימל־שליים. אַ שטורעם וויגט אים. דער שטורעם קומט פון אונטן, פון די זומפּן די געדיכטע, די שרצימדיקע, די פינצטערע, די וואָס זענען באַזעצט פון ווערעם און שפּינען. דער שטורעם שליידערט דאָס אַלץ אַרויף, אויף דער אייבערפלאַך. דער הימל ווערט אַזש טונקל פון דער אָפּגרונטיקער פינצטערניש. איבער דעם אַלעם וויגט זיך דער שוואַרץ־דעמבענער שטאַם מיטן אַליין־געקרוינטן. ער איז צווישן הימל און דעם אַרויפגעשווומענעם תהום. ער קעניגט איבער צוויי וועלטן. אַלדאָס איבעריקע ווערט פאַרוואַנדלט פון מעכטיקע בליצן אין אַש און שטויב. — — —

טשאַבאַראָווס פּנים לעשט זיך. ער צעשפּרייט די הענט און טרייבט עפּעס פון זיך צוריקטרעטנדיק דערביי עטלעכע שפּאַן.

— בלינדע נעפּלען דערנענטערן זיך. זיי קומען אָן פון דער שטיינערנער געביידע. געדיכטע, קנויליקע. כאָטש איר זענט אַלע צוזאַ־מען, וועלן אייך די שרעק־נעפּלען צעשיידן. זיי וועלן יעדן איינעם פון אייך באַזונדער פאַרהילן, פאַרוויקלען. אַ ברודער וועט אַ ברודער ניט זען. אַ שוועסטער וועט אַ שוועסטער ניט דערקענען. איר וועט נאָר זען

דעם פּחד־נעפּל אַרום זיך. איר וועט אַרומגיין ווי בלינדע וואָס זייערע אויגן זענען פאַרצויגן מיט בעלמעס — — —

די רייד פון אַלטן וואָרזעער און טרעפער האָבן זיך פאַרשפּרייט איבער גלושינאָ. זיי האָבן אָוועקגענומען דעם מינדסטן חשק צו באַ־שעפטיקן זיך מיט די ווירטשאַפטן. מען האָט דערוואַרט אַ וויכטיק געשעעניש, אַזאַ וואָס מוז קומען.

אין איינער פון די דאָזיקע נעכט האָט זיך אויפגעכאַפּט בוסליי. ס'האָבן אים אויפגעוועקט בוריאַנס צעברעקלטע רייד און האַלדז־כאָרכלעריי, אַזאַ פייכטס ווי מען וואָלט געשעפּט מיט אַן עמער זומפּיקע וואַסערן.

אין בוריאַנס ווינקל איז ליכטיק. דער סריס האָט פאַרלייגטביידע הענט אויף דער ברוסט. פון אויפרעגונג ציטערט אים דאָס שלאַבערדיקע פלייש פון זיין איבערגעוואַקסענעם גוף. ער וויל מיט די הענט איינ־האַלטן זיין קערפּער אַז ער זאָל זיך ניט צעפאַלן, אַז ער זאָל ניט צעריסן ווערן פון כעס וואָס בושעוועט אין אים. תּמיד ווען ער איז אויפגערעגט פאַרלייגט ער די הענט אויפן ברוסט־קאַסטן.

בוסליי גייט אויף די פינגער־שפּיצן. דאָס ליכט גליטשט זיך אויפן דיל. די קאַלטע שטיינערנע ווענט טרייסלען אָפּ פון זיך די גרויע שיין. זי פאַלט אַראָפּ אויף דער פאָדלאָגע. אַלע שלאָפן שוין. ווו איז דזשיגיטאַ? דער קאַמין איז פאַרלאָשן.

עפּעס געשעט מיט דעם געשטופּלטן.

נעכטן האָט ער אַלעמען געטריבן פון זיך. ער איז געשטאַנען מיטן פּנים צו דער וואַנט און זיך ניט אויסגעדרייט ווען מען האָט אפילו צו אים גערעדט. זיין באַנעמען זיך זאָגט אָן ניט־גוטס.

בוסליי האָט געוואָלט זיך וואַרפן אויפן געשטופּלטן מיטן קינזשאַל. ער איז עטלעכע מאָל פאַרבייגעגאַנגען, געזען דעם פאַרגליווערטן רוקן, דעם טעמפּן קאַרק, די אַקסלען. געדאַכט האָט זיך אים אַז דאָס איז אַ שטיין. בוסליי קען אַריינזעצן דעם קינזשאַל אין אַ שטאַם און דער־שפּירן דעם געציטער פון בוים, דערזען דעם זאַפט וואָס טריפט פון דער אויפגעריסענער קאָרע. דזשיגיטאַ איז אָבער אַ קאַלטער שטיין.

ער האָט זיך אָפּגערוקט פון געשטופּלטן אַזוי ווי ס׳קערט זיך אָפּ אַ יאַגד־הונט פון אַ פּגירה.

פאַרוואָס איז אומרויק אין בוריאַנס ווינקל? ער הערט דאָרט אַ פרעמד קול. בוסליי שאַרט זיך אין דער פינצטערניש. אַ טיר סקריפּעט. ווער וויינט עס אַזוי אויסגעצויגן? איז דאָס גאַלינאַ? ניין, ניט גאַלינאַ. דאָס וויינט די נאַכט. דאָס וויינען די אַלטע שטיינערנע ווענט. דאָס וויינט בוסליי. ער בייסט מיט די ציין די ליפּן. אַ געהעש האַקט זיך אָפּ און באַניים זיך. דאָס מאָל איז עס אַזוי שטיל, אַז מען הערט עס קוים.

בוריאַן גייט. ער זעט אויס ווי אַ פּראַקטיקער זייל באַלויכטן פון לבנה־ליכט. דער זייל צעגייט. אויף דער ערד ליגט דער זקן טשאַבאַראָוו, דער וואָרזעער פון גלושינאַ. דאָס אייז צעשמעלצט זיך... דער זקן וויינט, דער זקן שלוכצט. בוריאַן שטייט איבער אים מיטן רעוואָלווער און לאַכט.

פאַלט עס אַ האָגל? ווער פּויקט עס ווי אין בלעכן? דער האָגל שלאָגט זיך אָפּ אָן דעם זקנס נאַקעטן קאָפּ, דער האָגל פאַלט אויף די געקנייטשטע קינבאַקן, אויף דעם געפּאַלדעוועטן שטערן. אַ ווירבל־ווינט בושעוועט אַרום דעם אַלטן טשאַבאַראָוו. באַלד וועט דער ווינט אים אויפהייבן און אַוועקטראָגן ערגעץ ווייט, אויף יענער זייט נעפּל.

און מיט אַ מאָל איז עפּעס געשען.

שומילאָ איז אַריינגעלאָפן, אויפגעהויבן דעם זקן און אים אַרויסגע־טראָגן פון חדר. עס האָט זיך געוויגט די צעפּראַלטע טיר. די נאַכט־קעלט שניידט די שלייפן. דער ווינט לעשט דאָס ליכט פון די קאַנעצלעך.

עס איז פול געוואָרן מיט שאָטנס.

בוריאַן רעדט מיט בודנאָוון. ביידע לאַכן. דאָס געלעכטער מאַכט אויפציטערן די שטיינער. נאָך אַ רגע און עס וועלן איינפאַלן די ווענט פאַר פחד. זיי וועלן זיך צעשיטן און אונטער די שווערע שטיינער וועט דערדריקט ווערן בוסלייס האַרץ. ער שטעלט אַ טריט, דערנאָך נאָך איין טריט. דער פראָסט־זייל טייעט. דער זייל בלענדט מיט אַ גרויליק ליכט. איז עס רויט דאָס ליכט? יאָ, רויט. בלוט אויף ווייסן פראָסט! פאַרפראָרן בלוט! איצט לויפט בוסליי! ער לויפט מיט אויפגעבונדענע הענט. דאָס שטאָל פון קינזשאַל איז רויט! עס איז שוין מיט בלוט כאָטש ער האָט

נאָך קיינעם ניט אָנגערירט. די רויטקייט צערייצט אים. דער ציין־געסקריפּ רייסט אויף זיין שאַרבן. ער לויפט מיט אַן אָפענעם שאַרבן. נאָר אַראָפּלאָזן די האַנט! איין מאָל אַ זעץ־טאָן אין דעם ברענענדיקן שניזייל אַריין און דורכהאַקן די בלוט־אָדערן פון איינגעפרוירענעם טייוול וואָס קוקט אַרויס פון דעם אייזפּאַנצער.

בוסלייס אויפגעהויבענע האַנט האָט זיך מיט שווערקייט אַראָפּגע־לאָזט — — —

און מיט אַ מאָל האָט אַ הילך־געטאָן. אַ בליץ האָט אים פאַר־בלענדט. עס איז געוואָרן פינצטער ווי ער וואָלט אַריינגעשליידערט געוואָרן אין אַ תהום.

עמעצער האָט אים אַ שטויס־געטאָן אין רוקן. דער קינזשאַל איז אַרויסגעפאַלן פון די געליימטע פינגער.

— בודנאָוו... דו האָסט דאָס געטאָן?

בודנאָוו לאַכט. ער שטייט איבער בוסליי מיט אַ נאַגאַן. דער פּראָסטיקער זייל איז שוין אין גאַנצן צעשמאָלצן געוואָרן.

איצט זעט מען דעם סריס. מען זעט די פּנים־מוסקלען זיינע וואָס וויגן זיך. ווידער דער פּראָסטיקער ווינט. ווידער לעשן זיך די פייערלעך. דאָס האָט שומילאָ געעפנט די טיר פון הויף.

אַרום בוסליי זאַמלען זיך שאָטנס. אָט איז לושין מיט די צעפּי־בערטע אויגן, די ברענענדיקע — — — אָט איז דער וויינענדיקער סאַדקאָ — — — אָט איז לאַבוטיאָ — — — דערנעבן שטייט דער דאָרפס־עלטסטער טשאַגאַן — — — דער מילנער זשיגולין — — — דער פעלצן־נייער גאַנין — — — טשאַבאַראָוו ברעכט די פאַרמעט־פינגער — — — ווו איז מאַשאַ? פאַרוואָס איז מאַשאַ ניט געקומען? — — —

— מאַש... מאַשאַ... — שעפּטשעט ער.

דאָס איז אָבער אַ לעצטער געציטער פון די בלאָ־געוואָרענע ליפּן.

עס ווערט שטיל. בוסליי דערקענט שומילאָן. דאָס איז ער, דער גוטער שומילאָ. זיינע אויגן זענען אָבער פאַרצויגן מיט נעפּלען. ער זעט מער גאָרנישט. וווהין טראָגט ער אים אַוועק דער שומילאָ? פאַרוואָס

לאַכט ער מיט אַ שיכור־געלעכטער, דער בודנאָוו? גוט איז צו זען ווי די וועלט שווימט אַוועק. עס שווימען אַוועק די נאַכט־הימלען, עס אַנטרינט די פינצטערע געביידע, עס שווימען אַוועק די וואַלד־נעפּלען און ער, בוסליי, דער בראָדיאַגע שווימט איצט אַריין אין אַ נייער וועלט, אַ וואונדער־וועלט. תּמיד איז ער דער ערשטער וואָס אַנטדעקט גאָטס פאַרבאָרגענע ווינקלען. ער גייט איצט אַהין אַן איינזאַמער. זיי וועלן אָבער נאָכקומען. אַלע וועלן נאָכקומען. זיי וועלן גיין אין זיינע שפּורן. אין די בלוט־שפּורן זיינע וועלן זיי גיין. עס וועט קומען בודנאָוו און קאַבאַיעוו, עס וועט קומען שומילאָ, עס וועט אויך אין איינעם אַ טאָג זיך באַווייזן אין דער דאָזיקער וועלט דזשיגיטאַ און נאָך אים וועט זיך פּלאָנטערן דער אומהיימלעכער בוריאַן. זיי וועלן דעם וועג געפינען. דעם וועג איז לייכט צו געפינען. וועלן זיי בלינד ווערן — וועט זיי פירן דער ריח! דער בלוט־ריח וועט זיי פירן! וואָס איז אַן אונטערשייד ווער עס וועט דערגיין דער ערשטער און ווער דער לעצטער? אַ טאָג, אַ וואָך און אַ יאָר זענען אין דער דאָזיקער נייער וועלט ענלעך. עס דויערט די זעלבע צייט. בוסליי האָט געמוזט זיין דער ערשטער! ער איז דער ערשטער אַריין קיין גלושינאָ און ער איז דער ערשטער פון גלושינאָ אַוועק — — —

ווער וועט בלייבן אין דער שטיינערנער געביידע? — — —

ער איז געלעגן אויף שומילאָס רוקן מיט פאַרפּרעסטע ליפּן. די הענט האָבן זיך געהוידעט אַזוי ווי די אונטערגעבראָכענע צווייגן פון אַ בוים וואָס איז געטראָפן געוואָרן פון אַ דונער.

ווען ס'האָט אָנגעהויבן צו גרויען האָבן זיך אויפגעעפנט די פאַרפּרעסטע ליפּן זיינע, די אַפּלען האָבן זיך צונויפגעצויגן און אַנט־פּלעקט נאָר די ווייסלען. דאָס זענען געווען ווייסלען ווי דאָס געפּריר וואָס פאַרציט צווייגן. דאָס געפּריר פון די ווייסלען איז אָבער געווען פול מיט דינע, רויטע אָדערלעך ווי אַ רויטלעכער שפּינגעוועב וואָלט זיי פאַרדעקט.

די ערד האָט זיך אַ וויג־געטאָן און זיך איבערגעקערט.

בוסליי פאַלט. ער פאַלט אין די הימלען אַריין. זיי ווילן אים ניט

אויפנעמען די הימלען. זיי האָבן זיך פאַרפאַנצערט מיט אייז. ער ברעכט דורך דאָס אייז מיט זיין שאַרבן, מיטן גוף. ער הערט דאָס געברעקל פון גלאָז.

— — — די פענצטער פון ערשטן הימל זענען אויפגעריסן. אַ וואָלקן שווימט אָן און נעמט אים אַריין.

— — — דער וואָלקן איז גוט צו אים. ער שווימט מיטן וואָלקן. בלאָ־גרויע הימלען וואַרטן אויף אים. ער וועט זיי אַנטקעגן־טראָגן דעם מידן גוף. אין זייערע ווייכע שלייערן וועט ער רוען. אָטאָ דער היימלאָזער בוסליי, וואָס זיין היים איז ניט געווען עפּעס אַ כאַטע, נאָר גאַנץ ראָסיי, פון סיביר ביז די ברויט־סטעפּעס פון אוקראַינע. — — —

— — — איצט איז זיין היימלאַנד גאָטס גאַנצע וועלט, אַלע הימלען.

## קאַפּיטל זיבן

ביביקאָוו און סידאָרקאַ האָבן צונויפגערופן די פּויערים אין טשומאַקס גרויסער כאַטע. עס וועלן אויך קומען מענטשן פון דער שטיינערנער געביידע. עפּעס וויכטיקס וועט געשען.

די גלושינער האָבן אָנגעהאַנגען די שעפּסן־פּעלצן; פאַרקנופּט די לאַפּטשעס, פאַרגאַרטלט זיך מיט רימענס, אָנגעטאָן די גרויסע פוטער־נע היט מיט די לאַפּן און אָנגעשאָטן אין די פּענכער־טאָרבעס טאַבעק. זיי האָבן פול געמאַכט טשומאַקס הויז מיט די זייטיקע אַלקערס.

ס'איז געוואָרן נעפּלדיק פון פאַרע און רויך. קולות האָבן זיך צונויפגעפלאָכטן מיט קרעכצערייען, מיט אַ הוסטעריי, אַזוי ווי פון רעדער וואָס קאָלערן זיך אויף צעפלאַצטע אַקסן, ניט געשמירטע.

בורגין שטופּט זיך דורך אַ וועג אויבן־אָן.

די פּויערים נעמען אַראָפּ די היט און וויגן מיט די נאַקעטע קעפּ. בורגינס בליק קייקלט זיך איבער די שאַרבנס, איבער די שטערנס און פאַרכמאַרעטע פּנימער.

מיט איין מאָל איז שטיל געוואָרן. אויס היסטעריי, אויס קרעכצע־ריי. אפילו דער רויך איז פאַרגליווערט געוואָרן.

דזשיגיטאַ גייט. ער איז אַרומגערינגלט פון אייגענע. בוריאַן און קאַבאַיעוו באַוואַכן אים. פאַר טשומאַקס הויז דרייען זיך אַרום עטלעכע באַוואָפנטע מענער פון דער שטיינערנער געביידע. דזשיגיטאַ גייט פּאַמעלעך. צו זיין פּנים שטייט ניט צו דער פאַרע־נעפּל, ניט דער רויך. די אָפּשטייענדיקע אויערן זיינע וואַכן. די אויגן זעען איצט אויס ווי

טויטע פיש וואָס שווימען אַרויף אויף דער אייבערפלאַך מיט די ווייס־בלאָלעכע בייכער.

בוריאַן רוימט עפּעס איין דעם ראָטע־שרייבער אין אויער. זייערע פּנימער באַגעגענען זיך אַזוי ווי צוויי וואָלקנס וואָס שווימען אַנטקעגן אין אַ פאַרטונקלטער אָזערע.

בורגין שפּירט אַן ענגשאַפט אין האַלדז. ער וויל זיך באַפרייען פון דער וואָלקן־לאַסט. ער רעדט. איצט איז אים לייכטער. ער איז אַרויס פון טונקעלן באַדרענג.

וואָס זאָגט ער די פּויערים? דאָס איז ניט וויכטיק פאַר אים. דער עיקר אַז ע ר רעדט! ער הערט זיין אייגן קול! ער איז אַרויס פון דער טונקלעניש. ער לעבט. די שטילקייט קלינגט אָפּ אין זיינע אויערן אַזוי פייערלעך. די נאַקעטע קעפּ וויגן זיך. אין בורגינען צעגייט דער פּראַקטיקער פּחד. זיינע אָדערן ריזלען מיט לעבעדיק בלוט.

— אונדזער עלטסטער און אייער גרויסער פריינד דזשיגיטאָוו וועט באַלד צו אייך ריידן...

בורגין האָט זיך אַרומגעקוקט. ער האָט געזען ווי עס צאַפּלען די ווייס־בלאָע פיש אין געשטופּלטנס אויגנלעכער, ער איז דרייסטער געוואָרן.

— זיין וואָרט איז פאַר אונדז הייליק. זיין קלוגשאַפט איז גרויס. דאָס האַרץ פון אונדזער עלטסטן ווייגט צוליב דעם וואָס איר — — —

בורגין האָט זיך פאַרהאַקט. זיין שטים איז איבערגעבראָכן געוואָרן. ער שטאַמלט. — איר פאַרגעסט אין די וואָס האָבן זייער בלוט אַוועקגעגעבן... פאַר אייך... איר פאַרגעסט אין לושינען... אייער דאָרף... וואָלט שוין לאַנג אונטערגעגאַנגען... ווען ניט מיר...

דזשיגיטאַ שמייכלט. דאָס שטאַרקט בורגינען. איצט קען ער אויפגעבונדן רעדן:

— איר וואָלט אומגעקומען אַזוי ווי אַלע שטעט און דערפער פון שונאס פייער... ער האָט אָבער ניט געוואַגט צו באַטרעטן גלושינאָ, דער שונא האָט מורא פאַר אונדז... איצט צאָלט איר אָפּ! יעדעס מאָל דערמאָרדעט איר אַן אַנדערן! נעכטן האָט מען דערהרגעט דעם העלד

בוסליי! אפילו דעם אַלטן טשאַבאַראָוו, אייער אַ גלושינער, האָט איר אומגעבראַכט! דאָס האַרץ פון דזשיגיטאַ ווײנט אויף דעם אומשולדיקן בלוט. פאַרוואָס טוט איר דאָס? ווייסט איר ניט אַז גלושינאָ איז איצט דאָס גליקלעכסטע אָרט אויף דער וועלט? אַרום ברענט! מען פאַרפּייניקט די מענטשן! איר אָבער זיצט אין אייערע שטיבער! שאַצט איר דאָס ניט אָפּ? — — —

אַ פּויער האָט זיך עפּעס אָפּגערופן. די איבעריקע האָבן געשאַרט מיט די פיס, געהוסט און הייזעריק גערעדט ווי צו זיך אַליין.

קאַבאַיעוו לאַכט.

— דער טייוול אַליין זיצט אויף זיין שפּיץ צונג...

— ניט קיין טייוול, נאָר אַן אָפּשפּאָטער! זעט איר ניט ווי ער שפּאָט פון אונדז?...

דזשיגיטאַ האָט זיך אויפגעשטעלט. ער רעדט שטיל. קוים וואָס די ליפּן באַוועגן זיך. די פּאָקן־גריבלעך שאָטענען. נאָך אַ רגע און זיי וועלן ווי די שפּינען צעפּויזן זיך איבער די נאַקעטע שאַרבנס, איבער די קעפּ.

— צוערשט האָט איר אונדז געוואָלט אויסהונגערן. איז דאָס ניט געלונגען אַדאַנק בוריאַנען... איצט ווילט איר אונדז אויסמאָרדן — דאָס וועט איר אויך ניט קענען ווייל מיר האָבן מיט וואָס זיך צו פאַרטיידיקן...

פּלוצעם האָבן זיך זיינע אויגן ווי געענדערט. די צוויי אָפּגעשטאַנענע פיש וואָס זענען דאָרט אַרומגעשוווּמען מיט די בייכער אַרויף האָבן זיך איבערגעקערט מיט די רוקנס און עס האָט אַ טונקל־געטאָן אַ שטאָליק־שוואַרצע האַרטקייט. די מענטשן וואָס זענען געזעסן נאָענט פון געשטופּלטן האָבן זיך אַזש צוריקגעצויגן.

— ...גלושינאָ קען ווערן דאָס וווּנדערדאָרף. זי וועט עס ווערן. מיר וועלן דאָס זומפּיקע דאָרף פאַרוואַנדלען אין אַ בליענדיקן גאָרטן. מיר וועלן עס טאָן פאַר אייערע קינדער. די וואָס וועלן ניט דערלאָזן דערצו וועלן באַקומען זייער שטראָף.

די פּויערים האָבן געריבן די שטערנס, איבערגעקוקט זיך,

געצויגן מיט די אַקסלען און געשטעקט די פינגער אין די מאַכאָרקע־פענכערס.

— בוריאַן האָט געגעבן דריי טעג צייט אויף צוצושטעלן דעם אַרמו־דאַן, אַ לעבעדיקן אָדער אַ טויטן. אויב ניט — — — —

ער האָט ניט באַוויזן צו ענדיקן, די פויערים האָבן זיך אויפגע־שטעלט פון די ערטער, צערוקט די טישן, געשאַרט מיט די לאַפּטשעס, געהוסט, געשפּיגן און אַרויפגעצויגן די הענטשקעס פון קאַלבפעל. זיי האָבן זיך געשטויסן צו די טירן אַזוי ווי די סטאַדעס ווען זיי קומען צו דעם ברעג פון טייך.

בורגין גייט איינער אַליין. ער זעט: צונויפגעדריקטע פויערים. זיי גייען געדיכט איינער לעבן צווייטן אַזוי ווי די נאַכט־כמאַרע וואָס וואַנדערט איבער פעלדער. עס פאַלט שוין צו די נאַכט. דער שניי איז בלאָ. די פויערים טונקלען זיך אין דער בלאָקייט. די לופט איז דורכ־זעעוודיק. דער וואַלדרינג איז נאָענט. ווידער די ענגשאַפט אין האַלדז. אין דער רעכטער שלייף קלאַפּט אַן אָדערל. עס איז אָנגעדראָלן דאָס שלייף־אָדערל. אַלץ איז באַהאָפטן צו אַ שאָטן. נאָר בורגין איז אָן אַ שאָטן. ער איז אַנטלאָפן פון אים דער שאָטן און וואַנדערט אוודאי אַרום אויף יענער זייט וואַלד, אַ באַפרייטער. זיין גוף לאָזט דערפאַר ניט קיין שאָטן אויפן שניי.

מען גייט אים נאָך. ווער רעדט דאָס צו אים אַזעלכע שטילע רייד, הכנעהדיקע? זיי קלינגען אָפּ אַזוי שטיל ווי די וויגנדיקע ברונעם־קייט אין ווינט. דאָס רעדט ס׳קליינע פויערל.

— — — מען וועט אים כאַפּן, דעם אַרמודאַן... כאַ־כאַ־כאַ... עך, האָסטו אַ קאָפּ... קענסטו ריידן... ווו נעמסטו דיינע ריידעלעך?... ווו האַלטסטו זיי פאַרגרייט?... דיין צינגל גליטשט זיך אַזוי ווי אַ שליטן, אויף אַ גלאַטן וועג באַרג אַראָפּ... אַראָפּ.... אַראָפּ... כאַ־כאַ־כאַ...

בורגין שווייגט.

דאָס קליינע פויערל איז אים פאַרלאָפן דעם וועג.

— דו מיינסט אַז בוסליי איז דערהרגעט געוואָרן דורך אַרמו־דאַן ?... כאַ־כאַ... דו, דוראַק איינער... ניט אַרמודאַן... אַן אונדזעריקער... אַן אייגענער פון דער געביידע האָט דאָס געטאָן... כאַ־כאַ...

דאָס פויערל האָט אים אָנגעכאַפּט פאַר די הענט:

— דאָס האָט בודנאָוו געטאָן... בודנאָוו... בודנאָוו...

ער סאַפּעט מיטן צעשפּרייטן מויל, מיט די נאָזלעכער. זיינע קרומע פינגער ציטערן אַזוי ווי די פליגל פון אַ פלעדערמויז.

— דער הפקר־מענטש בודנאָוו... איך ווייס דאָס... ער האָט עס די מילנערין פאַרשלעפּט און דערנאָך דערהרגעט מיט בוסלייס קינזשאַל... כאַ־כאַ... בודנאָוו האָט דאָס געטאָן... בודנאָוו... היט זיך פאַר אים... איצט איז די ריי אויף דיר... איך ווייס דאָס... דערנאָך אויף מיר... כאַ־כאַ... בודנאָוו...

בורגין קען ניט ווייטער גיין. דאָס פויערל שפּרינגט אויף אים מיט די צעשפּרייטע הענט און עטעמט אויף אים הייס.

ער איז ווידער אַליין אין אָוונטיקן פעלד. דאָס קליינע פויערל איז אַוועק.

בורגין ציט צונויף די אַקסל און בייגט זיך איין. ער וויל ווערן נידעריקער, קלענער, נענטער צו דער קאַלטער ערד. ער קוקט צום דאָרף.

קליינע פלעמעלעך צינדן זיך שוין אין די פענצטער. די כאַטעס זענען איינגעטונקען אין בלאָען שניי. די וואַלד־וואַנט איז איצט ווי אַ מויער, אַ הויכע טונקעלע מויער. ער וואָלט מיטן קאָפּ דורכגע־בראָכן די וואַלד־וואַנט נאָר ער קען צו איר ניט דערגרייכן. בורגין ווײנט.

זענען דאָס טרערן וואָס קומען פון ריינעם האַרץ אָדער טרערן פון פּחד וואָס בושעוועט אין אים — פּחד פאַרן נאַקעטן גוף?

ווידער איז אָנגעלאָפן דאָס קליינע פויערל. וואָס וויל ער?

ער שאַרט זיך לעבן בורגינען, העלפט אים אויסטאָן דאָס פעלצל, פירט אים צום קאַמין.

— דו ביסט דערשראָקן. דו ביסט אָפּגעשוואַכט, קראַנק... ס׳וועט

אַריבער... געדענק, היט זיך פאַר בודנאָוון... היט זיך פאַר אים... צוערשט וועט ער דיך... דערנאָך...

ער רעדט שטיל און בורגין לאָזט אים אַריינשעפּטשן אין די אויערן.

— ער וועט אַלעמען...

טריט. דאָס איז בוריאַן.

דאָס פויערל האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני און פאַרריכט די לאַפּטשעס, ער וואַרפט צו האַלץ צום פייער.

לאַנג איז ער אַזוי געשטאַנען אויף די קני מיט צוגעשלאָסענע אויגן, מיט צונויפגעלייגטע הענט און האָט תפילה־געטאָן.

דאָס איז געווען אַ שטום ליפּן־געציטער.

בורגינען איז לייכטער געוואָרן. עס האָט אים גערירט די אויסטערלישע שטילקייט פון קניענדיקן פויערל.

ביינאַכט האָט ער געטריבן פון זיך די מיאוסע גלושינערין.

דער קאַמין איז פרי אויסגעלאָשן געוואָרן. אין בוריאַנס ווינקל איז ליכטיק. דאָרט קלימפּערט־אויף אַ שטיק שטאָל. עס דוכט זיך, אַז ערגעץ ווייט, אין אַ פאַרגעסענעם צערקווע־טורעם האָט אַ בייזער ווינט אַ צי־געטאָן די גלאָק־שנור און עס האָט אַ קלונג־געטאָן.

און אפשר האָט זיך אַ טייוול פאַרגנבעט צום טורעם און רופט אויף בורגינס לוויה?

ווער וועט דען קומען צום ראָטע־שרייבערלס קבר?

אַ וואָלקן וועט זיך פאַרהאַלטן איבער זיין טויט פנים און עס פאַרשאָטענען. אין די נעכט וועט זיך איבער אים אויסלעשן אַ שטערן. דאָס ליכט וועט צו ערשט בלייך ווערן און פאַמעלעך פאַרגיין פון פאַרשעמונג.

אַ שוואַרצער ראָב וועט פאַטשן מיט די פליגל איבער זיין קאָפּ און מיט דעם קרומען שנאָבל רייסן די ערד ביז עס וועט פאַלן אויף אים אַ שטויב.

דאָס קליינע פויערל לויערט. די אַרויסשטאַרצנדיקע ציין בליצן.

ער ווישט מיט די הענט די טראָפּנס שווייס פון שטערן, די סלינע וואָס פּעדעמט זיך פון זיין אָפן מויל.

באַלד וועט שטיל ווערן אין דער שטיינערנער געביידע. עס לעשן זיך די לעצטע פלעמלעך. קאַבאַיעוו זידלט זיך פון שלאָף. מען הערט דאָס קוויטשיקע געלעכטערל פון בודנאָוון, אָגלאָבלין פראָן רעדט הייזעריק. נאָך אַ ווײַלע און עס וועט פינצטער ווערן. דאָס זענען שוין די לעצטע צאַנקערייען פון די פייערלעך. די שאָטנס מאַכן אים אומרויִק, זיי שטיקן אים. — כאַ־כאַ־כאַ... עס איז גאָרנישט, דו, דוראַק איינער — שעפּטשעט דאָס פויערל צו זיך אַליין. ער שפּיצט אָן די אויערן ווי אַ האָז אין אַ ווינטיק פעלד. ווו איז מאַשאַ? פאַרוואָס הערט מען זי ניט? פאַרנאַכט איז בודנאָוו געשטאַנען לעבן דזשיגיטאַן און געקוקט צום ווינקל ווו עס האַלט זיך אויף מאַשאַ. כאַ־כאַ, דאָס קליינע פויערל ווייס וואָס בודנאָוו האָט פאַרטראַכט. ער ווייס פאַרוואָס ער האָט געשוויבערט די וואָגנצעס? איצט איז שוין שטיל. ווײַנט דען עמעצער אויף יענער זייט מויער? ניין, ס'איז ניט קיין געוויין. דאָס זענען די פעלד־טויבן וואָס נעכטיקן אין די שטיין־שפּאַלטן. ניט אין די שטיין־שפּאַלטן — אין זיין האַרץ זענען זיי אַריין, זיי געבן אים ניט קיין רו, די וואָרקנדיקע פעלד־טויבן. ער קאָרטשעט זיך אויפן געלעגער ווי אין קראַמפּן. טייל מאָל איז ער פאַרשאָטנט ווי אַ קוסט וואָס דער נאַכטווינט קאָלערט איבער פליינען, טייל מאָל — ווי אַ ראַק וואָס קלאַמערט זיך אין שוואַרצן זומפּבאָדן.

מאַשאַ שלאָפט ניט. זי זיצט אויפן ראַנד פון געלעגער. דאָס קליינע פויערל עפנט פאַמעלעך די טיר. דאָס שניי־ליכט שיינט אַריין.

אין דער האַלב־געעפנטער טיר קאָרטשעט זיך אַ נעבעכדיקער מענטש, ער לאָזט זיך אַראָפּ אויף די קני.

— מאַש... מאַשאַ... מאַריאַ... דאָס בין איך, כיטראָוו... שרעק זיך ניט... איך וויל דיר זאָגן איין וואָרט... נאָר איין וואָרט...

דאָס איז אַ גראָז־געשעפּטש ניט קיין מענטשיש געפּליסטער. ער זעצט זיך אַראָפּ אויף דער פאָדלאָגע און שווייגט אַ ווײַלע. די טיר וויגט זיך. ווידער דאָס שטאָל־געקלאַנג.

— וואָס קריכסטו אַרום אין די נעכט? ביסטו דען אַ טייוול? דאָס פּויערל האָט אויסגעשטרעקט צו איר ביידע הענט ווי צו אַ איקאָנע.

— ניט קיין טייוול... אַ מענטש... אַן אומגליקלעך פּויערל... מיט אַ צעריסן האַרץ... איך קען ניט רוען... איך קען ניט שלאָפן... כ'מוז דיר טייבעלע דעם אמת זאָגן... ער, בודנאָוו... בודנאָוו האָט דאָס געטאָן! בודנאָוו האָט אים דערשאָסן... ער האָט עס געטאָן... איך האָב אַליין געזען ווי ער האָט דערשאָסן דייך בוסליי... מיט מיינע אייגענע אויגן געזען... אַרמודאַן איז דאָ ניט געווען... בודנאָוו האָט עס געטאָן... בוסליי איז געפאַלן פון בודנאָווס קויל... דערנאָך האָט ער געלאַכט, דער בודנאָוו... געלאַכט מיט זיין שיכור־געלעכטער... ווייסטו פאַרוואָס ער האָט דאָס געטאָן? ווייל בוסליי איז געווען אַ גערעכטער מענטש... בוסליי איז געווען אַ גוטער... ער האָט זיך אָנגענומען פאַרן אַלטן טרעפּער טשאַבאַראָוו... ביי דער הייליקער קען איך שווערן... איך זאָג אמת...

די סלינע האָט פאַרגאָסן זיין מויל. ער האָט געווישט די ליפּן מיט די אַרבל. די אייגעלעך האָבן דורכגעשניטן די פינצטערניש, דורכגעריסן די גרויע שאָטנס. ער האָט געזען מאַשאַס וויגנדיקע הענט, געזען אירע גרויסע פאַרשאָטנטע היפּטן. ס'האָט אים געצויגן נענטער און נענטער צום ראַנד פון געלעגער. ער איז געקראָכן אויף די הענט, אויף די קני. איצט פילט ער מאַשאַס וואַרעמקייט. ער שפּירט דעם ריח פון איר לייב, פון אירע האָר און ער עטעמט אים איין טיף, טיף.

— נשמלה מיינס... זיי וועלן אַלעמען אומברענגען... צוערשט דיך, דערנאָך מיך... איך ווייס דאָס... זיי וועלן קיינעם ניט לאָזן... איך האָב געהערט ווי דער געשטופּלטער האָט וועגן דעם גערעדט... זיי האָבן מורא געהאַט פאַר בוסליי... דאָס האָט בוריאַן אָנגעשטעלט בודנאָוון... דאָס האָט דזשיגיטאַ באַפוילן... בודנאָוו וואַרפט איצט אייגעלעך צו דיר... ער וועט דיך פאַרנאַרן, אומגליקלעכע... דיך, טאָכטער מיינע...

ער האָט אַרויפגעלייגט אַ האַנט מיט צעקרימטע פינגער אויף איר שויס. די גאָוער־פעדעם האָבן אויפגעלויכטן ווי נעצן אויף וועלכע

ס׳פּאַלט ליכט. ער האָט אויסגעזען ווי אַ קאַץ וואָס גרייט זיך צום שפּרונג.

מאַשאַ האָט זיך האַסטיק אויפגעשטעלט. זי איז גרויס און הויך.

צופוסנס ליגט דאָס קליינע פויערל ווי אַ קנויל. ער האָט זיך צוגעשאַרט מיט דעם גאַנצן קערפּער צו אירע פיס און געשטאַמלט. די הענט האָבן זיך געצויגן צו איר. מאַשאַ האָט זיך אַ ריס־געטאָן פון אָרט און צעפּראַלט די טיר.

— אַרויס פון דאַנען!

דאָס פויערל שליכט זיך ביי די שטיינערנע ווענט ווי אַ שאָטן. ער איז דרייפאַך געבויגן. אָ, ווי אומגליקלעך ער איז.

מאַשאַ בליפּעט.

פּאַר טאָג.

די שטיינערנע געביידע זעט אויס ווי אַ צערודערטער בינשטאָק.

די סאַניטאַרין מאַשאַ און גאַלינאַ זענען ביינאַכט אַנטלאָפן. דזשי־גיטאַ גייט אַרום אַ שוויגנדיקער איבער די קאַלטע שטיינערנע צימערן. עפּעס וועט היינט אוודאי געשען, מען דערקענט דאָס אין געוווימל פון די שוואַרץ־געוואָרענע פּאַקן־גריבלעך זיינע. זיין גאַנג איז אַ שווערער אַזוי ווי ס׳וואָלטן זיך גערוקט די פינצטערע שטיינערנע ווענט.

מען טרעט אים אָפּ דעם וועג.

בוריאַן איז אַוועק מיט עטלעכע מענטשן קיין גלושינאָ. דאָס קליינע פויערל זוכט די שפּורן אין שניי. ער בייגט זיך איין נידעריק צום שנייפעלד. אָ, ווי קליין און נישטיק ער איז אין דער גרויסער זומפּ־וועלט. ס׳איז גוט אַזוי. ס׳איז גוט אַזוי! וואָס קלענער, וואָס נישטיקער. שטורעמס רייסן קיין מאָל ניט אויס די קליינע, בייגעוודיקע, נישטיקע שטאַמען — זיי שליידערן דעמבעס, די וואָס בייגן זיך ניט אין ווינט. ער וועט ווי אַ קוסט דרימלען אונטערן שניי און איבערהאַלטן. ער וועט איבערהאַלטן דעם ווינטער. זיי וועלן ניט איבערהאַלטן. דער אַנטיכריסט דזשיגיטאַ וועט זיי צעטרעטן, צעמאַרשטשען מיט זיינע גרויסע שטיוול.

דאָס פויערל לאַכט אַריין אין די שניישפּורן. עס איז אים גוט אין

דער דאָזיקער וועלט. ער דאַרף לויבן דעם באַשעפער וואָס ער האָט באַשאַפן אַזאַ קליין און אָרעם פויערל. אַ לויב דיר, אַלמעכטיקער, אַ לויב דיר, צאַריצע הימלישע — דאָס לויבט איך דאָס קליינע פויערל וואָס איר האָט אים געשענקט אייער גנאָד און איר באַשיצט אים.

מיטאָג־צייט איז בוריאַן צוריקגעקומען אַ בייזער.

דזשיגיטאָ רעדט וואָרט ביי וואָרט. ער קלאַפּט דערביי מיט דער שוואַרצער ליולקע אין דער האַנטפלאַך.

— הם... עס איז הפקר... אַלץ איז הפקר... שיכורים... נידעריקע אויסוווּרפן... איר פאַרגעסט אַז איר זענט סאָלדאַטן... איר זויפט... גלושינאָ איז אויפגערודערט... נאָך אַ טאָג און מען וועט אונדז דאָ צעטרעטן ווי די קראָטן... איך וועל אַלעמען...

ער האָט זיך פאַרהאַקט. ווידער די טונקעלע פיש־רוקנס אין זיינע אויגן...

און אַז בוריאַן האָט עפּעס געוואָלט זאָגן איז דזשיגיטאָ אַרויס מיט אַ געשריי. ער איז געלאָפן אַ הינקעדיקער איבער דער געביידע.

— איך ווייס. איך ווייס... אייערע פלענער זענען מיר קלאָר... איך ווייס פון וואַנען דאָס אַלץ שטאַמט... איר האָט די צוויי פרויען דערמאָרדעט... איר! דו, בוריאַן האָסט דאָס געטאָן! קום אַהער! לאָז מיך אָנקוקן דיין סריסישן פּרצוף! וואָס שאָטנסטו זיך ביי די ווענט! וווּ איז ער, דער שיכור קאָבאַיעוו? אָ, איר באַהאַלט זיך? איר ווילט זיך ניט אַנטפּלעקן פון די ווינקלען. איך דערקען אין אייער שוויגן די פלענער וואָס איר האָט פאַרטראַכט. דו לאַכסט, בודנאָוו? איר מיינט אַז דזשיגיטאָוו וועט פאַלן צו אייערע פיס! אַז דזשיגיטאָוו וועט בעטן ביי אייך איר זאָלט אים לאָזן לעבן! איר קענט ניט מיין כוח! איר וועט אים נאָך דערזען! העי, פראָן! דערצייל דעם אמת! דו ביסט דער געטרייסטער צווישן אַלע! דו שוויגסט אויך? האָסטו מורא צו ריידן? שומילאָ, קום אַרויס! קום צו נענטער! דרייסטער! דיך רופט דזשיגיטאָוו!

דער געשטופּלטער טראָגט זיך ווי אַ מטורף. זיין פּנים איז געוואָרן געל, דערנאָך גרוי, די פּאָקן־גריבלעך ברוין און שוואַרץ.

— כאַ־כאַ־כאַ... איצט ווייס איך אַלץ. איצט פאַרשטיי איך אייך.

ס'איז מיר גאָרנישט איינגעפאַלן ביז איצט... בורגין בורגין! ראַטע־שרייבער! דו, דו, דו ביסט עס דער וואָס האָט אויפגעהעצט אַלעמען! נאָר דו האָסט דאָס געקענט טאָן! דו, מיט דיין גיפט האָסטו עס אַלעמען פאַרסמט! דו, מיט דיין שאַרפער צונג דער פאַררעטערישער! דו, האָסט עס געזוכט אַ פרייע רגע אונטערצוגנבענען זיך ווי אַ פוקס צו גאַלינאַן! דו האָסט אַלץ געטאָן! דו האָסט זיי צוגערעדט צו אַנטלויפן! דו! איך האָב דיך ניט איין מאָל געזען אַרומדרייען זיך לעבן איר... דו האָסט ביידע פאַרנאַרט! דו האָסט גאַלינאַן און מאַשאַן אויסבאַהאַלטן! אַלדאָס ביז קומט פון דיר! דער שד שפרינגט אַרויס פון דיין פאַיאַצישער נשמה! איך דערקען אין דיר דאָס נצחון־געלעכטערל! דזשיגיטאָוון האָט נאָך קיינער ניט אָפּגענאַרט! דו וועסט ניט שפּאָטן פון מיר! דו, היסטער בורגין! דיין בלוט איז פאַרדאָרבן! עס איז אומריין! דיין צונג איז פאַרדאָרבן! דיינע אויגן זענען זומפּיק! דו לויערסט די גאַנצע צייט אויף מיר! דו ווילסט מיך אומברענגען! דו האָסט אַלעמען פאַר־כישופט מיט די פאַלשע רייד דיינע! וואָס שוויגט איר!

ער האָט מיט די פויסטן געקלאַפּט זיך אין האַרץ אַריין. אין די מויל־ווינקלען איז די שוים־פּיענע פאַרטריקנט געוואָרן. די אויגן־טאָרבעס זענען אָנגעגאָסן געוואָרן מיט אַ גאַליקער געלקייט.

ער האָט זיך האַסטיק אויסגעדרייט צו אַלעמען מיטן רוקן און איז פּאַמעלעך אַוועק אויף די קורצע פיס.

די מענטשן זענען געשטאַנען דערשטוינטע.

דאָס איז געווען דזשיגיטאָווס ערשטער כעס־אויסבראָך.

דווקא אין דעם אויסבראָך פון כעס האָט ער זיך אַרויסגעגעבן.

ער האָט זיך אַנטפּלעקט! אַנטפּלעקט פאַר אַלעמען!

די מענטשן האָבן געזען אַ געוויינטלעכן בשר־ודם, אַן אָנמעכ־טיקן, אַ צערודערטן, אַ היסטערישן, מיט פאַרביילטע פויסטן, מיט פאַר־לאָפענע אויגן. זיי האָבן געהערט זיין פּלאַפּלעריי און געזען ווי ס'זידט אין אים די שינאה פון קליינע אומבאַהאָלפענע מענטשן.

ער איז אין זייערע אויגן געפאַלן אַזוי פּלוצעם און אומגעריכט ווי עס פאַלט אַן אָדלער פון די הימלען מיט צעשפּרייטע פליגל און ווען

מען דערנענטערט זיך, זעט מען אָנשטאָט אַן אָדלער — אַ ראָב, אַ פּשוטער שוואַרצער זומפּ־ראָב.

דזשיגיטאָס מאַכט האָט זיך אָבער גלייך ניט געלאָשן.

בוריאַן איז אַ גאַנצן אָוונט אַרומגעגאַנגען אַן אומרויקער. ער האָט אויסגעקוקט די אויגן אויף דזשיגיטאָס באַווייזן זיך.

בורגין איז אין דעם איינעם טאָג גרוי געוואָרן. די אויגן זענען אים איינגעפאַלן. די פּיס ברעכן זיך.

דאָס קליינע פויערל קרעכצט, שאַרט זיך אין די ווינקלען, קוקט יעדן נאָך מיט הכנעה און סקאַמלעט ווי אַ געשלאָגענער הונט.

כאָכלאָוו וואַכט. הינטער די וויעס זיינע שמעלצט זיך אַ פרייד. ער קוקט נאָך בודנאָוון, ער היט בוריאַנען.

ווידער איז צוגעפאַלן אַ נאַכט. קיינער שלאָפט ניט. קיינעם שרעקט שוין ניט דאָס ליכט וואָס ברענט אין בוריאַנס ווינקל. מען האָט ניט מורא פאַרן געקלימפּער פון זיין געווער. נאָר איין בורגין איז אומזיכער. ער שרעקט זיך איצט פאַר יעדן שאָטן.

די גלושינערין ליגט אין די נעכט לעבן אים. זי איז שטיל. ער בייגט זיך איבער איר איין. צוויי שוואַרצע אויגן גליווערן. דאָס זענען פייכטע, וואַרעמע אויגן, בעטנדיקע, ענלעכע צו די שטערן וואָס טרינקען זיך אין די זומפּן.

דער גרויסער פּחד פאַרן אומרויקן גלושינאָ האָט שטיל געמאַכט די קריגערייען אין דער שטיינערנער געביידע.

דאָס קליינע פויערל האָט אַנטדעקט שפּורן אין שניי ביי דער מויער. דאָס זענען אַרמודאַנס שפּורן. ער קען שווערן ביי אַלע הייליקע. זיי פירן גלייך צום קליינעם פענצטערל, דאָרט ווו עס האַלט זיך אויף דזשיגיטאָ, דערנאָך פאַרקערעווען זיי צו די האַלב־פאַרפראָרענע זומפּ־פעלדער.

ביינאַכט איז דערגאַנגען פון ערגעץ אַ שיסערײַ. די לושינצעס האָבן זיך געכאַפּט צום געווער.

עס איז גלייך שטיל געוואָרן. צומאָרגנס האָבן די פּויערים פון גלושינאַ גערעדט צווישן זיך, אַז טשומאַק מיט זיינע זין דערנענטערן זיך. אַרמודאַן איז זיי שוין געגאַנגען אַנטקעגן.

סידאָרקאַ איז אַרויף אויפן אויוון און וויל פון דאָרט ניט אַראָפּ. ער האָט זיך פאַרקליבן אין ווינקל, איינגעדעקט זיך מיט ראַגזשעס און וואָיעט. דער דאָרפס־עלטסטער ביביקאָוו באַהאַלט זיך ערגעץ אויס. שוין עטלעכע טעג ווי ער איז נעלם געוואָרן.

בוריאַן אין דער באַגלייטונג פון קאַבאַיעוון און בודנאָוון גייען פון כאַטע צו כאַטע. אין גלושינאַ וואַכן איצט די באַוואָפנטע מענער פון דער געביידע. דאָרט, אין שטיינערנעם הויז איז נאָר געבליבן דער געשטופּלטער פּאָפּ מיט זיין קאָפּ־היטער שומילאָ.

בוריאַן האָט צעטיילט דאָס געווער. איצט האָט ער שוין ניט קיין קאָנטראָל איבער די מענטשן. אפילו אין די נעכט האַלט יעדער צוקאָפּנס זיין ביקס.

די שטיבער זענען האַלב־פאַרלאָזט. מען טרעפט דאָרט איבערגעשראָקענע פּויערטעס, געל־פּנימדיקע, איינגעפאַלענע, פאַרוויקלטע אין פאַטשיילעס, קינדער אין די ענגוויגלעך פאַרדעקטע מיט אַלטע שובעס. זיי וויינען אפילו ניט. אין טייל שטיבער ליגן אויף די אויוונס זקנים און וויגן זיך מיט אַ הונגער־ניגון אַזאַ מאָנאָטאָן־אויסגעצויגענעם וואָס קריכט אַריין אַזש אין די ביינער.

אַ סך כאַטעס זענען פּוסט, אויסגעליידיקט פון מענטשן. די טרעפּלעך — באַלייגט מיט שניי, דער גאַנעק — צעוואָרפן, די טיר — צעפּראַלט, און אין דער כאַטע — קאַלט און ווינטיק. די איקאָנע איז באַדעקט מיט אַ וויסן פראָסט. אין אויוון וואָיעט דער ווינט און דורך די שפּאַרונעס האָט זיך אַריינבאַקומען אַ זילבערנער שניישטויב.

בוריאַן רייסט אויף די שטעלער, די קעלערן — אומעטום טרעפט ער פאַרפרוירענעם שעפּסן־אַפּפאַל, געפּוילעכץ פון קאַרטאָפל־רעשטן. אַזוי חזרט עס זיך איבער כאַטע נאָך כאַטע.

טייל פּויערים האָבן זיך אַריינגעצויגן צו זייערע שכנים, צו

עטלעכע משפּחות אין איין כאַטע. צוזאַמען וועט אפשר לייכטער זיין.
דער פּחד האָט זיי צונויפגעזאַמלט. דער הונגער האָט זיי צונויפגענומען.

דזשיגיטאָוו שווייגט. ער מיידט אַלעמען אויס. שומילאָ און אָגלאָבלין טרעטן פון אים ניט אָפּ. דעם געשטופּלטנס שווייגן איז גע־גליכן צו דער שטילקייט פון וואַסערן וואָס זאַמלען זיך ביי די גרעבליעס. עס איז שטיל. די שטראָמען ליגן געפּענטעטע. די וואַסערן הייבן זיך וואָס אַ טאָג העכער, זיי זוכן אַן אָנשפּאַר אָן די ברעגן, און ווען זיי וועלן דערפילן דעם ברעג וועלן זיי זיך וואַרפן אויף די גרעבליעס. אַזוי איז עס מיטן געשטופּלטן. דער צאָרן זיינער שטייגט. זיין כעס ווערט שוימיקער. נאָר די אויגן זענען געבליבן די זעלביקע: מידע, גלייכגילטיקע. ער מיידט אויס אפילו בוריאַנען.

בוריאַן האָט פאַרלאָרן זיין כוח. דער אומגעלומפּערט־גרויסער שאַרבן, דער נאַקעטער, דאָס צעיוירענע פּנים מיט די שמאָלע מידל־ליפּן — דאָס אַלץ רופט איצט אַרויס ביי דזשיגיטאַן אַ ווידערווילן, אַן עקל.

נאָך דער שיסעריי אין יענער נאַכט האָט דער געשטופּלטער פאַראָרדנט צוריקצונעמען דאָס געווער. בוריאַן האָט אָבער ניט געקענט אויספירן דזשיגיטאַס ווילן.

דער ערשטער איז אַרויס כאָכלאָוו:

— אַוועקגעבן דאָס געווער? וועמען? דיר? דערנאָך זאָל מען אונדז אויסשיסן! און דו, בוריאַן, וועסט נעכטיקן מיט געווער צו־קאָפּנס?... דזשיגיטאַ וועט זיין באַוואַכט. נאָר מיר זאָלן זיין הפקר? דו ווילסט עס ווייל עס איז גוט פאַר אייך! דאָס מאַכט דיך פאַר אַ הער־שער! ניין! ניין!

ער האָט געלאַכט און זיין קורצער שטערן האָט מיטגעלאַכט. די שוויס־טראָפּנס האָבן אָבער געפּראָרן פון אַ פראָסטיקן אָטעם וואָס הילט אים איין.

דערנאָך האָט זיך צעלאַכט קאַבאַיעוו און אַ שטויס־געטאָן בוריאַנען.

— אַרבוזן־קאַפּ... אַטאַמאַן סריסישער...

בודנאָוו איז אויפגעלייגט. וואָלאָכאָוו רעדט הייזעריק:

— מען וואָלט צרות פאַרשפּאָרט, גאָלובטשיקעס, ווען ניט דער בוריאַן. בוסליי וואָלט געלעבט. סטיאָפּאַ וואָלט געלעבט...

דאָס קליינע פויערל איז צעטומלט. איז דאָס אַלץ גוט פאַר אים אָדער שלעכט? ער קען דאָס ניט וויסן. ער האַלט אין דער האַנט די ביקס. וואָס טוט מען מיט איר? זי איז אים נאָר אַ לאַסט. צו וואָס דאַרף ער דאָס? אים איז בעסער געווען אַרומצופּלאָנטערן זיך צווישן די מענטשן. ער האָט געוווּסט ווען מען דאַרף חנפהנען, ווען מען אַריינ־לאָכן אין פּנים, פאַר ווען זיך צו שרעקן. איצט איז אים שלעכט. ער וועט דאַרפן פאַר יעדן איינעם מורא האָבן. אָט איז בודנאָוו מיטן דראָענ־דיקן פּרצוף. ניט אויף אַלעמען קוקט דער בודנאָוו מיט אַזאַ בייזקייט, נאָר אויף מיר, אויף דעם אומגליקלעכן פויערל! ער איז פאַרלאָרן, דער כיטראָוו, קליין, נישטיק. ער זוכט עמעצן וואָס זאָל זיך אָננעמען פאַר אים. ער גייט פאַמעלעך און באַזאַכט צו זיין געלעגער.

— בורגין, עד, מאַ־אַ־אַטיושקאַ, ווי טרויעריק עס איז... זעסטו וואָס פון גלושינאַ איז געוואָרן? מיינסטו אַז נאָר בוריאַן איז שולדיק?... דו ביסט שולדיק! געדאַרפט אונדז לערנען... דו ביסט געבילדעט... דו ביסט קלוג... האָסט אָבער אַוועקגעגעבן דיין קלוגשאַפט דזשיגיטאָוון, בוריאַנען... דאָס האָסטו דערפירט גלושינאַ צום אונטערגאַנג...

בורגין איז אָפּגעשפּרונגען פון דעם קליינעם פויערל.

— שווייג! דו נאַר! וועמענס רייד רעדסטו נאָך? ווער האָט דיך פאַרסמט?

דאָס פויערל האָט זיך איינגעבויגן, פאַרלייגט די הענט אויפן רוקן און געשמייכלט.

— עד־מאַ... עד־מאַ... דו, בורגין, ברודער מיינער, איך שפּאַס נאָר! דאָס לאַך איך סתם אַזוי, און דו רעגסט זיך אויף... עד־מאַ... וואָס לאַפּעסטו מיט די שליפּיעס! דו ביסט אַ נאַר, בורגין! כיטראָוו האָט דיך ליב. כיטראָוו איז דיר אַ ברודער! אַן אייגענער ברודער וועט דיר ניט זיין אַזוי געטריי... וועסט זען... וועסט זיך דאָס אַליין דערוויסן!

איבערגעשראָקן דיך. עד־מאַ... ווי לייכט מען קען דיך אויפרעגן... דאָס האָב איך נאָר נאָכגערעדט כאָכלאָווס רייד... דאָס האָב איך געהערט פון דזשיגיטאַ... איך ווייס גאָרנישט... איך בין אַ פּראָסטער, אָרעמער מוזשיק... אַן אומגליקלעכער... דאָס האַרץ טוט וויי... ליידיקע כאַטעס... שטאַרבנדיקע פון הונגער... און צווישן אונדז אַזאַ אָנגעפּרעסענער בוריאַן... אַזאַ בודנאָוו...

דאָס פויערל איז שטיל געוואָרן, אַרומגעקוקט זיך און אַרויפגע־לייגט אַ פינגער אויף די ליפּן. איצט האָט ער גערעדט שטיל.

— היט זיך בורגין... היט זיך פאַר דזשיגיטאַ... פאַר בוריאַנען... היט זיך פאַר אַלעמען... פאַר מיר האָב ניט מורא... איך וועל דיך באַשיצן... דזשיגיטאַס צאָרן וועט אויסברעכן. נאָך אַ טאָג. די געלע הענט זיינע ציטערן! אַנטלויף פון דאַנען! גיי קיין גלושינאַ! דאָרט איז דאָ מאַשאַ! דאָרט באַהאַלט זיך גאַלינאַ... זיי וועלן דיך שיצן...

בורגין שוידערט.

פון וואַנען קומען צום קליינעם פויערל אַזעלכע רייד?

ניין, בורגין האָט ניט פאַרשטאַנען לושינס מענטשן. ער האָט זיי נישט געקענט. איצט אַנטפּלעקן זיי זיך פאַר אים. איצט דערזעט ער לושינס אויסשפּירער פון זיין פאָלק. געדאַכט האָט זיך אים אַז ער איז דאָ דער קלוגער, דער שׂכלדיקסטער, אַז אָן אים וועט גאָרנישט ווערן פון אָטאָ די פּראָסטאַקעס, ער וועט זיי דערציען, באַצויבערן, די דאָזיקע מענטשן, אַז ער וועט געווינען זייערע הערצער. ער איז געווען זיכער אַז דאָס זענען פויערים מיט אָפענע נשמות, קלאָרע אַזוי ווי די הימלען. אַ זומפּ איז דאָס! אַ באַגנע פאַרדעקט מיט אומשולדיק־גרינעם שליים! אַ פינצטערער תהום!

— האָסט זיך גענאַרט, בורגין! ביטער גענאַרט! דו האָסט געזען רויע מענטשן מיט אויגן וואָסערדיקע און גרויע, מיט פּנימער צע־קנייטשטע פון ווינט און פון זון, צעשמיסענע פון וויוגעס, הענט גרויסע, צעאָקערטע: דו האָסט געמיינט אַז דו לייענסט אַלץ אַרויס פון זייערע נשמות, אַז אַלץ איז אָפן פאַר דיר. איצט זינקסטו. דו וועסט שוין פון

דאַנען ניט אַרויס, דו אומגליקלעכער ראַטע־שרייבער, טראַגישער ייד. דו, טאָפּל־טראַגישער צוליב דיין שרעק און בלינדקייט.

אַזוי רעדט בורגין צו זיך אַליין.

דאָס קליינע פויערל איז אַוועק. פאַרוואָס איז אַזוי שטיל? עס איז פאַרדעכטיק שטיל. ער האָט מורא פאַר דער דאָזיקער שטילקייט. תמיד נאָך אַזאַ שטילקייט געשעט עפּעס. וואָס וועט געשען? בורגין האָט מורא צו טראַכטן. ער טרייבט פון זיך די געדאַנקען דורך דער שעפּטשע־ריי צו זיך אַליין. אין דער שטילקייט הערט ער דעם איגענעם געשלוכץ, אָ, ווי עס דריקן אים די אַקסל. ער וועט פאַלן אונטער דער אייגענער לאַסט.

דאָס קליינע פויערל שטייט ביי דזשיגיטאַס טיר. עמעצער גייט דאָרט הין און צוריק. מען הערט ווי די טריט דערווייטערן זיך און דער־נענטערן. ער לענט אָפּ די טיר. אָגלאָבלין פראָן זיצט אויף דער פּאָדלאָגע און שניצט אַ שטיק האָלץ. דאָס פויערל גליטשט זיך אַריין און ווייזט די צעסלינעטע ציין.

— אַ הילצערנעם לעפל שניצסטו? גאָלדענע הענט האָסטו... אַ געזונט אין דיר...

ער לאַכט שטיל, געצוימט, ווי ער וואָלט ניט געוואָלט עמעצן איבערוועקן.

ווי קליין עס איז דער געשטופּלטער! ער זעט אים דאָס ערשטע מאָל אַזאַ קליין־וווקסיקן. ביז היינט האָט זיך אים אויסגעדוכט אַז דזשי־גיטאַ איז גרויס. פאַרוואָס האָט ער עס ניט דערזען ביז איצט? די אַנטדעקונג מאַכט אים רויק.

מיט אַ מאָל האָבן זיך זייערע פּנימער באַגעגנט. דאָס פויערל און דזשיגיטאַ שטייען פּנים אל פּנים. איין פּנים איז געל, געשאָטנט מיט טונקעלע גריבלעך, מיט אויגן פון אַ מת. דאָס צווייטע פּנים: קליין, איינגעשרומפּן, אַרויסגעזעצטע ציין, מיט אומרויקע ליפּן פון איינעם וואָס איז נאָענט צו ספּאַזמאַטיש געוויין.

— איבערגעשראָקן דיך. עד־מאַ... כיטראָוו איז אומגעריכט געקו־

מען... נאָר איין רגע... ניט געזען דיך לאַנג... עד־מאָ... ס׳האַרץ גייט אויס.. געמיינט אַז ביסט קראַנק... געהערט אַז עס איז דאָ אַזוי שטיל... צו שטיל... כ׳לייד ניט ווען עס איז שטיל... ס׳דערמאָנט אין אַ קבר... עד־מאָ... און דו אָגלאָבלין, שניצסט אַ הילצערנעם לעפל? אַ געזונט אין דיר... גאָלדענע הענט... עד־מאָ...

דאָס קליינע פויערל האָט ניט געוווסט וואָס צו זאָגן. אים האָט איבעררעשט דזשיגיטאַס נאָענטקייט. ער האָט דערזען דעם נערוועזן געציטער פון געשטופלטנס פנים־מוסקלען, פון די ליפּן. אין פויערל האָט דערוואַכט אַ פרייד, די גרויסע פרייד פון אַ געיאָגטן האָז וואָס אַנטפלעקט אַז דער וואָס שרעקט אים איז אַן אויסגעשטאָפּטער שטרוי־מענטש אַ צוגענאָגלטער צו דער ערד...

די שרעק פון פויערל איז אָפּגעטראָטן. ער האָט אָנגעהויבן ריידן צו פראַנען, צום פּאָפּ. אַריינגעלאָכט זיי אין די פּנימער אַריין מיט זיין באַקאַנט הכנעה־געלעכטערל אַזש די קנייטשן פון זיין שטערן האָבן מיטגעלאַכט.

און אַז ער איז אַוועק איז דאָס אָבער שוין ניט געווען דאָס ציטער־געגנגל זיינס, נאָר אַ געלויף ווי פון אַ פלינקן יאַגד־הונט וואָס קערט זיך אום מיט דעם פאַנג אין די ציינער.

גלושינאָ ברענט!

עס האָבן זיך ביינאַכט אָנגעצונדן עטלעכע כאַטעס. דער ווינט רייסט שטיקער פון די פלאַמען. רויטע פליגל פלאַטערן איבערן דאָרף. דער שניי פון די סכך־דעכער זעט אויס ווי רויט גאָלד, ווי צעשמאָלצענער קופּער.

איבער די שנייפעלדער לויפן לאַנגע פיאָלעטענע שאָטנס, זיי דערגרייכן אַזש צו דער פאַרגליווערטער שוואַרצער וואַלד־וואַנט.

— ביביקאָוו ברענט!

— סידאָרקאָ ברענט!

דער ווינט טרייבט די פלאַמען פון זייערע הייזער צו די טשערעט־קוסטעס.

דער צעגאָסענער קופּער באַדעקט די פעלדער. רויט־צעגליטער קופּער.

אַ זקן שטייט אין מיטן דאָרף און שרייט:

— רויטע הענער טאַנצן אַרום אין גלושינאַ! רויטע הענער! זעט זייערע גרויסע רויטע פליגל! זעט די רויטע קאַמען! זעט ווי די פליגל צעפאָכן זיך, הו־הו־הו! הענער רויטע!

דער פויער שטייט מיט אַ צעשויבערטער באָרד, מיט אַ נאַקעטן קאָפּ. די הענט צעשפּרייט.

ערגעץ נאָענט האָט זיך אַ שויב אָנגעצונדן מיט אַזאַ געבלענד אַזש ס׳האָט באַלויכטן אַ שטיק דאָרף. פון אַן אָפענע טיר קוקט אַרויס אַ פויער. ער לאַכט. דאָס איז אַ צולהכעיסדיק געלעכטער.

סכך־דעכער ברענען! עס ברענט דער טשערעט! מען הערט דעם געטרעשטש פון ברענענדיקע קוסטעס. אַ הינט וואָיעט. דאָס וואָיעריי גייט איבער אין אַ סקאַמלעריי.

אין דער שטיינערנער געביידע איז ליכטיק.

דער קאַמין איז גוט אויסגעהייצט. ס׳ברענען אַלע לאָמפּן און קאַנעצלעך. שוין דריי טעג ווי דזשיגיטאַ באַווייזט זיך ניט. היינט האָט ער עטלעכע מאָל גערופן צו זיך בוריאַנען. דער סריס איז פון דאָרט אַרויס אַ בלייכער מיט צונויפגעפּרעסטע ליפּן און ניט געענטפערט כאַכלאָוון אויף זיינע פראַגן.

דאָס פויערל דרימלט אויף זיין געלעגער. ווי אַ קראָט האָט ער זיך איינגעגראָבן אין די ראַגזשעס און כאַפּט אויף דעם קלענסטן געשאָרך. ער האָט עס דער ערשטער דערפילט אַז עפּעס קומט פאָר אין גלושינאַ. ער האָט דערקענט אַז אין דאָרף ברענט. לויט דעם קופּער־אָפּשיין פון קליינעם פענצטערל איבער זיין געלעגער. ער איז אויפגעשטאַנען, אַרומגעקוקט זיך און פּאַמעלעך געקלעטערט צום הויכן פענצטערל. די שטיינער זענען קיל, זיין אָטעם — הייס. פון די שפּאַלטן טראָגט זיך אַ ווינט. ער הענגט אויף דער וואַנט צוגענאָגלט מיט הענט און פיס. די שטיינוואַנט איז פאַרשאָטנט. דאָס קליינע פויערל זעט אויס

ווי אַ פלעדערמויז וואָס האָט צעשפּרייט די פליגל און קלאַמערט זיך אויף אַ פינצטערער וואַנט.

און אַזוי הענגענדיק האָט ער אַרויסגעלאָזט אַ געשריי:

—גלושינאַ ברענט!

מען האָט צעפּראַלט דעם טויער. עמעצער שיסט אין דער נאַכט אַריין. דאָס איז אוודאי אַ שיסעריי פון איינעם וואָס וויל זיך צוגעבן קוראַזש.

אין שטיינערנעם הויף קלאַפּן טריט. קולות פאַרדעמפּטע, הייזע־ריקע. ווידער טריט. איצט זענען די טריט נאָענט.

קאַבאַיעוו לאַכט.

— סטאָגעס היי ברענען. עטלעכע כאַטעס האָבן זיך אָנגעצונדן. — ער האָט אַ מאַך־געטאָן מיט דער האַנט. עט, נאַרישקייטן. גראָד איצט האָט זיך אים געוואָלט אַ לאָז־טאָן אַ קאַזאַטשאָק. ער איז שיכור דער קאַבאַיעוו. תּמיד איז ער שיכורלעך. פון וואַנען נעמט ער סאַמאַגאָן?

כאָכלאָווס שאַרבן פרירט.

— ווו איז ער, צו אַלדי רוחות? באַהאַלט זיך אין די ווינקלען! לאָזט אַלץ אויף הפקר!

ער מיינט דזשיגיטאָוון. כאָכלאָוו האָט אָבער מורא אָנצורופן דער־וויל זיין נאָמען. דער פּחד פאַרן געשטופּלטן איז נאָך אַלץ פון אים ניט אָפּגעטראָטן.

אומגעריכט איז אויסגעוואַקסן, ווי פון אונטער דער ערד, דזשי־גיטאַ. ער האָט געקוקט אויף כאָכלאָוון מיט אויסגעלאָשענע אויגן. אין מויל־ווינקל איז געהאַנגען די שווערע שוואַרצע ליולקע. דאָס מויל איז געווען אויסגעקרימט צוליב דער שווערקייט פון דער ליולקע.

— ווּעמען מיינסטו דאָס, כאָכלאָוו! זאָג! ווער באַהאַלט זיך?

דער פראָסט פון שאַרבן איז זיך צעגאַנגען איבערן גאַנצן גוף. ער שטייט קעגן איבער דעם געשטופּלטן אַ צעטומלטער.

— איך פאַרשטיי ניט... דזשיגיטאָוו... — שטאַמלט ער.

— דו פאַרשטייסט ניט? דו וויסטער כאָכאָל! דו זאָגסט אַז איך באַהאַלט זיך אין די ווינקלען? פאַר וועמען באַהאַלט איך זיך? פאַר

דיר ? כאַ־כאַ... פאַר דיר ? דו... וואָס קוקסטו מיט דײַנע אַרויסגעזעצטע מויז־אויגן ?

כאַכלאָוו האָט זיך דערשראָקן פאַרן געשטופלטן. ער האָט מורא געקראָגן פאַר די שוואַרצע שפּיצן וואָס האָבן געגומען פּויזן פון דזשיגי־טאַס פּנים. ער האָט זיך צוריקגעצויגן אַ שפּאַן און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

דאָס איז אָבער געווען אַ פּלוצעמדיקע שרעק וואָס האָט אויפגע־פלאַקערט ווי אַ שטרוי־פייער און גלייך אויסגעגאַנגען.

דזשיגיטאַ האָט אויסגענוצט כאַכלאָווס צעטומלונג און אויסגע־רופן :

— בוריאַן ! בוריאַן !

זיין קול קלינגט פרעמד און געבראָכן.

דאָס קליינע פויערל הענגט נאָך אַלץ אויף דער וואַנט. ער האָט מורא זיך צו רירן פון אָרט.

— בוריאַן !

אָנשטאָט די קלימפּערדיקע טריט פון בוריאַנען און דעם געסקריפּ פון רעוואָלווער־שלאָס האָט זיך פון אַ פינצטער ווינקל דערטראָגן אַ געלעכטער. אַ טרוקן געלעכטער ווי דער געפּאַטש פון שוואַרצע פליגלען איבער אַ פּגירה וואָס ליגט אין אַ נאַכטיק פעלד. דער פליגל־געפּאַטש איז געוואָרן בולטער און שטאַרקער. בוריאַן איז אָנגעקומען אומגעריכט ווי עס באַווייזט זיך אַ פינצטערע שיף אויף שוואַרצע ים־וואַסערן. ער איז געקומען מיט אַ מטורף־שמייכל וואָס מאַכט גליווערן דאָס בלוט.

דזשיגיטאַ האָט אַרויסגעכאַפּט די ליולקע פון מויל. איצט האָט זיך אַראָפּגעלאָזט דאָס הויכע מויל־ווינקל.

— פאַר וואָס לאַכסטו מיר אין פּנים אַריין ? פאַר וואָס שווייגט איר אַזוי חוצפּהדיק ? אַרויסגיין פון די ווינקלען ! איך וויל אייך אַלעמען זען ! איך וויל זען אייערע פּרצופים ! ווו זענט איר ? איר ענטפערט ניט ? איר שווייגט ?

ווידער האָט זיך עמעצער צעלאַכט. דאָס איז קאַבאַיעווס שיכור־געלעכטער.

דאָס פּויערל איז אַראָפּגעשפּרונגען פון דער וואַנט. ער שאַרט זיך ווי אַ קריפּל און שעפּטשעט צו זיך אַליין.

דזשיגיטאַ שטורעמט:

— בוריאַן! גענוג געשטשירעט די פאַלשע ציין! גענוג געלאַכט! פיר אַרויס די סאָלדאַטן קיין גלושינאָ! דאַרטן לויערט מען אויף מיר! אַרמודאַן מוז געבראַכט ווערן היינט אַ געבונדענער! איר הערט? אַ געבונדענער! דו לאַכסט! האַ, דו האָסט עס פאַרנאַרט גאַלינאַן! דו, דו! וואָס שטייט איר! איר ווילט ניט פאָלגן? העי, שומילאָ! שומילאָ! פראַן אַגלאַבלין! דאָס געווער! ווו זענט איר? קאָפּ־היטער מיינע!

אַ טיר האָט זיך צעסקריפּעט.

בורגין שטייט אין דער אָפענער טיר. ער איז פאַרשטיינערט.

דער געשטופּלטער שרייט מיט שוים אויף די ליפּן:

— קיינער ענטפערט מיר ניט? קיינער? — — — —

דאָס וואַקסענע פּנים צעגייט פון די ווילדע שינאה־פּייערלעך.

— איר וועט אומקומען! אַ ל ע! אַ ל ע! נאָר איינצלנע וועל איך לאָזן! די וואָס וועלן גיין מיט מיר! דו, וועסט זיין דער ערשטער!...

ער איז ווילד געלאָפן אין האַלב־קרייז פון די מענטשן און אָפּגעשטעלט זיך לעבן בורגינען.

— דו! דו! דו! וועסט שטאַרבן דער ערשטער! דו ביסט דער וואָס האָט דאָס פייער אָנגעצונדן!... פון דרויסן אַ פייער און פון אינעווייניק אַ פייער! דאָס דאַרף ברענט און דאָ ברענט! דו, יודאַש!... דו, וואָס ביסט גרייט דיין אייגענע נשמה צו פאַרקויפן! פאַרוואָס זאָלסטו ניט אָפּגעבן אויך דיין גוף? כאַ־כאַ... דיין גוף!

ער איז צוגעלאָפן צו אָגלאַבלינען און אַרויסגעריסן די ביקס פון זיין האַנט.

— איך וועל דאָס אַליין טאָן... אַליין... איך וועל באַשטימען די רייע ווער עס וועט קומען נאָך בורגינען! איך... איך... איך בין דער באַפעלער!... איך!...

כאָכלאָוו האָט זיך אַ וואָרף־געטאָן אַזוי ווי אַן אייז־קריע וואָס שלאָגט זיך אָן אין אַ צווייטער קריע. ער איז אַרויפגעפאַלן אויף דזשיגיטאָוון.

דער געשטופלטער איז געפאַלן.

בודנאָוו האָט אַרויסגעריסן פון דזשיגיטאָס הענט די ביקס. ער האָט זיך אפילו ניט געווערט ווען עס האָבן אים אָנגעכאַפּט שטאַרקע הענט און אַ שליידער־געטאָן אין דעם פינצטערן שטיינערנעם ווינקל אַריין.

דער געשטופלטער פּאָפּ איז געפאַלן מיט אַ טויבן געקלאַפּ אַזוי ווי עס פאַלט אַ שטיין אין אַ נאַכטיקער ברונעם. — — —

אין איינער פון די גלושינער כאַטעס, האָבן זיך אויסבאַהאַלטן די סאַניטאַרין מאַשאַ און גאַלינאַ.

ווען די שׂריפה איז אויסגעבראָכן זענען זיי געווען אויפן בוידעם. די פלאַמען האָבן אַרומגעכאַפּט אַ טייל פון טשערעט־פעלד. ס׳ברענען סטאָגעס. דער פייער־אָפּשיין גליטשט זיך איבער די פאַרפראָרענע זומפּן. דער שוואַרצער רינג פון וועלדער ווערט איצט אויפגעריסן ווערן. די הימלען האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט נידעריק. זיי וואַרפן די שטערן אין פייער אַריין, אין די אָנגעצונדענע סטאָגעס אַריין. זאָלן זיי ברענען די שטערנס! דער הימל איז מיאוס, נאַקעט ווי אַן אָפּגעשונדענע פּגירה!

עס דערברענען שוין עטלעכע כאַטעס. די קוימען־זיילן שוואַרצן זיך ווי אויפגעהויבענע הענט צו די הימלען.

די פּויערים שטייען גלייכגילטיקע. זיי קוקן אויף די פלאַמען אַזוי ווי אויף אַ זונפאַרגאַנג.

אַ זקן לאַכט.

— רויטע הענער! הייבט זיך העכער! די פליגלען צעשפּרייט! פאַרשעמט ניט די כאַטעס, פאַרשעמט ניט קיין דאַך! שטעלט אייך אומע־טום אָפּ... אומעטום...

ער האָט עפּעס אויפגעהויבן פון דער ערד און אַ שליידער־געטאָן עס אויף אַ ברענענדיקן דאַך:

— געגנוג געפּלאַטערט אויף דער כאַטע... פּליט צום שכן... האַ־האַ־האַ...

דאָס איז דער אַלטער בלודאָוו. ער איז אַראָפּ פון זינען.

גאַלינאַ האָט אויפגעריסן די אויגן. זי האָט די גאַנצע צייט געחלומט אַז אין גלושינאָ זאָל עפּעס געשען. דאָס שפּינראָד האָט איר פאַרוויגט. די פּליסנדיקע וואָלפעדעם האָבן איר פאַרקנופּט. זי האָט געבענקט צו די ווייטן פון יענער זייט וואַלד און זיי ניט געקענט דער־גרייכן — ביז עס זענען געקומען די פרעמדע און האָבן זיך באַזעצט אין דער אַלטער שטיינערנער געביידע. די פינגער ציטערן. זי שפּירט נאָך די פּאָקן־גריבלעך. צו אַלעם וואָס זי רירט זיך נאָר צו פּילט זי די באַוועגלעכע שוואַרצע גריבלעך. מען האָט איר פאַרהילט אין שפּינוועבס. זי זעט גאָרנישט. זי פּילט גאָרנישט. נעפּלען טאַנצן אַרום איר. רויטע נעפּלען. פייערדיקע נעפּלען. זיי זענען גוט צו איר. זיי היילן איר צעריסן פּנים, זיי נעמען אַוועק פון איר די שוואַרצע שפּינען. — — —

— מאַריאַ... מאַשאַ... נעם אַוועק די נעפּלען... טרייב זיי אַוועק... זיי האָבן מיך פאַרוויקלט. איך זע גאָרנישט. איך פּיל נאָר דעם רויטן טומאַן...

ווען עס האָט אָנגעהויבן צו גרויען איז מאַשאַ ווידער אַרויף אויפן בוידעם. גאָטס וועלט איז שיין. די וואַלד־נעפּלען גליווערן אין אַ מיל־דער בלאָקייט. דער שניי, וואָס איז ביינאַכט געפּאַלן, האָט פאַרדעקט די פעלדער, באַדעקט די פאַרברענטע כאַטעס. מען זעט די ליימענע קוימענס; נאַקעטע, שוואַרצע, אין דער העלפט פאַרווייעטע פון שניי.

פון דער אַנדער זייט דאָרף טונקלט זיך די שטיינערנע געביידע; אַן אומהיימלעכע, אַ פאַרטייעטע ווי אַ ברוך־וואָלקן.

צווישן די אָפּגעברענטע שוואַרצע קוסטעס באַוועגט זיך עפּעס. אַן איינגעבויגענער מענטש גייט צו דעם פאַרשנייטן זומפּ־פעלד. עס בלייבן נאָך אים גרויע שפּורן אין שניי. באַלד וועט ער פאַרבייגיין דורך דער כאַטע. מאַשאַ זעט שוין זיין פּנים. זי ציטערט אַזש אויף. דאָס איז בורגין.

ער איז גרוי, פאַרוואַקסן, אויסגעלאָשן.

בורגין קען ניט ריידן. ער שטאַמלט. די הענט הענגען אים נאָך. די פינגער קענען ניט איינקלעמען דאָס טעפל מיט הייסע וואַסער וואָס מאַשאַ דערלאַנגט אים. אַן אויסגעלאָשענער מענטש, אַן טרערן, אַן לשון, אָן הכנעה, אָן שׂינאה. ער איז געזעסן שטיל, ניט קיין ציטער געטאָן מיטן קערפּער. ער איז געגליכן געווען צו אַ דערטראָנקענעם וואָס איז איינגעפראָרן געוואָרן אין אייז.

די טיר האָט זיך צעעפנט. אַ פויער איז אַריין און אַוועקגעוואָרפן לעבן אויוון אַ בינטל האָלץ. ער שטויבט אָפּ דעם שניי פון די לאַפּטשעס מיט דעם פוטער־הוט.

— צו מיר וועלן זיי ניט קומען. מיין כאַטע איז אָפּגערוקט פון גלושינאָ... האָב ניט מורא...

מאַשאַ קוקט לאַנג אויפן פויער. פאַרוואָס קען זי זיך ניט דער־מאָנען? זי געדענקט דאָס דאָזיקע פנים.

— ביסט מיר באַקאַנט...

— דערקענסט ניט? מאַשאַ...

— איך קען זיך ניט דערמאָנען...

— געדענקסטו ראָסטינען? דאָס בין איך... ראָסטין.. דער וואָס איז פון אייך דער ערשטער אַנטלאָפן. כ׳בין ווייט ניט אַנטלאָפן.. די גלושינערין האָט מיך אַריינגענומען אין דער כאַטע... מיר וועלן איצט אַלע צוזאַמען וואַרטן אויפן פרילינג... ווען דער אייז־פּאַנצער וועט צעגיין, ווען ער וועט אויפגעבראָכן ווערן... איצט איז געפערלעך צו גיין דורך די זומפּן. ניט אומעטום איז פאַרפראָרן... פרילינג וועלן מיר אַוועק... איך האָב אַ לאָדקע...

ווידער איז צוגעפאַלן אַ נאַכט אין גלושינאָ.

מאַשאַ קניט. זי צלמט זיך. אירע ליפּן שעפּטשען אַ תּפילה וואָס זי האָט אַליין פאַרפאַסט בשעת די אויסשפּירער, אונטער דער אָנפירונג פון לושינען, זענען געגאַנגען דורך די זומפּן. דאָס איז געווען אין יענער נאַכט ווען בוסליי האָט אַנטדעקט דאָס דאָרף גלושינאָ.

— פאַרוואָס האָסטו אַלמעכטיקער. אַזוי באַשטראָפט די דאָזיקע

ערד?... פאַרוואָס האָסטו זי דערטראָנקען אין זומפּן? פאַרוואָס האָסטו געמאַכט אַז דער ווילדער טשערעט זאָל אַרויפשיסן צו די הימלען. אַז דער טראָסטניק זאָל אין די נעכט אויסשטעכן די גרינע שטערן־אויגן דיינע?... פאַרוואָס האָסטו באַשאַפן אַזאַ ערד, ווו דער מענטשישער טראָט איז ניט זיכער און עס דוכט זיך, אַז אָט־אָט וועט דער וואַנדערער פאַר־זונקען ווערן? פאַרוואָס לאָזסטו, אַז די ריינע לופט דיינע זאָל פאַרסמט ווערן פון זומפּ־וואַסערן, פון געפוילעכץ? ווילסטו דען אַליין צעשטערן דאָס וואָס דו האָסט מיט אַזויפיל האַרץ באַשאַפן? — — —

עס איז שטיל אין דער כאַטע. דאָס קאַנעצל איז אויסגעגאַנגען. דער אויוון איז וואַרעם. אַ גריל מיט אַ גריל רופט זיך איבער אַזוי ווי די שטילקייט פון דער כאַטע וואָלט מיט דער שטילקייט פון פעלד זיך באַהאָפטן.

— — — גאַלינאַ שטופּט זיך דורך אַ וועג אין דעם מאַרק. הונ־דערטער פורן. פויערטעס אין פאַרביקע סאַראַפאַנען. האַרמאָשקעס. געזאַנגען. הירזשעריי פון פערד. די פויערים — שיכורלעכע, גוטמוטיקע. זי טראָגט אַ ליכטיק קאָפּטיכל מיט בלאָע בלימלעך. זי קויפט אַ שנור גרויסע, רויטע קרעלן. זיי קלימפּערן אין איר האַנט. די פערד לויפן. דער וואָגן טאַנצט אונטער. זיי פאָרן פאַרביי די קונצן־מאַכער, די פייער־שלינגער, די קייטן־רייסער, די קאַטאַרינקעס מיט גרינע פּאַפּוגייען... אַ וועבערראָד דרייט זיך... די פעדעם קנופּן זיך. אירע פינגער בריען... אַלץ וואָס זי נעמט אין די הענט אַריין איז פאַרשאָלטן... דער וואָלפּאָדעם איז אומריין... ווער טרייבט עס אַזוי ווילד דאָס וועבערראָד? ווער יאָגט עס אַזוי שנעל די פערד פון יאַריד? איך האָב נאָך גאָרנישט באַוויזן צו זען!... גאָרנישט, און איר טרייבט מיך שוין אַהיים צו די זומפּן! האַלט איין דעם משוגענעם געלויף! דער וואָגן וועט זיך צעשיטן! שטעל זיך אָפּ, אָנטרייבער! זעסטו ניט דעם ווייסן שוים וואָס האָט באַדעקט די פערד? איז דאָס טאַקע ווייסער שוים? אפשר איז דאָס פראָסט, ווייסער פראָסט? עס שוידערט מיך פון קעלט! די פערד גאַלאָפּירן. אָ, עס איז שוין שפּעט! וועסט שוין ניט איינהאַלטן די גאַלאָפּירנדיקע פערד! היט

זיך! דאָס איז דאָך די שטיינערנע מויער! די פערד לויפן ווי בלינדע, גלייך אויף דער מויער אַרויף! מיט די דישלען אויף די שטיינער! אָ, גאָט! — — — —

גאַלינאַ וויינט פון שלאָף. מאַשאַ דעקט זי איין.

ראָסטין שלאָפט ניט. ער קוקט אויף בורגינען.

— ביסט מיד, בורגין. ביסט שרעקלעך מיד. ביסט צעבראָכן.

דער ראָטע־שרייבער רעדט. אַ צאָן קלאַפּט אים אָן אַ צאָן. ער פיבערט. זיינע רייד ווערן איבערגעריסן פון ליפּן־געציטער.

— לושינס וווּנדערדאָרף, דאָס אַנטפּלעקטע... בוסלייס חלום... עס איז מיין זינד... איך האָב דעם היץ־מיראַזש פון אַן אָנגעצונדענעם שאַרבן אָנגענומען פאַר אַן אמת... איך האָב לושינס קראַנקן חלום פאַרוואַנדלט אין אַ גלויבן... איך האָב פאַררעדט אַלעמען מיט שיינע רייד... איך האָב ניט געהאַט קיין כוח צו לעבן מיטן אייגענעם לעבן... אַ שאָטן פון לושינען... אַ שאָטן פון געשטופּלטן... דאָס בין איך געוואָרן... דו האָסט געקענט אַנטלויפן, ראָסטין... איך האָב דאָס ניט געקענט... מיך האָט מען געוואָלט דערדריקן... מיך האָט מען פאַרטריבן... איך האָב אַראָפּגעריסן די הויט פון מיין פּנים און אַ פרעמדע הויט אַרויפגעצויגן... איצט האָט מען פון מיר די פרעמדע הויט אַראָפּגעשלעפּט. קיין אייגענע האָב איך שוין ניט... אַ פּנימלאָזער בין איך! קוק מיך אָן, ראָסטין, קוק אַריין אין מיינע אויגן... זאָג, ווען זעסטו? זאָג דעם אמת! רייד! ווען זעסטו? ווער בין איך? פון וואַנען קום איך? וווּהין גיי איך? פאַרוואָס בייגסטו אַוועק דיין קאָפּ? ווילסט מיך ניט אָנקוקן, ווילסט צו מיר ניט רעדן? דו ביסט גערעכט! דו ביסט גערעכט! כ׳האָב ניט קיין פּנים! — — — כאַ־כאַ־כאַ — — — —

בורגינס שגעון־געלעכטער האָט געמאַכט אויפציטערן ראָסטינען, מאַשאַן.

ער האָט נאָך לאַנג גערעדט. ערשט אין האַלבער נאַכט איז ער רויק געוואָרן.

— — — מען הערט שוין ניט די האַרמאַטן־שיסערייען. מען זעט שוין ניט די וואַנדערנדיקע ליכטזיילן אויף די נאַכטיקע הימלען. עס איז

שוין פרידן אויף דער וועלט. אויף יענער זייט זומפּ, איבער דעם וואַלדרינג, שפּרייט זיך אַ פרייע וועלט. מיר זענען פאַרזונקען געוואָרן, ברידער... פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן... וואָס וועל איך דערציילן די מענטשן פון דער פרייער וועלט? קען איך דען צו זיי קומען אָן אַ פּנים? עס איז שוין אַזוי נאָענט צו דער שיינער וועלט... באַלד וועט דורכגעריסן ווערן דער בלאָן־און־בלאָער נעפּל־רינג...

— מיר וועלן וואַרטן אויפן פרילינג... עס איז שוין ניט לאַנג צו וואַרטן... — האָט ראָסטין געזאָגט. זיינע רייד האָבן באַרויקט בורגינען.

בורגין האָט צוגעמאַכט די אויגן און איז איינגעשלאָפן מיט אַ טרויעריקן שלאָף פון אַ מידן בלאָנדזשערער.

ראָסטין חלומט:

— — — פרילינג. דער אייזפאַנצער ברעכט זיך. דער שניי צעגייט. די זומפּן זענען אומרויק. שטראָמען רייסן זיך דורך אַ וועג, צעוויגן די קוסטעס, צעטרייסלען דיביימער. ערגעץ ווייט, אויף דער צווייטער זייט פון די וועלדער, האָבן פויערים קאַנאַלן געגראָבן, אויפגעשניטן די ערד, אויפגעפלאָנטערט די שליימיקע זומפּן, אַריינגעלאָזט די שטראָמען אין קאַנאַלן, אין קאַנאַוועס, אַוועקגענומען דעם אָנהויף פון פוילנדיקע וועלדער, דעם קוסטעס־געפלעכט — און עס האָבן גענומען אין די קאַנאַלן שטראָמען וואַסערן. די זומפּן טריקענען. די קאַנאַלן ציען אָפּ די וואַסערן. עס אַנטפּלעקט זיך אַ צעפלאַצטע ערד, אַ צעשניטענע, מיט שפּאַלטן און בערגלעך, מיט טאָלן. עס צאַנקען אין די טאָלעכלעך שלאַנגען־פיש מיט צלמים אויף די קעפּ. זיי גייען אויס פון טריקעניש. ערגעץ־ווו צאַפּלט נאָך אַ זומפּ־שפּין און גראָבט זיך אין דער פייכטעניש. צום וויסטן גלושינאַ שטראָמען מענטשן פון די ווייטסטע דערפער. די שטיינערנע מויער איז פּוסט. עס שוואַרצן זיך נאָך עטלעכע קוימענס פון דער גרויסער שׂריפה. טשומאַק איז צוריקגעקומען מיט זיינע זין. פון אַ פענצטערל קוקט אַרויס אַ פויערטע און שעפּטשעט אַ תּפילה צו די בלאָע הימלען — — — —

עס איז נאָך נאַכט. שטאָק־פינצטערע נאַכט איבער גלושינאָ.
מאַשאַ שעפּטשעט:

— פאַרוואָס האָסטו, אַלמעכטיקער, אַזוי באַשטראָפט די דאָזיקע
ערד? — — —

## א

אין אַ פֿאַרנאַכט זענען זיי, פּאַוועל און גיזעלאַ, געשטאַנען ביים קליינעם פענצטערל. ער — הויך, ברייט אין די אַקסל, געבויגן, מיט אַ גרויסן שטערן ווי פֿון געשליפֿענעם שטיין; זי — קליין, שמאָל און פֿאַרשאָטנט. איר בליק האָט אומרויק אַרומגעהיפּט אין דער באַרגיקער לאַנדשאַפֿט; אָט האָט זי אָנגעהאַנגען די אויגן אין דער באַרג־קייט פֿון די געשלייפֿלטע שטיינער, אָט אין דעם קאַרליקקוסט וואָס איינזאַמט אויף אַ פֿעלדז און פּלוצעם איז איר בליק געבליבן פֿאַרגליווערט אויפֿן קאַלטן מירמל־פּנים פֿון מאַן.

ער האָט עפּעס געוואָלט זאָגן. זי האָט דאָס דערקענט לויטן צוק פֿון אַקסל. זיין רעכטער אַקסל האָט אַ ציטער־געטאָן און דאָס ציטערן האָט זיך איבערגעגעבן צו זיין גאַנצן קערפּער.

זי ווייס וואָס דער אַקסלצוג באַדייט: די אַרבעט אין דער שטיינ־האַקעריי האָט זיך געענדיקט. מען דערקענט עס לויטן שטויבנעפּל וואָס נידערט. די שטיינמיל האָט זיך אָפּגעשטעלט. איצט וועלן שאָטנס פֿון מענטשן זיך צעפּויזן אויף די בייוועגלעך און אַ שטילקייט וועט זיך שפּרייטן אין די בערג.

גיזעלאַ ווייס אויך וואָס איר פּאַוועל וואַרט: באַלד וועט פֿאַרביי־פֿאָרן מאַהאַדי מוראַד מיט זיין לאַסטוואָגן און ער וועט זיך אָפּשטעלן אויפֿן שמאָלן שטיינוועגל, דערנאָך וועט דער שטויבנעפּל וואָס הויערט צו פֿוסנס פֿון אַ באַרגרוקן צערינען און עס וועט זיך אַנטפּלעקן דער הויכער שוואַר־צער אָרעם פֿון דער שטיינמיל, דער שטאָלענער באַגער און די טונקעלע פֿלעקן פֿון איילפֿעסער אַרום די בורכשטיינער.

דאָס דאָרף ליגט אויפֿן רוקן פֿון אַ באַרג. פֿון איין זייט זעט מען די איילבערט־וועלדלעך. זיי שפּרייטן זיך קעגן איבער דער באַרגמעזשע ווו ס׳ענדיקט זיך דאָס באַרגפֿעלד מיט די קדמון־שטיינער; פֿון דער צווייטער זייט — דער שמאָלער שאָסיי וואָס וויקלט זיך ווי אַ פֿעלדזונ־שלאַנג.

מאַהאָדי מוראָדס לאַסטוואָגן איז ניט אַרויפֿגעפֿאָרן צו דער שורה הייזלעך וואָס אויפֿן באַרגרוקן. די מאַשין איז געבליבן שטיין אין דער נידער, ביים וועג און געגעבן צייכנס.

— ער איילט זיך, זעט אויס, היינט מערער ווי שטענדיק — האָט פֿאַוועל אַ שעפּטש געטאָן און געמאַכט אַ קליינעם טריט. זיין ווייב האָט אים געהאַלטן ביים אָרעם.

— מ׳דאַרף ניט, גיזעלאַ — האָט ער געשטאַמלט.

זי האָט זיך אויפֿגעשטעלט אויף די שפּיצפֿינגער און מיט אַ טיכעלע אַרומגעווישט די שווייסטראָפּנס פֿון זיין שטערן.

דער ערשטער טריט איז געווען אַ שלאַבערדיקער. ער האָט זיך אַ וואַקל־געטאָן און דערנאָך איז ער אומגעשטערט אַוועק מיטן קליינעם שטעגל. זי איז אים נאָכגעגאַנגען ביז צו דער לאַסטמאַשין. איר האָט זיך געדוכט, אַז דער טראָט זיינער איז אַ רויקער און אַז די רעכטע האַנט באַוועגט זיך פֿריי.

דער שאָפֿער מאַהאָדי האָט געשמייכלט. צוויי שורות ציין האָבן אַ בליאַסק געטאָן. די בלאָע אויגן האָבן אַ ביסל געמילדערט זיין רוי פּנים.

פֿאַוועל האָט געשטעלט אַ טריט צום אויטאָ־טירל און געוואָלט זיך אָנהאַלטן מיט ביידע הענט. די פֿינגער פֿון דער רעכטער האַנט האָבן אָבער ניט געפֿאָלגט און ער האָט זיי ניט געקענט איינקלאַמערן. די האַנט האָט זיך אַ גליטש געטאָן ווי אַ ליידיקער אַרבל. ער האָט זיך ניט געקענט אַריינזעצן אין דער לאַסטמאַשין אָן עמעצנס הילף. — דאָס איז מחמת די טרעפּ זענען צו הויך — האָט ער געטראַכט. זי האָט אים אונטערגע־האַלטן ביים רוקן און אַריינגעשמייכלט אין פּנים אַריין.

— נו, פֿאַווי, אָט אַזוי... עס ווערט דיר בעסער... כ׳דערקען... דו גייסט שוין פֿריי...

מאַהאַדי מוראַד האָט געהאָלפן אים אַרויפזעצן אויפן לאַסטוואָגן.

פּאַוועלס שטערן איז פאַרלאָפן געוואָרן מיט קנייטשן. ער האָט דערשפּירט ווי גיזעלאַס און מאַהאַדיס הענט האָבן זיך באַגעגנט הינטער זיין רוקן. גיזעלאַס אָטעם איז געוואָרן אָפּגעהאַקטער, קירצער. איז דאָס פון אָנשטרענג ? ניין. ניט פון אָנשטרענג. דאָס איז אוודאי פון דעם באַריר מיט מוראַדס גרויסע געזונטע הענט.

די לאַסטמאַשין האָט יעדע רגע אונטערגעטאַנצט.

— מאַהאַדי ; מאַהאַדי ; העי, פאַרגעס ניט ! — האָט גיזעלאַ גערופן — קויף אין שטאָט ראַזיר־מעסערלעך פאַר פּאַווין !

דערנאָך איז זי פלינק געשפּרונגען צווישן די שטיינער, צוריק צום קליינעם שטיבל. ערשט איצט האָט פּאַוועל באַמערקט, אַז זי האָט היינט אָנגעטאָן דאָס יום־טוב קלייד, דאָס קלייד מיט די בלאָלעכע שטרייפן.

אין דער שטיינהאַקעריי איז שוין קיינער ניט געווען. אַ פרישער שטיינשטויב האָט זי פאַרדעקט. אפילו אין שומר־ביידל איז אַלץ געווען באַלייגט מיט שטויב ; די נאַרע, דאָס נאַקעטע טישל, די שויב פון פאַנאַר.

ניט ווייט פון ביידל זענען געלעגן ריזיקע שטויסן מיט שטיינער : האַקשטיינער, ברוקירשטיינער און בלאָקשטיינער. אַלץ באַזונדער אויס־געסדרט.

די לאַסטמאַשין איז אַוועק. אַ טונקעלער רויך פון אייל און אַ שטויבוואָלקנדל האָט פאַרהילט דעם בלעכענעם קאַסטן פון דעם אויטאָ. פון דער אויסגעהאַקטער שויב אַרויס האָט מאַהאַדי מוראַד אַרויסגע־שטרעקט זיין קאָפּ און גערופן.

איצט קאָן ער שוין אַוועק אַהיים. דער נאַכט־שומר פּאַוועל איז שוין דאָ. מאָרגן פאַר טאָג וועט ער ווידער דאָ זיין מיט דער מאַשין. ער מוז קומען פריער ווי די אַרבעטער. ער דאַרף באַזאָרגן פון שטאָט אייל־פעסער און ברענגען מענטשן פון דערפל צו דער שטיינהאַקעריי.

צו דער אוונט־טונקלקייט איז נאָך געבליבן אוודאי אַ שעה. די זון

האָט זיך שוין לאַנג געזעצט הינטער אַ באַרגרוקן. מען דערקענט אפילו דאָס אָרט לויט דעם ליכט פון באַרגראַנד, לויט דעם אָפּשיין פון דער קיזלערד וואָס ליגט אָפן צו דעם בלאָלעכן הימל.

אין אַזעלכע פאַרנאַכטן זיצט פּאַוועל אויף אַ פלאַטשיקן קדמון־שטיין מיטן פּנים צום דערפל, צו די גלייכע שורות אָרעמע הייזער, און מיט ציטערנדיקע פינגער שטויבט ער אָפּ דעם געדיכטן שטיינשטויב פון אַ פייגנקוסט. טייל מאָל באַמערקט ער, אַז אויף דעם שטיין אויף וועלכן ער זיצט זענען פאַראַן סימנים, שטיינערנע אָפּדרוקן פון צווייגלעך, פון בלומען, פון שלאַנגען און פון טריט. יאָ, פון פאַרשטיינערנע טריט. אויסטערלישע זענען עס די פאַרשטיינערטע טריט, ער וואָלט געשוואָרן, אַז דאָס זענען שפּורן פון באָרוועסע מענטשן, פון שעפּסן־סטאַדעס און פון אַ באַרג־חיה וואָס האָט געהאַט איר באַהעלטעניש אין אַ שטיינערנעם פעלדזן־בעקן.

אַז ס'פאַלט צו די נאַכט רוקן זיך צונויף די באַרגשטיינער און די באַרגריסן פאַרשווינדן. גאָטס וועלט ווערט איין גרויסער שטיין. אין האַלבנאַכט נידערן די וואָלקנס צו די בערג און קושן אויס יעדן שפּור אין די קדמון־שטיינער, יעדן אוראַלטן פוסאָפּדרוק. פאַר טאָג דערקענסטו די ליפּן־אָפּדרוקן פון די וואָלקנס אויף די שטיינער.

אין די נעכט הערט זיך פּאַוועל איין אין יעדן שאָרך וואָס קומט פון די בערג. ערגעץ קייקלט זיך אַ קיזלשפּליטער — ער דערקענט דעם געקייקל פון קיזלשטיינדל לויט דעם געקלאַנג דעם פאַרטייטן, וואָס דערמאָנט אין אַ פאַרבלאָנקעטע שאָף וואָס טראָגט אויפן האַלדז אַ גלעק־קעלע, און דער פאַסטעך האָט עס פאַרגעסן אין די בערג.

טייל מאָל ברעכט זיך עפּעס ווי עמעצער וואָלט געשפּאָלטן טרוקענעם קין, דערנאָך דוכט זיך אים, אַז עס צישעט אַ פלאַם און דער אויסגעטריקנטער באַרג־אַנהויף פון פאַרדאַרטע געוויקסן וועט אַ פלאַקער־טאָן. נאָר אין די בערג איז שטיל און נעפּלדיק. אַ ווייט־ווייטער פויגל־קול וויגט זיך צוזאַמען מיט די נעפּלען — דאָס איז אַ פאַרגייענדיק ׳ טרילען ווי אַ דין וואַסער־אָדערל וואָס רינט נאָך אַ יורה צווישן שטיינער. אָט דער דאָזיקער ווייטער פויגל־געזאַנג איז דער אָנזאָג אַז די געגאַרטע

באַכטרו איז שוין געקומען, אַז קיינער וועט איר ניט שטערן, אַז זי וועט אָנהאַלטן ביז פאַר טאָג.

פאַוועל וואַרט יעדע נאַכט אויף דעם ווייטן פויגל־געזאַנג. דערנאָך מאַכט ער צו די אויגן.

ליגט ער אַזוי, פאַוועל, אויפן שטויביקן בעטל און ער הערט זיך איין אין דער באַרגנאַכט. באַלד, באַלד קומט דאָס דיניקע וואַסער־אָדערל, דער שטילער געפלייץ, עס וועט קיל מאַכן די שלייפן, עס וועט פייכט מאַכן די ליפּן. פאַרשפּעטיקט זיך ניט היינט דער אומבאַקאַנטער באַרג־פויגל מיט זיין ניגון?

אין אַזאַ נאַכט האָט ער דערהערט דאָס געזאַנג פון שטיינער. צו ערשט איז געקומען דער קלאַנג פון קליינע שטיינדלעך אויפן ברוק... זיי פאַלן ווי אָפּגעהאַקטע קלאַוויר־טענער. דערנאָך — שטיינדלעך געקליבענע ביי אַ טייכל... ער שפירט זייער געשליפנקייט וואָס קילט די באַר־וועסע פיסלעך פון אַ יינגעלע ערגעץ אין מאַזאָוויע... דערנאָך שיטן זיך גרעבליע־שטיינער ביי אַ וואַסערמיל... זיי פאַלן מיט געפּליעסק לעבן די שליוזן... און אַז אַ בויד איז דורכגעפאָרן איז נאָכגעלאָפן דאָס געזאַנג פון די גרעבליע־שטיינער. שטיינער זינגען! האָט ער דעמאָלט אויסגע־רופן — און אַ בויד מיט יידן האָבן געלאַכט... און די מאַמע האָט אים צוגע־דריקט צום האַרצן... ער האָט זיך געשעמט... שוין אַזאַ גרויסער... דערנאָך איז געקומען דאָס אומעטיקע שטיינער־געשעפּטש אין אַ קאַשטאַן־אַלייע אַ באַשאָטענע מיט זשוויר־שטיינדלעך... און דריבנע סודותדיקע טריט, וואָס האָבן געמאַכט אויפציטערן זיין יינגל־האַרץ. יעדער טריט אַ קלאַנג... יעדער שאַר אירער מיט די פיס — אַ הימען... דאָס טרעט זי אַ צעפלאַ־טערטע איבער די שטיינדלעך פון דער אַלייע... זי שוועבט און באַרירט זיי קוים ווי דער ווינט וואָלט באַרירט פידלסטרונעס... דערנאָך איז ער געלאָפן צום טייך און געשליידערט שטיינער. פליוך... פליוך... אָט אַזוי זיך פאַר פרייד... העי... העי... זיי זענען געפאַלן אויף יענער זייט ברעג, אין די קוסטעס אַריין, און עס האָבן געשאָרכט די בלעטער... אַ פייגל־טשאַטע האָט זיך אָפּגעריסן. און דערנאָך — שטיינער וואָס ליגן אויסגע־שפּרייט איבער די וועגן, ניט אַריבערצושפּאַנען ווייטער! בלייב

שטיין! — — — דערנאָך האָט ער געזען טויזנטער מענטשן שפּאַנען איבער שטיינער פון גאַסן... די שטיינער זענען געלעגן צונויפגעפּרעסטע, פאַרזיגלטע, שטיין צו שטיין — און געדוכט האָט זיך אים אַז זיי זינגען אַ צאָרן־ליד... שפּעטער האָט ער דערהערט דאָס טויטן־ליד פון אויפגע־ריסענע שטיינערנע הייזער וואָס זייער שטיינבראָך האָט זיך געוואַלגערט איבער גאַסן... ער האָט געהערט דעם שטיינערנעם געשריי פון פאַלנדיקע מויערן... דעם געקייקל פון אַ שטיינערנעם ביוסט איבערן ברוק, וואָס האָט אָפּגעהילכט ווי דאָס געקלאַנג פון אַ לוויה־גלאָק. און אויס. אַ שטיל־קייט, אַ שטיינערנע, שפּרייט זיך איבער גאַטס וועלט... די וועגן צום מיזרח זענען ברייטע. ער לענט אָפּט אָן זיין קאָפּ אויף אַ פעלדשטיין און אַ טרויעריק געזאַנג פון אַן איינזאַמען שטיין פאַרוויגט אים...

העי, ווו איז דער פויגל וואָס זאָגט אָן נאַכטרו?

אַ קיל ווינטל קומט דורכן קליינעם פענצטערל און פּלאָנטערט זיך אין זיינע האָר. עס מוז שוין זיין נאָך האַלבנאַכט?

אין דאָרף צאַנקט אַ פלעמל. פון וואַנען קומט דאָס ליכט? איז עס ניט פון זיין שטוב? וואָס טוט איצט גיזעלאַ? זי שלאָפט אוודאי. ניין, זי שטייט אין פענצטער און קוקט צו דער שטיינהאַקעריי. ער ווייס דאָס אויף זיכער. זי איז אומרויק אין די נעכט. זי וויל אין שטאָט אַריין. אָ, ווי זי וואָרט אַז מאַהאַדי מוראַד זאָל פאָרן מיטן לאַסטוואָגן קיין ירושלים און זי מיטנעמען.

פּאַוועל האָט אַרויפגעוואָרפן אויפן אַקסל דעם מאַנטל. ער איז געגאַנגען מיט ציטערנדיקע טריט. דאָס געצאַפּל פון זיין רעכטן אָרעם איז שטענדיק געקומען ווען אַן אומרו איז אים באַפאַלן. פון וואַנען נעמט זיך דער אומרו? זאָל דאָס זיין דער ווייט־ווייטער פויגל־געזאַנג וואָס ער האָט אים היינט פאַרשלאָפן? און אפשר קומט דער אומרו פון דעם פייערל וואָס האָט זיך אַזוי אומגעריכט אָנגעצונדן אין דערפל. אָ, עס איז שוין פאַרלאָשן. ס׳קאָן זיין, אַז דאָס האָט אַ מאַמע פאַרוויגט אַ וויינענדיק קינד. דאָס זעט, דוכט זיך אויס, צו זיין ניט ווייט פון זיין שטוב. אפשר האָט גיזעלאַ אָנגעצונדן פייער? מוראַד האָט נעכטן געטריבן חמדהן פון דער שטיינהאַקעריי. זי האָט אים געבראַכט עסן. ער האָט זיך ניט אומגעקוקט

אויף איר און געשריען אויף אַ פרעמד לשון. זי איז געזעסן צווישן די ברוכשטיינער מיט פאַרלייגטע פיס און געוויינט. אַז מאַהאַדי איז אַוועק איז זי נאָך אַלץ געזעסן און געוויינט.

— חמדה, וויין ניט. ער האָט דיר שלעכטס געטאָן, דיין מאַן?

זי איז אויפגעשפּרונגען אַ בייזע און זיך פאַרשטעלט דאָס פּנים מיטן אָרעם.

— גיי אַוועק! גיי! וואָס אַרט דיך מיין געוויין! מאַהאַדי איז גוט! מאַהאַדי איז גערעכט! מאַהאַדי מעג! אַלץ מעג ער!

זי איז געגאַנגען אַ באָרוועסע איבערן שטיינוועגל און אויף איר קאָפּ האָט זי געטראָגן דאָס געפלאָכטענע קיישל.

פאַר וואָס איז דער פרעמדער איראַקישער ייד, מאַהאַדי מוראַד, אַזוי שטיל ווען ער זעט גיזעלאַן? זיינע ליפּן פּרעפּלען קוים, נאָר די ציין בליאַסקען אומהיימלעך.

פּאַוועל זיצט אָנגעשפּאַרט אָן אַ פעלדז און קוקט אין דער פינצטער־ניש אַריין. אַ שטיל געזאַנג קומט פון טאָל, דאָס איז גיכער־אַ ווינט־ניגון. האָבן די שטיינער פון די יהודה־בערג זייער ניגון? ער טראָגט זיך, דער ניגון, פון פעלדזנבעקן, פון די פאַרשאָטנטע שטויסן ברוכשטיינער, ער שוועבט איבער דער באַרגיקער נעפּל־געדיכטעניש און גיט זיך איבער די נאַכטהימלען. זיי טראָגן עס אַוועק צו די ווייטע פאָספאָר־באַזיימטע וואָלקנדלעך. דאָס געזאַנג איז אַ פרעמדס, אַ ווייטס, עס שלאָגט זיך אָפּ אָן אים אַזוי ווי אָן אַ פעלדזנוואַנט. עס איז פרעמד אים דער באַרג־ניגון ווי פרעמד עס זענען אים די שפּורן אין שטיין, די אַלערליי פוסאָפּדרוקן, די צעקנאָדערטע קוסטעס מיט די שטעכיקע שטערנבלעטער, ווי פרעמד עס איז אים דאָס פאַרבאַרגענע פּנים פון מאַהאַדי מוראַד און פון זיין ווייב חמדה. ער איז מחוץ דעם אַלעם. אַזוי ווי אַ פעלדזשפּליטער וואָס איז אַראָפּגעפאַלן פון באַרגשפּיץ און קייקלט זיך איבער אַ שיפּוע.

ב

געקומען אין לאַנד אַריין זענען ביידע פון די לאַגערן אין דייטש־לאַנד. דאָרט האָבן זיי זיך באַגעגנט. זי, גיזעלאַ, פון אונגאַרן און ער

פון פוילן. זי איז נאָך געווען מיט אַן אָפּגעשוירענעם קאָפּ פאַרקניפּלט מיט אַ פאַרביק טיכל, דאָס טיכל איז געווען פאַרקניפּט פון פאָרנט מיט אַ גרויסער בלאָער שלייף. זיינע אויגן — טרויעריקע, טיף־אַריינגעזעצטע אין דער אויגן־אויסהוילעניש. זי האָט אים אַריינגעשמייכלט אין די טרויעריקע אויגן אַריין מיט אויפגעוואַכטער לעבנספרייד. ווי אַ פריילינג־דיק בעזצווייגל ערב דער צעשפּראָצונג איז זי געווען אין די ערשטע חדשים נאָך דער באַפרייונג. ער איז ניט געקומען פון די לאַגערן, ער איז געקומען פון מיזרח מיט דער אַרמיי וואָס האָט פאַרנומען דייטשלאַנד.

פון די ערשטע טעג אָן איז פּאַוועלן באַפאַלן אַן אומרו. ער איז לאַנג געלעגן אויפן בעטל און געזען ווי גיזעלאַ צאַפּלט אַרום אַזאַ פריילע־כע. זי איז שיין, גיזעלאַ, די זאַנגענהאָר זענען מיט זון, די אַקסל שמאָל, ציטערנדיק און די פיס — ווי ביי אַ הירשיק. — זי איז ווי אַ גאַזעל אין די בערג פון ירושלים — האָט ער געטראַכט און אים אַליין האָט אַ בלייערנע שווערקייט געצויגן אַלץ נידעריקער און נידעריקער צו אַ פלאַכלאַנד, צו אַ טאָל, צו אַ תהום.

זיינע באַוועגונגען זענען געוואָרן פּאַמעלעכע, שלאַבערדיקע ווי פון אַ מיד־און־מאַטן מענטשן. וואָס מער זי האָט זיך געריסן צו ליכט אַלץ מער האָט זיין פּנים זיך געצויגן צו שאָטן.

אַזוי איז אַדורך אַ וואָך נאָך אַ וואָך. פון דער אַרבעט איז ער צוריקגעקומען אַן אויסגעמאַטערטער און אַ פאַרשלאָסענער.

געשען איז דאָס אין האַלבנאַכט.

גיזעלאַ איז געשטאַנען מיטן פּנים צום פענצטער און געוויינט. די אַקסל האָבן געצוקט. ס׳גאַנצע לבנה־ליכט איז אויף זיי געלעגן. ער האָט געוואָלט אַ שליידער טאָן די קאָלדרע און זיך אויפזעצן. די הענט זענען געפאַלן אין אָנמאַכט. ער האָט דערשפּירט אַ ווייטיק אין די געלענקען.

זיינע טריט האָבן זיך געפּלאָנטערט ווי דער דיל וואָלט אויסגעלייגט געווען מיט שטרויכלשטיינער. ער איז געפאַלן לעבן איר און געוואָלט אַרומנעמען אירע פיס. ער האָט נאָר לייכט באַרירט זיי מיט די האַנט־

פלאַכן און אין אים האָט עפּעס אויפגעיאָמערט. דאָס איז געווען אַ געיאָמער פון אַ געפּענטעטן.

צומאָרגנס איז געקומען דער דאָקטאָר.

פּאַוועל איז געלעגן אַן אויסגעלאָשענער און געקוקט מיט גלעזערנע אויגן. גיזעלאַ איז געשטאַנען מיט פאַרבראָכענע הענט.

דער אַלטיטשקער דאָקטאָר פרומקין האָט געשוויגן. ער האָט געקעמט מיט דער האַנט דאָס קליינע בערדל און איינגעקוקט זיך אין פּאַוועלס אויגן. דערנאָך האָט ער אויפגעהויבן דעם קראַנקנס האַנט.

— איר דאַרפט רו... ליגן רויק...

פּאַוועל האָט זיך געפּרוווט אויפזעצן.

— שרעקט זיך ניט. אָט אַזוי... מאַכט אַ פויסט. דריקט צונויף די פינגער... שטאַרקער...

דער דאָקטאָר פרומקין איז אַ רוסישער ייד. פערציק יאָר וווינט ער אין ירושלים. איצט איז ער געקומען צו די עולים. ער איז שוין עטלעכע יאָר אויף עמעריטור, און דאָ, אַזוי פיל קראַנקע. קאָן מען דען איינזיצן אין דער היים?

פּאַוועל האָט טרויעריק געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— יאָ, דאָקטאָר... כ׳פאַרשטיי איך...

— און דו ווילסט עס אָפּליגן אין בעט, ווען איך אַזאַ זקן... — ער האָט ניט פאַרענדיקט און ביידע האָבן זיך צעלאַכט.

דאָס איז געווען דער ערשטער שמייכל וואָס דער דאָקטאָר האָט דערזען אויף פּאַוועלס פּנים.

— אָ, איר האָט ניט פאַרגעסן צו שמייכלען? דאָס איז גוט!

איין מאָל האָט אים פּאַוועל געזאָגט:

— כ׳בין געווען אויפן פראָנט... געהאָלפן באַפרייען סמאָלענסק... אַרויסטרייבן די דייטשן...

דער אַלטער דאָקטאָר האָט אויפגעלויכטן.

— מאָלאָדיעץ! איך בין אַ סמאָלענסקער...

ער האָט אים אָנגענומען פאַר בײדע הענט און זײַנע אױגן האָבן זיך געפײַכט.

— דערצײלט, פּאַװעל, דערצײלט — האָט זיך דער אַלטיטשקער געבעטן.

פּאַװעלס רײד האָבן זיך ניט געבונדן. ער האָט פאַרלאָרן דעם זכרון און עס איז אים שװער געװען צונױפצובינדן די אײנצלנע זאַצן װאָס זענען אַרױסגעזאָגט געװאָרן מיט אַ פּאָר רגעס פריער.

— גיזעלאַ, גיזי, װאָס האָב איך פריער געזאָגט, געדענקסט ניט... אין סמאָלענסק... דער לאַזאַרעט...

אירע אױגן זענען געװען איבערגעפולט. זי האָט געגלעט די אױס־געלאָשענע הענט זײַנע און געשלונגען די טרערן.

דערנאָך, בײַ דער שװעל, האָט איר דער דאָקטאָר אומגעריכט אַ פרעג געטאָן:

— איז פּאַװעל פאַרװונדיקט געװען?

— דוכט זיך אַז ניט... געװען אַ קורצע צײַט אין לאַזאַרעט...

זי האָט זיך געװאָלט אָן עפּעס דערמאָנען.

— ער האָט אײַך ניט דערצײלט װעגן זײַנע פראָנט־איבערלע־בונגען?

— יאָ, יאָ, דאָקטאָר... איך דערמאָן זיך. ער האָט מיר דערצײלט. דאָס איז געװען טאַקע אין סמאָלענסק. אַ מינע־אױפרײַס לעבן זײַנע פיס. אַ פּאָר װאָכן אין לאַזאַרעט. געלײמט — און דערנאָך װידער אין מיליטער...

סוף װינטער איז פּאַװעל צוריקגעקומען פון שפּיטאָל. געבראַכט האָט אים מאַהאַדי מיט זײַן מאַשין. פּאַװעל האָט זיך שױן פרײַ באַװעגט. דעמאָלט האָט ער באַקומען די אַרבעט אַלס נאַכט־שומר אין דער שטײנ־האַקערײַ.

ג

די אַרבעט אין דער שטיינהאַקעריי האָט זיך אָנגעהויבן פאַר טאָג. צו ערשט האָט זיך צערוישט די שטיינמיל וואָס האָט סאָרטירט די קליינע שטיינער.

אין די פאַרטאָגן טראָגט זיך ניט דער שטיינשטויב איבער די באַרגווייטן. ער נידערט גלייך אַראָפּ אויפן שטיינברוך, דערנאָך וויגט זיך ריטמיש די שווערע מאַשין, דער באַגער, מיטן געשטרעקטן אָרעם צו אַ נאַקעטן שטיינערנעם אָפּריס. דאָרט ליגן אַלערליי אויפגעריסענע שטיינער: שפּיזיקע, קופּאָלאַרטיקע, דאָרנדיקע, פלאַטשיקע מיט שאַרפע קאַנטן ווי די אוראַלטע שטיינמעסערס און שפּיציקע ווי די שטיינווידלעס. אַכט אַ זייגער איז געקומען צו פאָרן אויף זיין דזשיפּ דער אַרבעטס-אויפזעער. אַ נידעריקער, אַ קרעמפּער, מיט אַ פאַררוקטן און אָפּגעבליאַ-קעוועטן טעמבעל איז ער אַרומגעשפּרונגען צווישן די שטיינער און געשריען. ער האָט עמעצן פון די אַרבעטער געקלאַפּט אין דער פּלייצע און געשטשירעט מיט די גרויסע געלע ציין. ער האָט אָנגענומען אויף דער האַנטפלאַך צעמאַלענעם שטיין און עס אַ שליידער געטאָן.

— נעם אָוועק די ליידיקע פעסער פון וועג! העי, דו מאַהאַדי! — האָט ער געשריען.

— מען דאַרף מאַכן אָרט, אָפּרוימען דאָס וועגל! אַ סך מאַשינען וועלן קומען נעמען ברוקירשטיינער! ווי אַזוי וועלן זיי אַריינפאָרן אין דער שטיינהאַקעריי? זאָג, מאַהאַדי?

— בסדר, אדוני!

— מ׳דאַרף עס אָפּרייניקן — האָט געזאָגט דער אויפזעער און אויפגעהויבן דעם קאָפּ צום נאַקעטן שטיינערנעם אָפּריס. — די טעג וועט מען אויפרייסן יענעם פעלדז!

איבערן וועגל איז געגאַנגען פאַוועל. ער איז געגאַנגען פאַמעלעך, און שטענדיק ווען ער האָט געדאַרפט שטעלן אַ טריט האָט עפּעס אויפ-געציטערט אין אים. עס איז אים אויסגעקומען, אַז אַ בייזער ווינט איז באַפאַלן זיין גוף פון דער רעכטער זייט און טרייבט אים אויף צוריק. היינט האָט ער זיך ניט געלאָזט צוריקפירן פון מאַהאַדין. ער וועט אַליין

גיין. נאָר אויפן בערגל לעבן דער שטוב איז אים שווער געווען אַרויפצוגיין. ער האָט זיך איינגעבויגן און געוואָלט זיך קלאַמערן ביי די קוסט־צווייגלעך. ער האָט ניט געוואָלט, אַז גיזעלאַ זאָל אים זען ווי שווער עס קומט אים אָן דאָס אַרויפגיין די פּאָר שפּאַן.

זי איז צוריקגעטראָטן פון פענצטערל און געוואַרט ביי דער טיר. עס האָט געדויערט עטלעכע מינוט ביז די טיר האָט זיך געעפנט. דעמאָלט האָט גיזעלאַ פאַרחידושט אויסגערופן:

— אָ, פּאַווי! ווי אַזוי ביסטו דאָס אַליין געקומען? איך האָב ניט געהערט דעם גערויש פון דער מאַשין? דו ביסט אַליין געקומען! אַליין! אָ, ווי וווּנדערלעך!

זי האָט אַריינגענומען זיין פּנים איןביידע האַנטפלאַכן און אים אַריינגעלאַכט אין די טרויעריקע אויגן.

ביידע זענען געזעסןביים טיש און געשוויגן. ער האָט געוואָלט צו איר לאַכן און ניט געקענט. אָטעמט ניט פון איר מיט אַ קילן פרעמדן ריח?

פּאַוועל האָט געקוקט אין אַלע ווינקעלעך פון שטוב.

— דוכט זיך, אַז נעכטן ביי נאַכט האָט מען אָנגעצונדן ליכט אין שטוב... כ'האָב געזען אַ פלעמל אויפצאַפּלען... עס האָט אַ צייט געברענט... איך האָב עס געזען פון דער שטיינהאַקעריי...

ער האָט אומרויִק געקוקט אויף איר און געוואַרט אויף תשובה.

— וואָס פאַלט דיר איין פּאַווי?

— אפשר דוכט זיך מיר...

דער פרעמדער ריח, וואָס ער האָט דערפילט אין שטוב, האָט אים ניט געגעבן קיין רו. עמעצער איז דאָ געווען. ווער האָט דאָס געקענט זיין? ער האָט זיך געוואָלט אויפשטעלן פון טיש און מורא געהאַט, אַז זיין טריט וועט זיין אַ וואַקלדיקער. ער וועט דאָס טאָן ווען גיזעלאַ וועט אַריין אין קיכל. זאָל זי ניט זען זיין ציטערן.

ער איז געשטאַנען ביים פענצטערל, דערנאָך ביים בעטל, איינ־געקוקט זיך אין דער פּאָדלאָגע.

— פּאַווי, וואָס זוכסטו? אָ, דו דאַרפסט זיך אָפּראַזירן! ווי פאַר־וואַקסן דו ביסט! באַלד וועל איך דיר העלפן!

זי האָט אים דערלאַנגט די ראַזיר־מעסערלעך.

— דאָס האָט מאַהאַדי געבראַכט. איך האָב אים געהאָט געבעטן... מען באַקומט ניט אין דאָרף...

— מאַהאַדי איז דאָ געווען? — פּאַוועל האָט ניט געקענט איינהאַלטן דאָס שאַכטעלע און עס איז אַרויסגעפאַלן פון דער האַנט.

— איך האָב דיר פאַרגעסן צו זאָגן... מאַהאַדי איז געווען ביי דער שוועל... ער איז גראָד צוריקגעפאָרן פון שטאָט.

עס איז געוואָרן שטיל. פּאַוועל האָט אַוועקגעלייגט די הענט אויף די קני און איז אַזוי געזעסן מיטן פּנים צום פענצטער.

פון יענער זייט באַרגמעזשע, ווו ס'שפּרייטן זיך די איילבערט־וועלדלעך, האָט זיך דערטראָגן אַן אייזל־געוויין, אַן אָפּגעהאַקט העשען און דערנאָך אַ גרילצנדיקער געסקריפּ פון אַלטע טויער־זאַוויאַסעס ווי אַ שטורעמווינט וואָלט זיי אָן אויפהער געוויגט, הין און צוריק, הין און צוריק. — גוט אַזוי, זאָל זיך וויגן דאָס סקריפּנדיקע געוויין אָן אויפהער. גוט וואָס דאָס אייזל־געוויין איז געקומען אין דער רעכטער צייט.

— ווי אומהיימלעך — האָט גיזעלאַ געזאָגט — ווי טרויעריק.

ער האָט ניט געהערט אירע רייד. איצט שרייט דער אייזליונג. דאָס איז דאָך דעם אייזלטרייבערס קול.

— פּאַווי, הייב אויף דעם קאָפּ. וואָס זיצסטו אַזוי?

איצט איז שוין נאָך אַלעמען. איצט אַרט אים שוין גאָרניט. איצט דאַרף ער שוין ניט גאָרנישט זאָגן. דאָס אייזל־געוויין האָט אים אויס־געלייזט.

— איך האָב געמיינט אַז דו האָסט געצונדן ליכט אין האַלבנאַכט... עס האָט דאַכט זיך געלויכטן...

ער האָט געשמייכלט צו איר, נאָר זיינע הענט האָבן געציטערט. זי האָט געזען ווי די לאַנגע, בלייכע פינגער זיינע ציטערן אויף די קני.

— אין דער שטיינהאַקעריי אַרבעט מען אָן מיטאָג־אָפּרו. — האָט געזאָגט גיזעלאַ — כ'זע דאָרט אַ סך לאַסטמאַשינען.

איר פּנים איז געווען פול מיט ליכט. ערשט איצט האָט ער באַמערקט, אַז אירע ברעמען זענען צוגעשוירן און די קליינע ליפּן געפאַרבט. זיי זענען שרייאיק־רויט און פייכט. ער וואָלט אויפגעשפּרונגען און זי איינגעקלעמט אין זיינע הענט. דאָס וואָלט געווען אַן אויסבראָך פון שׂינאה און ליבע. זי וואָלט זיך אויסגעמישט אַזוי ווי ביי אַ שניטער מישט זיך אויס אונטער זיין קאָסע אי דער זאַנג אי דער פאַלין וואָס פאַרפּלאָנטערט זיך אין קאָרנפעלד. ער טרויט אָבער ניט זיינע ציטערנ־דיקע הענט, זיין שלאָבערדיקן טריט.

ד

אין דרום פון לאַנד, אין דער וויסטעניש, האָט מען געלייגט אַ וועג. לאַנגע קאָלאָנעס לאַסטוועגענער האָבן געפירט שטיינער פון דער שטיינהאַקעריי. מען האָט זיך געגרייט צו אַן אויפרייס. מען האָט געוואָלט אויפרייסן דעם מערבדיקן באַרגראַנד מיט די דיקע האָריזאָנטאַלע פּלאַסטן ברוקירשטיין. דער באַרגקופּל איז דאָ באַדעקט מיט אַ דינעם שיכט פימסנשטיין און צווישן די שפּאַלטן זעען זיך אָן די פאַרטריקנטע גראָזן און וואָרצל־פעדעם. וואָס נידעריקער מיטן באַרגאָפּריס אַלץ מערער זעט מען אָן די גלאַנציקע געשליפענע פּלאַסטן ברוקירשטיין.

די בויערער האָבן שוין דעם דריטן טאָג געגרייט די דינאַמיט־לעכער. דאָס וועט זיין אַ שטאַרקער אויפרייס וואָס וועט איינוואַלגערן אַ שטיק באַרג אַזש ביזן צעקנאָדערטן פייגנבוים, ווו עס הייבן זיך אָן די טיפע פעלדזנשפּאַלטן און אַלערליי באַרג־אויסהוילעניש. ניט ווייט פון דאָרט געפינט זיך דער פעלדזנבעקן ווו עס האַלט זיך אויף אַ פייגל־טשאַטע.

אין יענע טעג האָט זיך אָפּטער אַרומגעפּאָרעט דער אַרבעט־אויפזעער פון דער שטיינהאַקעריי. ער איז פּלוצעם אויסגעוואַקסן אין דער הייך, איבערן באַרגקופּל פון אָפּריס און געשריען צו די בויערער, געמאַכט מיט די הענט, געגעבן צייכנס צו זיי מיטן טעמבעל. ער איז אַרומגעקראָכן איבער אַלע בערגלדיקע שטיין־אָנהויפן, געזוכט צווישן די פעלדזנשפּאַלטן און געוויגן אויף דער האַנטפלאַך שטיקער שטיינברוך.

אין אַ פֿאַרנאַכט, ווען מאַהאַדי האָט געהאָלפֿן פֿאַוועלן אַראָפּגיין פֿון דער לאַסטמאַשין איז מיט אַ מאָל אָנגעקומען דער אויפֿזעער.

— העי, פֿאַוועל, ווען דו היינט שמעקן פּולווער! נאָר געדענק! ניט צינדן קיין שוועבעלע! ניט רייכערן! זע אַז מען זאָל דיך ניט דאַרפֿן נוצן צום כּבֿיש! זיי וועלן דיך סיי־ווי פֿאַרבראַקירן! זיי ווילן ניט קיין ליימשטיין!... גיב זיי, די שאָסיילייגער, מעטעאָרשטיין! געדענק, אין ביידל ליגט דינאַמיט!

מאַהאַדי מוראָד האָט געלאַכט. זיין געשטופּלטע נאָז האָט מיטגע־לאַכט. ער האָט הכנעהדיק געקוקט אויפֿן אויפֿזעער. איצט האָבן שוין ביידע געלאַכט, מאַהאַדי און דער אויפֿזעער.

— זיי ווילן ניט קיין „ליימשטיין״ — האָט פֿאַוועל געשעפּטשעט. ער איז ווי ליימשטיין...

מאַהאַדי קוקט אַזוי זייטיק און שמייכלט נאָך אַלץ. פֿאַר וואָס לאַכט ער אַזוי די לעצטע טעג צו פֿאַוועלן? שטענדיק באַשלאָגט פֿאַוועלן אַ קאַלטער שווייס ווען ער וויל זיך אַריינזעצן אין דער לאַסטמאַשין. גיזי איז נעכטן געווען אין שטאָט. זי איז צוריקגעקומען שפּעט. דאָס האָט זי מאַהאַדי צוגעפֿירט ביזן שטוב. פֿאַר וואָס ווייַנט חמדה ווען זי טרייַבט פֿאַרביי די ציגן לעבן זיין פֿענצטער? זי פּרעפּלט און בייגט אַוועק דעם קאָפּ בשעת פֿאַוועל גייט פֿאַרביי. מאַהאַדי האָט איצט אַנדערע אויגן. עס שאַרפֿט זיך אין זיי אַ כיטרעקייט און זיין גריבלדיקע נאָז שמייכלט שפּאָטיש. וווּ ליגט דער דינאַמיט? אין ביידל? פֿאַרוואָס האָט זיך דער אויפֿזעער אַזוי געוויצלט?

ליימשטיין? צו וואָס נוצט ליימשטיין? די אַראַבישע הייזלעך אין טאָל זענען געקנאָטן פֿון ליים און פֿאַרמויערט מיט ליימשטיין, די אָרעמע קליינע הייזלעך מיט די וויס־געקאַלכטע ראַנדן ביי די טירן און פֿענצטער־לעכער. פֿון געהאַקטן מעטעאָרשטיין און בלאָקשטיין בויט מען שטאָקיקע בנינים מיט הויכע באַלקאָנען און ברייטע פֿענצטער.

— שלום, פֿאַוועל! — האָט געשריען מאַהאַדי — שלום!

די לאַסטמאַשין האָט זיך צערוישט. זי איז אַרויף אויפֿן גלייכן

וועג און האָט זיך געטראָגן צום דאָרף. פּאַוועל האָט לאַנג איר נאָכגעקוקט ביז זי איז פאַרשוווּנדן.

אין שומר־ביידל האָט ער ניט געפונען קיין מנוחה. עס האָט אים געצויגן צום פאַרדעקטן קעסטל וואָס איז געשטאַנען אויבן־אָן. פּאַוועל האָט אויפגעהויבן אַן עק פון ברעזענט. דאָס קעסטל איז געווען מיט אַן אייזערנעם באַנדעראָל. אין די שלייפן האָט אים געפּרעסט ווי ער וואָלט צוגעדריקט דעם קאָפּ צו אַ פעלדז.

עס איז שוין טונקל און אין דאָרף צינדט מען אָלץ ניט קיין ליכט. פאַר וואָס לייגט מען דאָרט ניט קיין פייערלעך אין די שטיבער? וואָס איז געשען? פאַר וואָס פאַרשפּעטיקן זיי היינט מיט די לוסטיקע אָוונט־פלעמלעך? אפשר זעט ער זיי ניט? זיינע אויגן זענען פאַרלאָפן מיט טרערן! ער קען דעריבער ניט זען. וואָס האָט אים געמאַכט גראָד היינט אַזוי טרויעריק און אומרויק? אפשר די שפּאַטרייד פון אויפזעער וועגן ליימשטיין, אפשר דאָס שפּאָטישע געשמייכל פון מאַהאַדי? און אפשר דאָס קעסטל דינאַמיט וואָס ליגט דאָ לעבן אים, אינעם ביידל פון דער שטיינ־האַקעריי? היינט איז עס ניט ווי אין די פריערדיקע נעכט. ער קען ניט אונטערשיידן דעם פויגל־געצוויטשער, ער הערט ניט דאָס קייקלען זיך פון די קליינע קיזלשפּליטערס, ניט דאָס ברעכן זיך פון די טרוקנצווייגלעך אין אָוונט־ווינט. עס יאָמערט אין די אויערן אַזאַ פאַרטויבנדיק געוויין, אַן ענלעכער צום אייזל־געוויין וואָס ער האָט דערהערט פּלוצעם אין יענער רגע. ער איז צוריקגעקומען, דער אייזל־געוויין, אַזוי ווי עס קומט צוריק דאָס אייגענע קול וואָס שלאָגט זיך אָפּ אין חלל.

איצט איז שוין פינצטער. אַ וואָלקן נידערט איבער דער שטיינהאַ־קעריי און זיין שאָטן פאַלט ווי אַ טויטן־דעקטוך איבער זיין קאָפּ. די לבנה, אַ קיילעכדיקע קאָלערט זיך אויפן באַרג און באַלייכט די קאַרליק־קוסטעס. זיי זענען ווי די נאַכטבליצן שאַרף.

אין האַלבנאַכט איז דער וואָלקן אַוועק פון דער שטיינהאַקעריי און פאַרהאַלטן זיך ביים דאָרף. גראָד דעמאָלט איז פּאַוועל געקראָכן אויף די הענט צום מערבדיקן באַרגראַנד. פון דאָרט זעט מען די נאַכטיקע ווייט. ער האָט זיך געקנוילט ביי שטיקער שטיין, געפּרוווט זיך אָנהאַלטן

אָן נאַקעטע וואָרצלען. דאָ איז קיל. דאָס נאַכטווינטל פרישט אָפּ, נאָר די שלייפן זענען איינגעפרעסט ווי ער וואָלט דעם קאָפּ געוואָלט דורכשפּאַרן דורך אַ שמאָלן שטיינערנעם דורכגאַנג. ער קאָן אַזש ניט אָטעמען פון דער שלייף־ענגשאַפט.

איינצלנע פלעמלעך זעט מען אין דערפל, די פלעמלעך צאַנקען אויף אין יענעם ראַנד ווו עס לאָזט זיך שיף אַראָפּ דער באַרג. דאָרט ווינען די תּימנער. דער שטיין איז קיל. אַ טוי נידערט איבער די בערג. ער פילט די פייכטקייט מיט די פינגער. די ליפּן זענען טרוקן און די אויגן פלעמלען. גוט איז דאָ אויף דעם שפּיץ פון באַרגראַנד. מאָרגן וועט דער פעלדז שוין ניט זיין. ער וועט ליגן אַ צעשאָטענער אונטן אין טאָל און דער באַגער מיטן שטאָלענעם אָרעם וועט זיך אויפהייבן און אַראָפּלאָזן איבערן צעריסענעם פעלדזנלייב.

ה

אין דערפל איז געוואָרן שטיל. דאָס איז געווען די שטילקייט וואָס באַפאַלט די בעלי־חי מיטן אָנקומען פון דער נאַכט־פינצטערניש. דער אומרו זייערער פון צווישן טאָג־און־נאַכט האַלט לאַנג ניט אָן. ער פאַרגייט צוזאַמען מיט די פאַרנאַכטיק בלאָע באַרגשאָטנס. אַנדערש איז מיט מענטשן; די פייערלעך לעשן זיך. ערגעץ ווו צאַפּלט נאָך אַ פלעמל, עס וויגט זיך אַ טיר און אַנטפּלעקט שפּעלטלעך ליכט, די מענטשן הערן זיך איין אין יעדן שאָרך וואָס קומט פון די שטעלעכלעך, אין יעדן געציטער פון די קוסטצווייגן, זיי ליגן אויף די אָרעמע געלעגערס מיט אָפענע אויגן, אָנגעשפּיצטע אויערן און אָטעמען אומרויק. ווידער אַ געשאָרך אינעם אַלטן באָקסערבוים, ווידער ברעכן זיך די באַרגגראָזן, ווידער וויגט זיך דעם שכנס טירל. איז אַלץ אַזוי ווי נעכטן, אָדער דאָס זענען גאָר אומבאַ־קאַנטע נאַכט־סימנים? ווער גייט דאָס דאָרט אין דער נאַכט? די מענטשן שטייען באָרוועסע פאַר די פאַרהאַנגענע פענצטערלעך און קוקן דורך אַ שפּעלטל אַרויס צו די בערג. אַ מאַמע דריקט צו דער ברוסט אַ קינד און וויגט זיך אַ פאַרשאָטנטע. זי שעפּטשעט צום קינד. עס איז גאָרניט געשען. ביי אַ שכן ברענט שוין די נאַפטלאָמפּ. אויפן וועגל זעט מען דאָס

שאַרפע ליכט פון אַן אויטאָ. דאָס ליכט שפּרינגט אַרום איבער די באַרג־רוקנס, שניידט גאַנצע פּאַסן פינצטערניש. ערגעץ ווייט האָט אַ שאָס געטאָן. דאָס איז אַ פרייליך שיסעריי. ס׳האָט אוודאי אַ שומר אויסגעשאָסן כדי זיך צו דערהייטערן. זאָל מען וויסן אַז ער איז דאָ, אַז ער הערט און זעט און איז גרייט.

אַ לאַסטוואָגן האָט אַ קלימפּער געטאָן. מאַהאַדי איז געקומען. זיין לאַסטוואָגן קלימפּערט פון די אַלערליי קייטן און לײדיקע פעסער. גיזעלאַ איז צו צום פענצטער. דאָס שאַרפע אויטאָליכט האָט אַרומגענישטערט צווישן די שטיינער און מיט אַ מאָל באַלויכטן די פּאָדערשטע וואַנט מיטן פענצטערל. זי האָט זיך אַזש צוריקגעצויגן פונעם ליכט וואָס איז געפאַלן אויף איר. זי האָט ניט געזען מאַהאַדיס פּנים. ער האָט זיך געפּאָרעט ביי די הינטערשטע רעדער. ער איז אַ ריז, דער מאַהאַדי, זיינע הענט זענען גרויסע און שטאַרקע. נעכטן האָט ער ווידער געטריבן חמדהן. זי איז אים נאָכגעגאַנגען ווי אַ שאָטן. ער האָט הייזעריק געשריען אויף איר. תּמיד שרייט ער אויף דער אָרעמער חמדה. זיין פּנים ווערט בייז, מיט לאַנגע טונקעלע קאַרבן און פון די מוילווינקלען זעצט אַ שוים. גיזעלאַ האָט אַלץ געזען; זי איז געשטאַנען אויף דער שוועל. פאַר נאַכט איז ער פאַר־ בייגעגאַנגען נעבן גיזיס שטוב. דאָס איז שוין געווען אַ צווייטער מאַהאַדי מוראַד. זיינע בלאָע אויגן האָבן גוטמוטיק געשמייכלט און אַ מילדקייט געמישט מיט הכנעה איז געווען אויסגעגאָסן אויף זיין רוי פּנים. זי האָט הנאה געהאַט פון זיין הכנעהדיק שטאַמלען, פון זיין פאַרלוירנקייט. אַזאַ ריזיקער גוף, אַזעלכע גרויסע געזונטע הענט, אַזאַ פּנים פון אַ טיגער — און הכנעה.

גיזעלאַ האָט געהאַט דאָס זעלביקע געפיל וואָס עס האָט אַ חיה־באַצווינגער ווען ער דערזעט נעבן זיין פּנים דעם באַצוווּנגענעם טיגער און דערפילט אויף זיין הויט דעם הייסן חיהשן אָטעם.

זי האָט אָנגעצונדן דאָס נאַפטלעמפּל. מאַהאַדי האָט אויסגעלאָשן ס׳ליכט פון אויטאָ.

חמדה האָט זיך געשאַרט צווישן די פעלדזן. זי האָט זיך באַהאַלטן לעבן קוסטעס, געזען ווי דאָס ליכט פון מאַהאַדיס לאַסטוואָגן שפּרינגט איבער גיזעלאַס שטיבל. די קינדער שלאָפן שוין. זי איז געלאָפן צום עק פון דערפל. מאַהאַדיס וואָגן האָט זיך דאָרט פאַרהאַלטן. דאָרט שטייט דאָס הייזל פון דער אשכנזישער משפּחה. זי האָט געריסן אויף זיך דאָס קלייד און געלאָפן אַ באָרוועסע. זי איז אַרויפגעפאַלן אויף די שטעכקוסטעס, אַראָפּגעלאָזט זיך מיטן ציגנוועגל נעבן שמאָלן שאָסיי און געוואָלט ווי אַ באַרגאָדלערין אַ וואָרף טאָן זיך אויף מאַהאַדין. וואָס נענטער זי איז צוגעקומען צום שטילן הייזל אַלץ געפאַלענער איז זי געוואָרן. זי האָט מורא געהאַט פאַר מאַהאַדיס צאָרן.

חמדה האָט געלויערט פון הינטער די שטיינער אָפּער אויף זיין יעדן קער און אַז ער איז אַרויף צום קליינעם שטיבל איז זי אים נאָכגע־גאַנגען ווי אַ שאָטן, דערנאָך האָט זי אַריינגעקוקט אין פענצטערל. מאַהאַדי איז געשטאַנען ביי דער טיר און אין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ גלאָז וואַסער. און אַז גיזעלאַ איז צוגעגאַנגען צום פענצטער און דערזען חמדהס צעשויבערטן קאָפּ האָט זי אַ געשריי געטאָן. חמדה איז געלאָפן מיטן וועגל. אומעטום שאָטנס, שאָטנס פון שטיינער, פון קוסטעס, שאָטנס פון מאַהאַדיס פויסטן. ער האָט איר אוודאי געזען. ער וועט קומען אין האַלבנאַכט אַ באַזויפענער.

ווער יאָגט עס איר נאָך? דאָס איז דער אייגענער שאָטן. איצט לויפט ער פאַר איר, דער שאָטן, פריער איז ער איר נאָכגעלאָפן. וווּהין לויפט זי? דאָס איז דאָך ניט דער וועג וואָס פירט אַ היים!

חמדה האָט זיך פאַרהאַלטן און אַרומגעקוקט. זי האָט דערזען לעבן זיך דאָס ליכט פון נאַכטוועכטערס ביידל. דאָס איז דאָך די שטיינהאַקערײַ. זי איז געלאָפן צום ליכט פון פאָנאַר. די באָרוועסע פיס האָבן איר וויי געטאָן. זי איז געפאַלן אויף גרודעס שטיינער און אויסגעוואָיעט אין דער נאַכט אַריין:

— אָהאָ! שומר! אָ—אָ—אָ—אָ!

איר קול האָט געציטערט אין די בערג, געוויגט זיך ווי דאָס געוויין פון שאַקאַלן.

פּאַוועל איז געזעסן אויפן שפּיץ פון דער פעלדזנוואַנט וואָס האָט געדאַרפט אויפגעריסן ווערן. נעכטן האָט דאָ אַרומגעהיפּט דער אויפזעער פון דער שטיינהאַקעריי. די פייערלעך אין דאָרף האָבן זיך געלאָשן. פּאַוועל האָט געזען ווי מאַהאַדיס אויטאָ האָט באַלויכטן אַ טייל פון דאָרף און ווידער איז אים אויסגעקומען אַז דאָס איינצלנע פייערל וואָס האָט זיך ערגעץ אָנגעצונדן קומט פון זיין שטוב. איז דאָס נאָר אויסדאַכטעניש?

— אָהאָאָאָ!

ווער שרייט עס אַזוי?

ער האָט זיך איבערגעבויגן איבערן פעלדז און געזען אַ שאָטן אויפן האַצאַץ־בערגל. דער שאָטן האָט זיך אומרויק געוויקלט.

— שומר! אָאָאָהאָאָאָ!

דאָס איז אַ פּרויענשטים. ער איז צוגעפאַלן מיט דער ברוסט צום שטיין און איינגעהאַלטן דעם אָטעם. ווער קען דאָס זיין? זיינע אויגן האָבן דורכגעבויערט די פינצטערניש.

— אָאָהאָאָ! פּאַאַוועעל!

ער האָט זי דערקענט לויטן קול. דאָס איז דאָך חמדה דאָס ווייב פון מאַהאַדי.

— חמדההה! מה יש?

אירע פאַרשאָטנטע הענט האָבן געריסן זיך צום פעלדזנשפּיץ. זי האָט געוואָיעט.

— טרייב מאַהאַדין פון דיין שטוב! פאַרטרייב אים! האָסט ניט קיין ווייב! אַ שלאַנג איז זי דיר! אָאָהאָאָ שומר!

איצט האָט זי שוין הויך געוויינט.

חמדה איז אַוועק אומבאַמערקט, אַזוי אומבאַמערקט ווי זי איז געקומען. פּאַוועל האָט דערקענט איר אַוועקגיין לויטן געוויין וואָס האָט זיך געהאַלטן אין איין דערווייטערן.

ער איז געלעגן אַ פאַרחלשטער מיט אַרויסגעזעצטע ווייסלען צום נאַכטיקן הימל. ווען עס האָט אָנגעהויבן צו שאַרייען האָט ער זיך געוואָלט אויפשטעלן און ניט געקענט. ער האָט זיך געקייקלט אויף אַלע פיר ביז ער איז דערקראָכן צום צעקנאָדערטן פייגנבוים. ער האָט געוואָלט

אַראָפּלאָזן זיך מיטן פעלדזנשפּאַלט און דערגיין צום וועג און פון דאָרט צום דערפל. לעבן פייגנבוים האָט ער זיך אָפּגערוט. ער האָט זיך געוואָלט פאַרקלאַמערן אָן אַ קוסט. אַ וואָרצל האָט זיך אַרויסגעריסן פון דער שטיינערנער ערד און פאַוועל האָט זיך אַ קייקל געטאָן, ער איז געפאַלן מיטן אַרויסגעריסענעם קוסט אין אַן אָפּגרונט. דאָס איז געווען דער פעלדזנבעקן. ער איז געפאַלן מיטן פּנים אַרויף. ער איז שוין ערגעץ ווו אַזוי געלעגן אַ צוגעגאָגלטער צו אַ שטיינערנעם ברוק. ווען איז דאָס געווען? ניין! דאָס איז נאָך ניט געשען! דאָס געשעט דאָך איצט! אין דער רגע. ער ווייס אַלץ וואָס עס וועט זיין. ער קאָן שוין דעם אויפ־טרייסלענדיקן הילך וואָס וועט אים אַ וואָרף טאָן און צוריק צונאָגלען צום שטיין. אין אים וועט זיך עפּעס אָפּרייסן. דאָס מויל וועט פאַרהאַקט זיין און דאָס האַרץ וועט צעריסן ווערן און אַז ער וועט וועלן עפענען די אויגן וועט אַ בליאַסק טאָן אַ חלפימדיק פייער און דערנאָך וועט ווערן נאַכט, אַ שטאָק פינצטערע נאַכט, אַ נאַכט איבער דער חרובער סמאָלענסק... דערנאָך וועט ער ליגן אַ געפענטעטער און גלאָצן מיט די מאַטע אויגן צום ווייסן סופיט פון לאַזאַרעט... אָ, ווי ער ווייס פריער אַלץ וואָס עס וועט געשען... ווי ער פילט דאָס אויס... פאַר וואָס איז דער שטיין אַזאַ מילדער, אַזאַ טויאיקער, אַזאַ קילער... די קוסטעס זינגען איבער זיין קאָפּ... ער וועט זיך לייכט אויסבויגן. אָט אַזוי. ווי שווער עס קומט אים אָן. די הענט ציטערן. איצט דאַרפן זיי ניט ציטערן... זיי דאַרפן קלאַמערן די ביקס... ער דאַרף פילן נעבן זיך דעם רימען מיט די גראַנאַטן... באַלד וועט ער דאַרפן דריקן אין האַנט אַזאַ קליינע שטאָלענע פויסט די גרייס פון א ציטרין... ער וועט עס אַ שלידער טאָן... אַזוי ווי דעמאָלט... פון וואַנען די געליימטקייט פון די הענט? ווען איז דאָס געשען?

פאַוועל האָט לאַנג געשטאַמלט, ער האָט פאַרלאָרן די פעדעם וואָס האָבן צונויפגעקנופּט זיינע מחשבות. אַ פּחד איז אים באַפאַלן. דאָס איז געווען דער פּחד פאַרן חלל אין וועלכן ער איז געשליידערט געוואָרן. ערגעץ זינקט ער. ער קלאַמערט די הענט און טרעפט אָן לײדיקייטן.

ווער שרייט דאָס? ווער רופט עס אַזוי אומהיימלעך? ווער איז דאָס פאַרבייגעלאָפן לעבן אים און אים אויסגעמיטן?

אַ לויערנדיקע שטילקייט איז באַפאַלן די בערג.

און פּלוצעם האָט זיך דער פעלדזנבעקן אַ וויג־געטאָן. אין די בערג האָט זיבנפאַכיק אָפּגעהילכט אַ פאַרטויבנדיקער אויפרייס. אַלע וואָלקנס פון דעם פאַרטאָגיקן הימל זענען געפאַלן אויף דער שטיינהאַקעריי און פאַרהילט דעם שטיינערנעם באַרג פון שפּיץ ביזן צופוסנס. די וואָלקנס זענען געוועזן שוואַרצע און געוויקלט זיך ווי שוואַרץ־כוואַליענדיקע וואַסערן.

פאַוועל האָט געשטרעקט די הענט איינצוהאַלטן דעם וויגנדיקן פעלדזנבעקן. ער האָט זיך געקלאַמערט אָן די שטיינווענט, געזוכט מיט די פינגער אָן אָנהאַלט. זיינע פיס האָבן זיך געוויגט אין חלל. אים האָט זיך געדוכט, אַז ער הענגט אין דער לופטן און אויב ער וועט ניט איינקלאַמערן די הענט אין אָט דעם שפּיציקן שטיין וואָס זיינע פינגער האָבן דערפילט וועט ער פאַלן אין אַן אָפּגרונט, אין די שוואַרץ־צעבושעוועטע וואַסערן וואָס שרייען צו אים אַרויף. ער וועט פאַרזונקען ווערן אין אַן אייביקער חשכות. נאָך אַ ווײַלע און אויס. מיט אַ מאָל האָט ער דערפילט אין זיינע פינגער לעבן. ביידע הענט האָבן זיך איינגעצוואַנגט אינעם פעלדז. די פיס האָבן געפונען אַן אָנשפּאַר. זיינע אָדערן האָבן זיך אָנגעצויגן ווי סטרונעס און די מוסקלען האָבן זיך אָנגעגאָסן מיט בלוט.

פאַוועל האָט אַ געשריי געטאָן. אַ פּאַס זון האָט אויפגעלויכטן איבערן קאָפּ. די פינצטערניש איז צעריסן געוואָרן. דאָס האָט זיך דער שטויבנעפּל נאָכן אויפרייס געזעצט. אין דער נידער איז געלעגן דער אויפגעריסענער מערבדיקער באַרגראַנד. פאַוועל האָט געקוקט צו דער שטיינהאַקעריי. פּאַמעלעך האָבן זיך גענומען אויסטיילן די אויפגעריסענע שטיינער. עס האָט געטראָגן זיך פון זיי אַ טרוקענער שטיין־ריח אויסגעמישט מיט שוועבל. איצט האָט שוין דער שטיינברוך געלויכטן מיט אַן אייגן ליכט, אַ מאַטס וואָס איז געקומען פון די פריש־געשפּאָלטענע שטיינער, אַ בלאָלעך ליכט. און מיט אַ מאָל האָט פאַוועל דערהערט אַ שטילן ניגון. אַ ניגון פון די אויפגעריסענע שטיינער, די וואָס זענען באַפרייט געוואָרן פון געפּענטעטקייט... זיי זענען אָפּגעריסן געוואָרן פון באַרגנאָפּל... איצט וועלן זיי לעבן זייער אייגן שטיינערנעם לעבן... ערגעץ

אויף די מידבר־שאָסייען... און ער האָט מיט זיי מיטגעזונגען. עס האָבן געזונגען די אויפגעוואַכטע מוסקלען... פּאַוועל האָט געפּרוווט זיינע הענט, פאַרביילט די פויסטן און זיך געקלאַפּט אין דער ברוסט אַריין. זיי לעבן! זיי לעבן!ביידע פויסטן לעבן! ער האָט ניט געשפּירט קיין ווייטיק, ניט פון צעריסענעם פּנים, ניט פון די צעקאַליעטשעטע הענט. דאָס איז גאָרניט. עס וועט זיך פאַרהיילן...

זיינע ערשטע טריט זענען געווען וואַקלדיקע. ער האָט זיי ניט געטרויט. מיט הענט געשטרעקטע פאָרויס איז ער אַראָפּ פון באַרג. ער איז ניט געגאַנגען צו דער שטיינהאַקעריי. דאָס וועגל האָט זיך געשלענגלט צום דאָרף. ער מוז דאָרט זיין וואָס פריער. ער האָט געוואָלט לויפן און איז געפאַלן. ערשט איצט האָט ער דערזען אַז זיינע קליידער זענען צעריסן.

וואָס איז מיט אים געשען? פון וואַנען דאָס אומרויקע אויפצאַפּלען פון זיינע שלייפן? פון וואַנען די היץ וואָס שלאָגט פון זיינע הענט, פון לייב?

ווען ער איז צוגעקומען צום קליינעם שטיבל האָט ער דערזען אין פענצטער גיזעלאַן. ער האָט זיך דערמאָנט. אַזאַ ווייטיקדיקע קלאָר־קייט. ווען איז דאָס געשען? נעכטן? אַ שאַרף אויטאָליכט האָט באַלויכטן די פאָדערשטע וואַנט... דערנאָך האָט זיך אין זיין פענצטערל אָנגעצונדן אַ פלעמל... דערנאָך האָט חמדה געשריען אין דער שטיינהאַקעריי... ער איז פאַרזונקען געוואָרן אין חשכות... ווידער אַן אויפרייס, דער אויפרייס אין סמאָלענסק... ווידער געליימטקייט פון גוף ביז ער האָט דערזען דאָס ליכט פון די שטיינער און דערהערט דעם ניגון זייערן, ערשט דעמאָלט האָבן זיך זיינע אָדערן אָנגעגאָסן מיט לעבן.

— אָ, פּאַווי, ווי דו האָסט צעריסן דאָס פּנים! וואָס איז געשען, פּאַווי?

ער האָט געשוויגן. זיינע פויסטן האָבן זיך געביילט. די אויגן זענען פאַרלאָפן געוואָרן מיט טרערן.

— דו ביסט אַליין געקומען.. גוט פּאַווי... אַליין געקומען... דו וויינסט... פאַר וואָס וויינסטו, פּאַוועל! פּאַווי!

ער האָט זי פּלוצעם אַ נעם געטאָן פאַר די אַקסל מיט ביידע הענט. גיזעלאַ האָט דערפילט ווי זיינע פינגער נעמען זי אַרום ווי צוואַנגען. זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן דיל און אירע הענט האָבן אַרומגענומען זיינע פאַרשטויבטע פיס. גיזעלאַ האָט געוויינט.

— דיינע הענט!... פּאַווי... דיינע הענט... דו ביסט געזונט!...

זי איז צוגעפאַלן מיט די ליפּן צו זיינע צעריסענע קליידער. ער האָט איר געוואָלט אָפּשטויסן פון זיך און פאַרביילט די פויסטן. זי איז אויפגעשפּרונגען און איינגעקלאַמערט זיינע פויסטן ביי אירע בריסט. גיזעלאַ האָט געוואַרט אַז פּאַוועל זאָל אַנטפּלעקן זיין אויפגעוועקטן כוח.

ביים מיטאָג האָט ער האַלב פאַרשעמט געזאָגט:

— דוכט זיך אַז דו האָסט געצונדן אַ פּייערל שפּעט ביי נאַכט...

גיזעלאַ האָט לאַנג געשוויגן. ערשט שפּעטער האָט זי אויסגעשעפּטשעט:

— עס איז אַזוי טרויעריק געווען. אָ, דאָס ליכט? דאָס איז דאָך מאַהאַדי פאַרבייגעפאָרן...

מער האָבן זיי וועגן דעם ניט גערעדט.

פאַר נאַכט זענען זיי געשטאַנען ביים קליינעם פענצטערל און געקוקט צו דער שטיינהאַקעריי.

## א

שוין דעם דריטן טאָג ווי עס האַלט אָן דער חאַמסין. דער ריצנ־קוסט האָט פאַרוויקלט די בלעטער און איז באַדעקט געוואָרן מיט גראָען שטויב. די מיסטגראָזן ביי די וועגן זענען מיט איין מאָל פאַרגעלט געוואָרן. אײַן מיט פון די זאַמדוועגלעך פרייכן די יאַשטשערקעס און עפענען די מיילער צו דער אָפּגעבליאַקעוועטער זון. די קאָליריקע זינגפייגל, וואָס האָבן געוועקט אין די פאַרטאָגס מיט אָן אַלט היימישן פויגלגעזאַנג, זענען נעלם געוואָרן. עס האָט זיך באַוויזן עפעס אַ מין גראָער, דריבנער קוסטפויגל מיט צעשויבערטע פעדערן, ער פילט אָן דעם חלל מיט אַ טרוקענער גרילצעריי, ווי מען וואָלט ערגעץ ניט ווייט געטראָטן אויף טרוקענעם צווייגאָפּפאַל. די צעכראַסטעטע גרעגעריי האַלט אָן אַ גאַנצן טאָג, און אַז ס׳געשעט פלוצעם אַן איבעררייס, ווייל נאָענט האָט זיך אַ שפּאַרבער פאַרבייגעטראָגן, דאַכט זיך שוין אויס, אַז עס פעלט עפעס, אַז אָן דער צעשורפּעטער פויגלשער געצוויטשעריי קאָן דער טאָג ווייטער ניט אָנגיין, אַז די פלוצעמדיקע שטילקייט מוז מיט עפעס אויסגעפילט ווערן און מען קאָן ניט לאָזן דעם טאָג אויף הפקר. דעמאָלט באַפאַלן דעם מענטשן אַלערליי מחשבות. זיי שרויפן זיך אַריין אין דעם שאַרבן אַזוי ווי אַ גרייצער, און וואָס אַמאָל פאַרנעמען זיי מער שטח, און קאָנסט זיך פון זיי ניט באַפרייען. ערגעץ ווו האָסטו געלאָזט אַמאָל פאַלן אַ וואָרט, פלאָנטערט עס זיך איצט אין דיר אָן אַ צוזאַמענ־בונד. טראַכטסט וואָס ס׳איז געווען נעכטן און אייערנעכטן און וואָס עס קאָן זיין מאָרגן. עס אַרט דיך דער געסקריפּ פון אַ טיר און דער געזשום פון אַ פליג. אַ פאַרדאַרטער צווייג איז באַזעצט מיט ווייסע שנעקעס, זיי

בלענדן אין דער זון ווי פּערלמוטער. אפשר זיי אויפּצילען אויף די פּאַר־פלאַנטערטע פעדעם פונעם שפּינגעוועבס וואָס פאַרבינדט די דאָרנ־קוסטעס ?

איך ליג אויף מיין בעטל און האָב מורא זיך אַ ריר צו טאָן, אפילו די וויעס קאָן איך ניט פאַרשליסן. יעדער קער מיינער שלאָגט אָפּ מיט טויזנט עכאָס און רייסט אויף די אויערן־וועגטלעך, לעכערט דעם שאַרבן.

נאָך מיטאָג איז געוואָרן ווינטלדיק. איבערן זאַמדוועגל גייט אַ מענטש. איך הער זיינע טריט. ער גייט לענגאויס דעם קאַקטוספּלויט, האַרט לעבן די שטעכלבלעטער. כ׳דערקען דאָס לויטן געסקריפּ פונעם טרו־קענעם סאַברע־אָפּפאַל אויף וועלכן דער מענטש גייט.

ווער איז דער מענטש, אַ פרעמדער אָדער איינער פון די שכנים ? פאר וואָס שפּאַנט ער אַזוי נאָענט פון די סאַברעס ? זעט אויס אַז ער זוכט שאָטן. די זון שטייט נאָך הויך און די שאָטנס זענען קליין און שפּרייטן זיך האַרט ביים סאַברע־גדר. דער מענטש איז אוודאי מיד. איך דערקען דאָס לויט די פאַמעלעכע טריט. דאָס געסקריפּ פון דעם מענטשנס טריט ווערט נענטער און נענטער. פון יענער זייט פּלויט רופט עמעץ. דער פרעמדער שטייט לעבן טירל און שפּאַרט זיך אָן אין מויער.

— קאָן איך באַקומען אַ טרונק ?

זיין שטערן איז באַזעצט מיט טראָפּנס שוויס, די ליפּן ציטערן אים.

— קומט אַריין, — זאָגט צו אים מיין פרוי.

— ניין, מ׳דאַרף ניט... אַ דאַנק אייך... איך וועל נאָר אַ טרונק טאָן און גיין ווייטער.

ער האָט מיט איין שלונג אויסגעטרונקען דאָס גלאָז וואַסער און זיך אַוועקגעזעצט צופוסנס פון טירל.

— ווי רופט מען די שכנטע, אָט פון דעם הויז ?

— פרידאָווע, רופט מען די שכנטע.

— און אויפן פאָרנאָמען ?

— דינה.

— דינה? — האָט דער פּרעמדער פּאַרשנדיק געקוקט און גע־קנייטשט דעם שטערן ווי ער וואָלט זיך געוואָלט דערמאָנען עפּעס אַ ווייטע האַלב־פאַרגעסענע מעשׂה.

— אַזוי גאָר? דינה? — האָט ער חידושדיק געשעפּטשעט.

— איר דאַרפט צו דער שכנטע?

ער האָט אויף דער פּראַגע ניט געענטפערט.

איך האָב געהערט זיינע טריט אין זאַמד, זיי האָבן זיך פאַמעלעך דערווייטערט, ביז עס האָט זיך מיט אַ מאָל אָנגעהויבן דאָס צעשורפּעטע פייגל־גרעגעריי, אַ געצוויטשעריי און זעגעריי ווי פון טרוקענע ריטלעך. כ׳האָב גלייך שלום געמאַכט מיט דעם בלעכערדיקן געסקריפּ. עס האָט פאַר מיר אָנגעזאָגט די בשׂורה פון אַ פייגליש לעבן וואָס ווימלט ניט ווייט אין די טרוקענע גראָזן. הייסט דאָס, אַז דער חאַמסין איז שוין באַלד אַריבער. דאָס ים־ווינטל האָט אויפגעמונטערט די פייגל, אַריינגעגעבן לעבן אין די שיקמה־צווייגן. אַ קילער אָטעם האָט אַ הויך געטאָן. איך דערשפּיר די קילקייט אויף מיינע קינבאָקן.

איך לייען ווידער די שורות וואָס כ׳האָב אַנומלט אָנגעשריבן, וועגן אַ פּרדס וואָס איז באַלאָדן מיט גאָלדענע פּירות און אויף צווייגן־שפּיצן שפּראָצט ווייסער צוויט. איך לייען שוין צום הונדערטסטן מאָל מיינע אייגענע שורות און קאָן זיי ניט פאַרענדיקן. אין שטוב איז שטיל. פון צייט צו צייט הער איך די שטילע טריט פון מיין פרוי, וואָס פאַרעט זיך ערגעץ אין אַ זייטיקן צימער. אייגנטלעך וואָלט איך פאַרענדיקט מיט נאָך אַ שורה וועגן פאַרזיגלטן קרייז, אַרום וועלכן עס באַוועגט זיך אַלץ, בליאונג און צייטיקייט, וועלקונג און בליאונג. נאָר אין מיט פון די טראַכטענישן איז אין הייפל אַריינגעפאַלן מיט געטומל די שכנטע פרידאָווע.

— וואָס זאָגט עץ ניט צו דער היץ, פייער פון הימל! מיך אַרט עס אָבער ניט! נאָר געאַרבעט, שכנטע... מ׳דאַרף אַרבעטן אַזוי ווי יעדן טאָג, פאַרגעסט מען אַז ס׳איז הייס!...

זי האָט גערעדט האַסטיק, אַ וואָרט נאָך אַ וואָרט. לויטן טאָן

האָב איך דערקענט, אַז דאָס איז דער אַריינפּיר צו אַ שמועס. איך האָב דאָס אויך דערקענט לויט דעם אומרו פון אירע אויגן.

היינט איז זי ניט געקומען ווי אַלע מאָל, אַ צעשמייכלטע. מיט צוגעלאָזטע רייד. ניין, דאָס מאָל האָט זי געפיבערט מיט עפּעס אַן אומבאַקאַנטן פאַר מיר אומרו.

די פרויען זענען געבליבן אין זייטיקן צימערל און זיך געשושקעט. איך האָב אַוועקגעלייגט מיין העפט און זיך אויסגעקערט מיטן פנים צו דער וואַנט.

ווידער געפּטרט אַ טאָג. אַהאָ, זיי קאָנען דאָס אָפּמוטלען...

איך האָב ווידער גענומען מיין העפט, געלייענט. דאָס שושקעריי האָט מיך מער ניט צו רו געלאָזט. גערעדט האָט אַלץ די שכנטע. זי האָט געשעפּטשעט שנעל און אָפּגעהאַקט. וויפל איך האָב ניט געוואָלט הערן זענען מיך די רייד באַפאַלן ווי בינען. אירע ווערטער זענען געוואָרן וואָס אַ מאָל מער אויפגעבונדן. איצט האָט זי שוין גערעדט פריי.

דאָס געשפּרעך האָט זיך געדרייט אַרום דעם פרעמדן מענטש, וואָס איז ניט לאַנג צוריק געווען ביים טירל און געבעטן אַ טרונק וואַסער.

— וואָס האָט ער געזאָגט? — האָט זיך געפרעגט די שכנה, פאַרלייגנדיק דערביי די הענט אויף דעם פאַרקעמטן קאָפּ. — האָט ער זיך ניט געפרעגט אויף מיר?...

— ער האָט צוערשט געבעטן אַ טרונק...

— און דערנאָך...

— געפרעגט ווי מען רופט אייך.

— אַזוי? און וואָס האָט איר דערויף געזאָגט?

עס איז אַ ווײַלע שטיל געוואָרן און אין דער שטילקייט האָב איך געהערט מיין פרויס קול, אַ שטילס און צוריקגעהאַלטנס.

— ווער איז דער מענטש, זעט אויס איר קענט אים?

— צי איך קען אים... אוודאי קען איך אים!

די שכנטע האָט געשטעלט אַ טראָט און אַ זאָג געטאָן:

— דאָס איז דאָך מיין ערשטער מאַן.

איך האָב נאָר געהערט דעם פֿאַרחידושטן „אוי״ פֿון מײַן פֿרוי. די שכנה איז אַרויס אין הייפֿל און אונדזערע בליקן האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפֿן.

— איר חידושט זיך? דאָס איז טאַקע דער מאַן מײַנער וואָס איז פֿאַרפֿאַלן געוואָרן אין רוסלאַנד און איז דערנאָך געקומען אין לאַנד אַרײַן. ער איז שוין איין מאָל דאָ געווען גלײַך בײַ מײַן אָנקומען. כ׳האָב דעמאָלט געטראָגן מײַן חנהלען — פֿון צווייטן מאַן...

זי האָט אַ וויש געטאָן מיטן פֿאַרטעך די פֿײַכטע אויגן. אין צווייטן הייפֿל האָט געקוואָקעט אַ הון.

— אוי, דאָס איז דאָך אוודאי די געשפּריצטע, זי פּרעסט מיר אויף די אייער...

די שכנטע איז שנעל אַוועק.

אויף מײַן בעטל איז געלעגן דאָס העפֿטל אַן איבעריקס. איך האָב אַ קוק געטאָן אויף די עטלעכע שורות און עס איז מיר אַלץ אַזוי ווײַט און פֿרעמד געוואָרן. איך בין צו צום פֿלויט און געקוקט אויפֿן וועגל. דאָס געסל איז געווען לײדיק. איך האָב געזען די פֿרישע זאַמד־שפּורן פֿון דעם פֿרעמדן און דערנעבן די שפּורן וואָס עס האָט געלאָזט נאָך זיך די שכנה. אויף טייל ערטער האָבן זיך די פֿוס־אָפּדרוקן פֿון מאַן צונויפֿגעטראָפֿן מיט די קלײנע שפּורן פֿון דער פֿרויס טריט און בײַם סוף פֿון וועגל זענען זיי זיך צעגאַנגען אין באַזונדערע וועגן.

פֿאַר וואָס האָב איך זיך ניט ווי געהעריק אומגעקוקט אויף דעם מידן און מאַטן מאַן, וואָס איז אָקערשט געשטאַנען בײַ מײַן הויז? ניט אַרויסגערעדט צו אים קיין מילד וואָרט? געלאָזט אים אין דער חמימה וואָגלען איבערן געסל?

וואָס איך זאָל דעם נאָכמיטאָג ניט טאָן, האָב איך אַלץ געהערט דאָס גערייד בײַם גאָרטנטירל, דאָס שושקען זיך פֿון די צוויי פֿרויען. אייגנטלעך אַ מעשׂה ווי הונדערטער ענלעכע מעשׂיות און דאָך האָט דער שכנטעס בליק מיך אויפֿגערודערט.

ב

יעדן אין דער פרי גיי איך דורכן געסל צום אויטאָ. איך דערקען שוין לויטן שאָטן פון די סאַבערבעלעטער ווו דער טאָג האַלט, צי עס איז פרי אָדער שפּעט. ס׳רוב שכנים זענען שוין אַוועק ווען עס האָט נאָך געשאַריעט. זיי זענען אַרויס פון די קליינע גדר־טירלעך מיט גיכע טריט. כ׳ווייס, אַז אויף די שטיינשטיגלעך ביי דער וואַנט, ווו עס איז אַמאָל געווען אַ וואַסער־קאַרעטע, זיצט בוניע. ער טראָגט אַ הילצערנעם פוס. איין פוס, דער געזונטער, איז איינגעבויגן ביי דער קני און דער צווייטער, דער הילצערנער, איז שטייף און ליגט אַ ביסל זייטיק.

— וואָס וועל איך אים היינט זאָגן אַ חוץ דעם „גוט־מאָרגן". מיר ווילט זיך אים עפּעס זאָגן אַ וואַרעם וואָרט. עס דוכט זיך מיר שטענדיק, ווען איך גיי פאַרביי, אַז דאָס וואָרט ער אויף מיר פאַר זיין הייזל, וויל מיט מיר איינטענהן, און איך לויף אַזוי זייטיק פאַרביי. ביי טאָג, ווייל איך וויל זיך ניט פאַרשפּעטיקן צו מיין אַרבעט, און נאָך מיטאָג, ווען כ׳קום צוריק, איז הייס אין געסל און בוניע ליגט אין שאָטן פון תות־בוים אין זיין הייפל.

איין מאָל בין איך נאָענט צוגעקומען, אַריין אין הייפל און געזאָגט צו בוניען:

— גוט מאָרגן, שכן, לאָמיר אַ שמועס טאָן.

ער האָט צופרידן געשמייכלט. זיינע רייד האָבן זיך אויסגעמישט מיטן געסקריפּ פון הילצערנעם פוס. פון חדרל איז אַרויס זיין ווייב. זי האָט זיך אַ שטעל געטאָן אַנטקעגן אונדז און מיך אָפּגעמאָסטן מיט אַ בליק ביז אַראָפּ. דאָס איז געווען ניט דער בליק פון דער שושקענדיקער שכנה בשעת דעם באַזוך פון פרעמדן מאַן אין געסל. עפּעס האָט זיך געענדערט די שכנטע פרידאָווע.

זי האָט טיף געאָטעמט און דערביי אַ קרעכץ געטאָן. דער איינ־פיסיקער איז געוואָרן אומרויק און זיין פוס האָט בייז געסקריפּעט כאָטש ער האָט אים אפילו ניט גערירט פון אָרט.

איין מאָל אין אַ פאַרטאָג ווען איך בין געגאַנגען איבערן וועגל האָב איך געהערט קולות.

ביי דער שטיינערנער נישע איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט בוניע. די שכנטע פרידאָווע איז פון ערגעץ אָנגעקומען אַ פּאַרפּוצטע אין אַ יום־טוב קלייד. ער האָט געשריגן צו איר און געדראָט מיט דער פויסט. דאָס ווייב האָט אים אַריינגעלאַכט אין פּנים אַריין.

— גיי פון דאַנען! גיי! נעכט ניט געווען אין דער היים!

ער האָט דעם הילצענעם פוס צוגעהאַלטן מיט ביידע הענט. מיט אַן אַקסל איז ער געווען אָנגעשפּאַרט אָן דער וואַנט.

— כ'וועל דיך ניט אַריינלאָזן!... גיי פון דאַנען!...

דאָס ווייב האָט אַלץ געשמייכלט מיט אַ קאַלט גרויליק געלעכ־טערל. בוניע האָט זיך פּלוצעם אַ בייג געטאָן, געכאַפּט דעם הילצערנעם פוס אין ביידע הענט אַריין און געפּאָכעט מיט אים איבערן קאָפּ. ער האָט זיך עטלעכע מאָל אַ וואַקל געטאָן, די שוואַרצע האָרקרויזן זענען אים געפאַלן אויפן שטערן און פון מויל האָט געזעצט אַ שוים.

דאָס ווייב האָט זיך גערוקט אויף צוריק. דער הילצערנער פוס איז געפאַלן אין מיט פון געסל און טעמפּ אַ קלאַפּ געטאָן. בוניע האָט זיך האַסטיק אַראָפּגעזעצט אויף דער שטיינערנער שוועל און געוויינט.

אין געסל איז שטיל געוואָרן. פון א הייפל איז אַרויס אַ קליין קינד און חידושדיק זיך פאַרהאַלטן פאַרן נאַקעטן הילצערנעם פוס. דאָס איז געווען די קליינטשיקע חנהלע. זי האָט זיך אַרויפגעזעצט רייטן אויפן טאַטנס הילצערנעם פוס און אונטערגעטאַנצט פאַר פרייד.

— וויאָ! וויאָ!...

פון איין זייט איז געשטאַנען די מאַמע. אירע אויגן האָבן גע־פלעמלט, דאָ מיט בייזקייט און דאָ מיט מילדקייט. פון דער צווייטער זייט וועגל איז געזעסן בוניע און שטאַר געקוקט אויף זיין קינד און אַ מילד־קייט האָט גענומען לייטערן די בייזע קאַרבן פון זיינע אויגן־ווינקלען.

איך בין געבליבן אין מיט פון געסל און ניט געוווסט וואָס צו טאָן. אויסמיידן דעם שכן, גאָרניט זאָגן, אַדורכגיין ווי אַ פרעמדער?

זיין ווייב איז וואָס אַ מאָל נענטער צוגעקומען. זי האָט קענטיק איצט מער שוין ניט מורא געהאַט פאַר אים.

איך האָב געזען ווי בוניע קוקט אַזוי זייטיק אויף איר געשטעל, אויף די געזונטע פיס אירע, אויף איר פול און ברייט פנים.

— גיב מיר דעם פוס. — האָט ער שטיל געזאָגט.

— וואָסי, איך בין דאַאָן משרת?

זי איז שנעל אַריין אין הייפל צעפּראַלנדיק מיט רוגזה דאָס טירל.

איך האָב אויפגעהויבן דעם הילצערנעם פוס און אים צוגעטראָגן צו דער נישע און בין אַוועק צו דער אַרבעט.

ג

אין געסל שטייען איצט פולע שפּעט־זומערדיקע טעג. די גראָזן ברעכן זיך אונטער די טריט. די פּאָלין־זריעה מישט זיך אויס מיטן זאַמד־שטויב און דרינגט אַריין אין אַלע שפּאַרונעס. די טורקלטויבן פליען ניט אין די אָפענע הימלען, זיי נישטערן צווישן די פּאַראַיאָריקע גראָזן און זוכן די זריעה פון ווילד־האָבער. און די מענטשן? זיי זענען אין די טעג מיד און טרויעריק. אין די נאָכמיטאָגן קומט די שכנטע צו גיין. איך הער שוין איר גערייד. זי איז גאָר אַ צווייטע געוואָרן זינט דעם אָנקום פון פרעמדן אין געסעלע.

— עך האָט געזען, שכן, ווי מיין מאַן איז בייז... נעבעך אַ גע־שטראָפטער... וואָס בין איך שולדיק... זינט דעמאָלט ווען יענער איז דאָ געווען ביים פּלויט בעטן אַ טרונק וואַסער איז ער בייז געוואָרן...

זי האָט זיך פאַרהאַקט און ניט געוווסט ווי אַזוי אָנצורופן דעם מענטשן, זי האָט ניט געוווסט אויב זי זאָל אים רופן ביים נאָמען אָדער פּשוט זאָגן: מיין ערשטער מאַן.

— נו, איר ווייסט דאָך שוין, ווען איך מיין.

פּלוצעם האָט זי זיך אַ כאַפּ געטאָן, אַז ס׳קוואָקעט ביי איר אין הייפל אַ הון און דער מאַן אירער, בוניע, וועט ניט קענען גיין צו דער הינערשטייג אַרויסנעמען דאָס איי.

— אוי, אוודאי די געשפּריצטע... זי פרעסט אויף די אייער...

איך טראַכט, אַז אַזוי וועט עס זיין מאָרגן און איבערמאָרגן. די זון וועט אויפגיין און פאַרגיין. נאָך מיטאָג וועט אַ ווינטל אַ וויג־טאָן דעם ציפּרעס. ביין. עס וועט ניט רעגענען און ניט בליצן. די וואָלקנס זענען קיין וואָלקנס ניט, נאָר עפּעס אַ זיידענער שפּינגעוועבס וואָס צעשווימט אין די הייכן. די ביימער שטייען ווי אויסגעשניטענע פון אַ שטויביקן פּאַפּיר. ווידער וועט די געשפּריצטע הין קוואָקען און די שכנטע וועט לויפן צום הינערשטייג. אַזוי וועט עס זיך איבערחזרן טאָג נאָך טאָג, וואָך נאָך וואָך. בוניע וועט אַלץ זיצן אויף די שטיינערנע טרעפּ און עפּעס מייסטרעווען מיט אַ העמערל.

— גוט מאָרגן, שכן, וועל איך אים זאָגן.

— האָ, שכן, עס איז הייס? יענץ לענדעלע איז עס, הא?

אַזוי וועט ער אַ זאָג־טאָן און עס וועט ווידער שטיל ווערן. אַ גאַנצן טאָג וועלן זיך אַרומיאָגן די יאַשטשערקעס־אין זאַמד און פרייכן מיט די שטויביקע קרעלן, וואָס זענען באַזעצט אַרום זייערע מיילער. אין פאַרנאַכטן וועלן זיך די מענער זאַמלען ביי דער קאַפּע און קנאַקן יאָדערן, און אַז זיי וועלן מיד זען וועט עמעצער פון זיי פרעגן:

— שכן, וואָס שרייבט מען אין די גאַזעטן?

ווידער וועט זיך דעם איינפּיסיקנס וויב אַדורכשלייכן אויף די הויכע קנאַפּל אַן אויסגעפּוצטע. דערנאָך וועט אַ גרימפּל טאָן אַ פּליטע מיט אַ חזניש שטיקל און אַן אייזל וועט ערגעץ נאָענט אויסוויינען אַלעמענס בענקשאַפט.

איך שפּאַן איבערן נאַכטיקן געסל. ביי די שכנים ברענען נאַפט־קאַנעצלעך. ביי בוניען איז ליכטיק.

— גוטנאָוונט, שכן.

— גוטנאָוונט!

כ'פיל אַז בוניע האָט אויפגעלויכטן פאַר פרייד. איך זעץ זיך אויף אַ נידעריק בענקל אין מיטן פון חדרל און מיר שמועסן וועגן די שאַקאַלן וואָס יאָמערן אין די נעכט, וועגן דער אַלטער היים. דערנאָך בלייבן מיר זיצן שטילע.

בוניע קלאַפּט צונויף אַ פאַרביק קעסטל מיט אַ טירל צום

עפּענען. אין דער זייט, אָנגעשפּאַרט אַן אַ שטול שטייט דער פוס פון העלן האַלץ, דערלעבן ליגט אַ פאַרביק קלייד. עס פאַרטראָגן זיך ניט די צוויי חפצים, אַ נאַקעטער מענערפוס פון האָלץ מיט דעם שרייאיק־רויט־געבלימטן פרויענקלייד.

זיצן מיר אַזוי איינער אנטקעגן דעם צווייטן און שווייגן. די נאַפט־לאָמפּ וואַרפט אַ געלן ליכטראַד אויפן סופיט און אויף דער קאַלכוואַנט שפּרינגען גרויסע שאָטנס פון בוניעס אומרויקע הענט. אין חלל הענגט אַ שווערקייט, אַ גראָע, אַ נעפּלדיק־געדיכטע.

איך מייד אויס, אַז מיין בליק זאָל פאַלן אויף דעם הילצערנעם פוס. ניט ווילנדיק באַגעגענען זיך אונדזערע אויגן און בוניע דערזעט אין מיינע שוואַרצאַפּלען דאָס טליענדיקע פלעמל פון נייגער, פון ווען אַריינדרינגען אין דעם סוד. ער זעט ווי יעדער מאָל כאַפּ איך אַ זייטיקן בליק דאָ אויף אים, דאָ אויף דעם הילצערנעם פוס און אויף דעם פרויען־קלייד מיט די גרויסע רויטע פעלדבלומען.

איך וויל ניט פרעגן קיין שאלות. וואָס דאַרף מען אויפוועקן פאַרהיילטע ווונדן? אויך בוניע זוכט אַן אויסוועג פון דער שווייגעניש. ער טוט זיך אַ בויג צו דער לאָמפּ און זאָגט:

— דאַכט זיך, אַז די נאַפט גייט אויס. מ׳דאַרף די קנויט אַרומשערן.

איך האָב זיך אויפגעשטעלט צום אַוועקגיין.

— זיצט נאָך אַ ביסל, שכן.

זיין קול האָט געציטערט מיט אַ טרויער־נאַכקלאַנג. איך האָב אים געפאָלגט.

די נאַכטסאָווע האָט זיך גראָד אין דער רגע אָפּגערופן. דער שכן איז אומרויק געוואָרן, ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיט ביידע הענט אַן טישראַנד און אויפגעשטעלט זיך אויף דעם געזונטן פוס. דער ליידיקער הויז האָט זיך אַ באָמבל געטאָן ווי אַ מידער פויגל וואָס פאַלט אין די נאַכטשאָטנס אַריין.

— דאָס איז געשען ביי בערלין... אַ נאַכט פאַרן פאַרנעמען די שטאָט... אַ באָמבע־שפּליטער...

זיינע לײדיקע אויגן־טאָרבעס האָבן זיך פֿאַמעלעך אָנגעגאָסן. דער אונטערשטער קינבאַק האָט געציטערט.

— מיט מיין ווייב האָב איך זיך באַגעגנט אין פעלדשפּיטאָל... זי איז געקומען פון די לאַגערן... דורכגעמאַכט שווערע יאָרן... אָבער איצט, זינט יענער איז געקומען אין געסל איז זי געוואָרן אַן אַנדערע...

דאָס שטיין האָט אים אויסגעמאַטערט. ער האָט זיך געוויגט איבערן טיש און זיינע הענט האָבן זיך געקלאַמערט אָן די טישראַנדן.

איך בין נענטער צוגעגאַנגען און אים אָנגענומען פאַר די אַקסלען. וואָס האָב איך דען געקאָנט זאָגן מיין שכן?

די סאָווע האָט אַ כליפּע געטאָן און אויף די ווענט פון חדרל זענען די שאָטנס נאָך גרעסער געוואָרן.

מיט אַ צייט שפּעטער האָב איך באַגעגנט מיין שכן מיט אַ דריי־רעדערדיק וועגעלע איבער די גאַסן פון תּל־אביב. ער האָט דאָס וועגעלע אַליין צונויפגעמייסטערט פון אַלטע ראָווערן. ער איז באַקוועם געזעסן אויפן בענקל און מיט די הענט געדרייט אַ צײנערדיקן פּעדאַל. כ׳האָב דערקענט אַז בוניע איז אויפגעלייגט. ער איז אַזוי געפאָרן מיט זיין וועגעלע ביזן שטאָטצענטער. איך האָב אים אַ פּאָר גאַסן באַגלייט. זיינע גרויסע קינדערשע אויגן האָבן געשמייכלט און די געדיכטע יידישע ברעמען זענען געווען צונויפגעוואַקסן און געוואָרפן אַ שמאָלן טונקעלן שאָטן.

— וווּהין פאָרט איר, שכן? — האָב איך געפרעגט.

אין גאַסן־גערויש פון אויטאָס האָב איך ניט דערהערט זיינע רייד. מיר האָבן זיך ביי אַ ראָג ניט געזעגנדיק, צעשיידט. איך בין אַוועק צו מיין אַרבעט. גראָד אין דעם געסל־געטומל האָב איך זיך דערמאָנט אין דער ניט פאַרענדיקטער שורה פון מיין העפט. ווייזט אויס, אַז איך וועל שוין דאָס אָנ־געהויבענע ניט פאַרענדיקן. איך וועל שוין קיין מאָל ניט קאָנען געפינען דעם ריטעם פון יענע שורות און ניט יענע רו, וואָס איך האָב פאַרמאָגט אין די ערשטע טעג פון מיין באַזעצן זיך אין דעם אַראַבישן געסל. ערגעץ ווו האָט זיך דער קרייז, וואָס מיר האָט זיך אויסגעדוכט אַז ער איז

פאַרזיגלט, אויפגעבראָכן. איך זע אין די האַלב־וואַכיקע נעכט דעם שכן בוניע, זיין הילצערנעם פוס ליגן אַ נאַקעטן אויפן זאמדוועגל, איך הער די מידע טריט פון דעם פרעמדן אין געסל און זע די קליינע חנהלע וואָס פּלאָנטערט זיך צווישן איינפּיסיקן טאַטן און דער מאַמען. עמעץ האָט אָוועקגעשליידערט פון מיינע אויגן דער פאַרביקן פאַראַוואַן וואָס איך האָב אויסגעוועבט פון די שטילע געזאַנגען און אַ שאַרף און טרויע־ריק ליכט האָט אויפגעריסן מיינע אַפּלען, — דאָס גראָע ליכט פון לעבן.

יעדער מאָל, ווען איך גיי פאַרביי דעם שטאָט־צענטער, זע איך זיצן דעם איינפּיסיקן שכן מיינעם, דעם שוכפּוצער, אויף אַ קליין פוס־בענקעלע אין דער גאַס פון המלך דוד.

א

טרויעריק־שיין זענען די נעכט אין דעם פּאַרלאָזטן אַראַבישן דאָרף יאַזור. אַ ברייטער מילכוועג מיט אַ מילד שטערנליכט הויערט איבער די געסלעך, ווי דאָס שלאָפנדיקע דאָרף וואָלט אַ ריזיקן אָרעמ־באַנד אָנגעטאָן, אַן אָרעמבאַנד אויסגעהאַמערט פון איידעלן זילבער און באַצירט מיט איידלשטיינער. די ציפּרעסן זענען סודותדיק ווי נאַכט־שומרים, פול מיט שווייגעניש. נאָר דעמאָלט ווען ס'פאַלט אַ שטערן און צייכנט מיט שטערן־פייער דעם לעצטן גאַנג זיינעם, צאַפּלט אויף ערגעץ אַ שפּיץ פון אַ ציפּרעס און רופט צו זיך דעם פאַלנדיקן שטערן אין דער סאַמעט־טונקעלער צוויגן־געדיכטעניש.

קיינער קען ניט אַזוי די נעכט ווי טאַמאַרע. ניט בלויז ס'ליכט פון שטערן שפּיגלט זיך אין אירע גרויסע, טונקל־ברעמענדיקע אויגן, נאָר אויך די שאָטנס פון די פייגנביימער, דער שטילער נעפּל־שאָטן פון איילבערטן און דער טרויער פון ריצנבוים פאַלט אויף אירע הענט, אויף דעם רונדיקן שטערן און אויף דעם דינעם הירשנהאַלדז.

אין אַ שפּעטן סוף־זומער איז טאַמאַרע געקומען אין דעם דאָרף. זי האָט געזוכט שטילקייט, רו און גאַבוש האָט געזוכט די שטאָט, אומרו פון צערוישטע גאַסן. כאָטש די טעג זענען געווען צעזוניקטע, זענען טאַמאַרען נענטער געוואָרן די נעכט. זי האָט ניט פאַרטראָגן דאָס שניידיקע זונליכט. און ווי שטיל ס'איז ניט געווען אין דעם זייטיקן זאַמדגעסל מיט די פאַרשטויבטע ריצנקוסטעס, האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז עס איז רעשיק פון זונבלענד.

ווער האָט נאָך אַזוי געקענט די שפּעט־זומערדיקע נעכט מיט

די גרויסע רייפע שטערן, באַלאָדענע מיט אַ שפע ליכט, אָדער די ווינטערנעכט מיט פּאָספּאָר־באַזיימטע וואָלקנס, און די פּרי־זומערדיקע נעכט מיט די זאַפטיקע טויוואָלקנס וואָס שווימען איבער די הרי־יהודה, ווי טאַמאַרע?

זי וואָלט אַזוי געלעבט לאַנגע יאָרן זייטיק און שטיל, ווען גאַבוש וואָלט איר אויף ס׳ניי ניט אַריינגעפירט, ניט ווילנדיק, אין דעם נאָך ניט איינגעשטילטן שטורעם־געווירבל פון גרויליקע טעג.

טאַמאַרע איז געווען געגליכן צו יענע נאַכט־שטערן וואָס פאַר־איינזאַמטע צווישן וואָלקנס און טויבעפּלען טראָגן זיי אין זיך דאָס איינמאָליק געשענקטע ליכט מיט עניוות, ניט ווי שטערן וואָס גיבן פּלוצעם אַ גלי און שמידן צו זיך צו דעם חידושדיקן בליק פון בעל־חי און דערנאָך פאַרגייט זייער ליכט, אַן אייביק פאַרגעסנס צווישן די שטויביקע קריכפּלאַנצן פון פאַרשׂרפהטע פעלדער.

און גאַבוש אַליין, דער הויכער, שאַרפאויגיקער יונגער מענטש, וואָס איז געקומען פון אַ קליין שטעטל ביי לעמבערג קיין וואַרשע זיך לערנען, וואָלט סוף־כּל־סוף דערגרייכט צו דעם וואָס ער האָט גע־שטרעבט — אַז זיין דאָקטאָר־טיטל זאָל אויסגעקריצט ווערן אויף אַ מעשן שילדל פון אַן אייגענער וווינונג.

וואָלטן זיך די צוויי יונגע מענטשן אַ מאָל באַגעגנט? און אויב זיי וואָלטן זיך יאָ געטראָפן ערגעץ אין דער פאַר־מלחמהדיקער וואַרשע, אויף איינע פון די רוישיקע גאַסן, ווי אַזוי וואָלט אויפגענומען גאַבוש טאַמאַרעס בליק? וואָלט ער אויף אַ ווײַלע שטיין געבליבן אַ צוגע־שמידטער צו דעם אומבאַקאַנטן מיידלשן פּנים? ביידע האָבן זיך די פראַגן געשטעלט און געזוכט אויף זיי אַן ענטפער. אַזוי צי אַזוי האָט זיך זייער לעבן אַ קער געטאָן מיט אַזאַ פּלוצעמדיקייט זינט יענער באַגעגעניש אין דער האַלב־חרובער וואַרשע נאָכן אויפשטאַנד קעגן די דייטשן.

— — — אין דעם טאָג פון קריסטלעכן יום־טוב ווען מען צינדט ליכט נאָך די נשמות פון געשטאָרבענע, האָבן אַ שורה פרויען געקניט

לעבן אַ בלינדער שטיינערנער וואַנט. דאָס איז געווען אַ רויטלעכע ציגלוואַנט מיט לעכער פון קוילן, מיט צעקרישלטע שטיינציגל און אַלערליי צייכנס אויף זיי ווי צלמים, אותיות און האַלב־פאַרשמירטע אויפשריפטן, וואָס עפּעס אַ האַנט האָט זיך באַמיט מען זאָל זיי ניט קענען איבערלייענען. לעבן דער וואַנט, אַנגעשפּאַרט, זענען געלעגן פאַרוויאַ־נעטע קרענצלעך פון אָרעמע פעלדבלימלעך און ווערבע־ריטלעך. די שורה פרויען האָבן שטום געקניט. זיי זענען געווען אַלע אָנגעטאָן אין שוואַרצן. איינע נאָר איז געשטאַנען און פאַרגליווערט געקוקט אויף אַ צעשפּליטערטן וואַנטציגל, ווו ס'איז קענטיק געווען דער סימן פון אַ קויל. אָט דאָ, ביי דער וואַנט, זענען דערשאָסן געוואָרן עטלעכע אויפ־שטענדלער. פאַרבייגייער האָבן זיך געצלמט און געשעפּטשעט אַ תפילה. די יונגע פרוי, וואָס איז געשטאַנען די גאַנצע צייט אומבאַוועגלעך, האָט דערפילט ווי טריט פאַרהאַלטן זיך לעבן איר. זי האָט פּאַמעלעך אַ בויג געטאָן דעם קאָפּ און דערזען פאַר זיך דאָס פּנים פון אַ פרעמדן מאַן, אַ הויכן מיט צונויפגעוואַקסענע טונקעלע ברעמען.

— זיי געטרייסט, אומבאַקאַנטע — האָט ער געזאָגט.

ער האָט געוואָלט אַוועקגיין, נאָר אַ האַנט פון אַ קניענדיקער פרוי האָט אָנגערירט זיין לאַנגע שוואַרצע סוטאַנע און עמעצער האָט מיט די ליפּן באַרירט זיין האַנט און געזאָגט שטיל: — פּאָטער אונדזערער...

די יונגע פרוי, וואָס איז די גאַנצע צייט געשטאַנען, האָט זיך אויסגעקערעוועט צו דעם מאַן און דערזען דאָס גלחישע קלייד וואָס האָט אַרויסגעקוקט פון אונטער אַן אַלטן אָפּגעטראָגענעם מאַנטל. דערנאָך האָט זי אָנגעהאַנגען איר בליק אָן פרעמדן. אַז ער איז אַוועק אַ פּאָר שפּאַן האָט ער דערפילט הינטער זיך קליינע אומזיכערע פרויענטריט. ער האָט זיך געגעבן אַ קער און זיי האָבן זיך באַגעגנט.

— איך זוך טרייסט, פּאָטער... איך בין היימלאָז...

דאָס איז געווען טאַמאַרע.

מיט אַ חודש פריער האָט זי געזען ווי מען פירט אים, דעם געליבטן אירן, מיט געבונדענע הענט אויף הינטן, דאָס מויל פאַרמויערט מיט ווייסן גיפּס, דאָס העמד — צעריסן. אַכט יונגע מענער, אַלע אַזוי

ווי איר געליבטער, ווערן געטריבן אין דעם קאַלטן פרימאָרגן איבער די שטאַרבנדיקע וואַרשעווער גאַסן. זי איז די גאַנצע נאַכט געלעגן ביי אַ טויער און געוואַרט. כדי צו קענען זען אים צום לעצטן מאָל. ער האָט דעם קאָפּ אויפגעהויבן הויך. זיי האָבן זיך אָנגעקוקט. ער האָט זי דערזען לעבן טויער. ער האָט ניט געקענט שרייען, ניט געזעגענען זיך. ער האָט נאָר געקענט אויפהייבן הויך דעם קאָפּ און שווייגן. שווייגן — מער גאָרניט. די דערשאָסענע זענען געלעגן אַ גאַנצע נאַכט. אין האַלבנאַכט האָבן הינט געבלאָנקעט אַרום דער מויער און געלעקט דאָס בלוט פון די געפאַלענע.

זי זעט אים שטענדיק מיט אַ פאַרזיגלט מויל, מיט אַן אויפגע־הויבענעם קאָפּ, אַ שווייגנדיקן.

וואָס קאָן איר דערויף זאָגן דער פאָטער סקאַרגאַ? ניין, ער קאָן גאָרניט זאָגן. בעסער ניט ריידן.

— קאָן מען דען, פאָטער סקאַרגאַ, נאָך גרויליקער שווייגן?

— יאָ, מען קאָן!

זי האָט אָנגעשטעלט אויף דעם גלח אַ פּאָר גרויסע פרעגנדיקע אויגן.

— גאָטס שווייגן איז גרויליקער — האָט ער געזאָגט.

אין די צייטן פון וואַרשעווער געטאָ, אויף דער אַרישער זייט. ער האָט געאַרבעט אין אַ קליינעם גאַראַזש. די אַרבעטער האָבן דערקענט זיין ניט־געניטשאַפט, זיין אויפפירן זיך איז ניט געווען פון קיין געבוירע־נעם אַרבעטער. מען איז אפילו געווען אין יענע טעג צו טרעפן דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן ביי אַלערליי פיזישע אַרבעטן, אָבער גאַבוש האָט אויסגעזען צו זיין ניט פון די לייט. איין מאָל זענען צוויי מענטשן געקומען נאָך אים און אַוועקגעפירט אין אַ קעלערשטוב. ער האָט זיך געפונען צווישן באַוואָפנטע מענטשן. אַן עלטערער מאַן מיט אַ ביינערנ־דיק פּנים האָט שאַרף אַ פרעג געטאָן:

— ווער ביסטו, פרעמדער?

גאַבוש האָט ניט פאַרלאָרן זיין רויקייט. פאַרפאַלן. ער איז גרייט

צו שטאַרבן. ער וויס, זיי וועט גאָרניט אָפּהאַלטן פון דערשיסן אים, אָט אָ די לייט, וואָס פירן מלחמה מערער מיט יידן ווי מיט דייטשן. פּלוצעם האָט גאַבוש דערזען אויף דעם האַלדז פון דעם עלטערן מאַן אַ קליין זילבערן צלמל. אַ פּלעמעלע צאַנקט נאָך אין זיי, דאָס איז ס׳פלעמל גלויבן, דער גלויבן אין צלם — האָט ער געטראַכט.

— ווער ביסטו?

גאַבוש האָט געמאַכט אַ טריט צום לאַנגן טיש און האַרט געזאָגט:

— פאַר אייך שטייט דער פּאָטער אַדאַם סקאַרגאַ! — ער האָט דערביי צעעפנט זיין טונקעלן רעקל און אַנטפּלעקט די נאַקעטע ברוסט.

די מענטשן האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני און שטיל געשעפּטשעט.

## ב

אין לאַנד אַריין איז גאַבוש געקומען מיט טאַמאַרען. זיי זענען געווען אין די דייטשישע לאַגערן. ער איז דאָרט געוואָרן נאָך דער באַפרייונג אַן עסקן. ער האָט דער ערשטער זיך געקענט אויסטענהן מיט די פאָרשטייער פון די אַמעריקאַנער מיליטער־מאַכט, געקענט ענגליש, גערעדט דייטש. באַזונדערע שפּורן זענען געבליבן אין אים פון יענע טעג אין וואַרשע בשעת דער באַגעגעניש אין קעלער מיט די באַוואָפנטע מענער. ער איז געוואָרן זינט דעמאָלט אויפגעצבונדן אין לשון, אַ סך גערעדט, אומעטום פול געווען און מיט הנאה געהערט ווי מען טיטולירט אים מיט דעם נאָך ניט דערגאַנגענעם דאָקטאָר־טיטל. מיט יענער באַגע־געניש ביי דעם לאַנגן נאַכטטיש אין קעלער איז עפּעס איבערגעבראָכן געוואָרן אין אים. ער האָט אָנגעהויבן צו גיין אויף אַ נייעם דרך. דאָס איז ניט געווען דער וועג פון אַ שטילן, זייטיקן יונגן מענטשן וואָס שטרעבט צו עפּעס, גייט צו אַ שטיל לעבן — ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אין די צעשטורעמטע וואַסערן פון אַן אומבאַקאַנטן טייך. אָט איז ער אַ גלח, ער טרייסט גלייביקע קריסטן; אָט ריכט ער אָפּ אַ פעלדדינסט פאַר פּוילישע פּאַרטיזאַנער אין די קעלצער וועלדער; אָט איז ער אין באַפרייטן דייטשלאַנד — און אָנשטאָט צוריקצוגיין צום אַמאָליקן

שטאַנד — צו דעם שטילן בחור פון לעמבערגער געגנט, דעם סטודענט פון וואַרשע, ווערט ער דער שתדלן פון די באַפרייטע יידן אין דייטש־לאַנד. ער פירט אָן מיט קאָמיטעטן, האַלט רעדעס, נעמט אויף באַזוכער. זיין נאָמען גייט אים פאָרויס אויך אין נייעם לאַנד. ער ווערט דאָ איינער פון די מאַכער אין אַ פּאַרטיי. דאָס איז זיין באַשעפטיקונג.

וויפל מאָל גאַבוש איז ניט צוגעשטאַנען צו טאַמאַרען וועגן טוישן די דירה און אַריבערקלייבן זיך אין שטאָט אַריין, האָט ער דאָס ניט געקאָנט פועלן. זי וועט פון דאַנען ניט אַוועק. אָט אָ די צייטווייליקע דירה אין פּאַרוואָרלאָזטן אַראַבישן דאָרף, וואָס איז זיי צוגעטיילט געוואָרן ביים אַראָפּגיין פון דער שיף, איז טאַמאַרען נאָענט געוואָרן.

— מיר איז דאָ גוט.

— ביסט דאָך אָבער שטענדיק אַליין?

זי איז געשטאַנען מיטן פּנים צום קליינעם פּאַרקראַטעוועטן פענצטער. פון האַלברונדיקן איבערשטן פענצטערל איז געפאַלן אויף אירע האָר אַ בלאַלעך ליכט. דאָס איז געקומען פון די קליינע בלאָע שייבעלעך וואָס איבערן פענצטער.

— איך בין ניט אַליין — האָט זי געזאָגט — זע!

ער האָט אויפגעהויבן זיין בליק צום פענצטער און געזען אַ טורקלטויב זיצן אין אַ נעסט. זיי זענען ביידע געשטאַנען צוגעשמידטע, ניט געוואָלט איבערשרעקן די טורקלטויב. זי האָט נאָר אַ פינטל געטאָן מיט אַן אויג און לייכט אויסגעבויגן דעם קאָפּ. די האַלדז־פעדערן האָבן אַ מיניע געטאָן מיט די פאַרבן פון אַ רעגן־בויגן.

— זי וועט ניט אַוועקפליען פון דאַנען. זי וועט שוין דאָ בלייבן ביז ס'וועט זיך אויספּיקן דאָס קליינוואַרג.

גאַבוש איז נאָר אויף אַ ווײַלע געפאַנגען געוואָרן פון דעם בילד. ער האָט גערעדט גיך און שאַרף אַקצענטירט די ווערטער. אַלץ איז פאַר־וואַנדלט געוואָרן ביי אים אין רייד. דוכט זיך, אַז ער רעדט צום ענין, אינטערעסאַנט, אָבער די ווערטער פאַלן אויף טאַמאַרען שווער, מאַכן איר מיד און זי קאָן זיי ניט צונויפבינדן. עפּעס פעלט אין זיי. זיי קומען ניט פון דער טיפעניש נאָר זיי ליגן אויבן־אויף, אויף דער סאַמער

פלאַך. געגנוג נאָר לייכט אַ שאַר צו טאָן די אויבן־אויפיקע ווערטער אַז ס'זאָל אַ גלי טאָן אַ קאַלט פייער, וואָס פאַרגייט ווי נאָר עס דערפילט די לופט.

האָט גאַבוש זי ניט ליב געהאַט? ער האָט זיך ניט אָפּגעגעבן קיין חשבון דערפון. איר שווייגן, איר קילער בליק, דער טיף אַדורכ־דרינגענדיקער, האָט אים אומרויק געמאַכט. ער האָט אָבער דעם אומרו געוואָלט פאַרטומלען מיט גערייד, מיט אַן אומאויפהערלעך גערייד וועגן באַגעגענישן מיט מענטשן, וועגן דעם נייעם לאַנד, וועגן זיין אַרבעט. און אַז ס'האָבן אים אויסגעפעלט רייד, האָט יעדע קליינע פּאַסירונג געגעבן אים אַ געלעגנהייט צו ריידן.

— אָ, די טורקלטויב? איך זע זי. אָבער צו וואָס פטרן צייט און סתם קוקן? יאָ, דער רבי האָט אָפּט דערמאָנט דעם דאָזיקן פויגל. חידושסט זיך אוודאי אויפן געפיל פון מוטערלעכקייט ביי פייגל, דאָס איז אַ באַקאַנטע זאַך...

ער האָט נאָך עפּעס געזאָגט, נאָר טאַמאַרע האָט ניט דערהערט. זי איז אַרויס פון צימער. ער איז איר נאָכגעגאַנגען. אים איז אויסגעקו־מען, אַז ער דאַרף ריידן, ער מוז ריידן צו איר, און אויב ער וועט אויפ־הערן, וועט עפּעס צווישן אים און איר געשען. זי וועט דאָס שווייגן מיט עפּעס אויפברעכן. וואָס דער „עפּעס" וועט זיין ווייס ער ניט. ער טאָר אָבער ניט געבן קיין געלעגנהייט דערצו.

אַזוי האָט עס צווישן זיי לאַנג אָנגעהאַלטן. איין מאָל האָט ער זי מיטגענומען אויף אַן אסיפה פון די דאָרף־תּושבים. דאָרט האָט גאַבוש גערעדט.

ג

אין אַ גרויסן זאַל, אַ שלעכט־באַלויכטענעם פון עטלעכע נאַפט־לאַמפּן, האָבן זיך צונויפגעזאַמלט די מענטשן. די גראָע ניט־געטינקטע־ווענטע ווענט, דער טונקעלער צעמענטדיל און די לאַנגע הילצערנע טישן האָבן געשפּרייט אומעט. אויבן אַן זענען געזעסן צוויי עלטערע פרויען אין שוואַרצע קליידער און גערעדט בולגאַריש. אויף אַ מאָמעס

שויס איז געווען אָנגעשפּאַרט אַ קליין מיידעלע פון אַ יאָר זעקס. אַ מענטש מיט צעשויבערטע האָר און שאַרפע פּנים־שטריכן האָט אָנגעשטאָפּט טאַבאַק אין אַ גרויסער פּייקע. ער האָט דאָס געטאָן מיט גרויס ערנסט. דערנאָך האָט ער זיך אויפגעשטעלט, צוגעגאַנגען אויבן אָן, צום טיש, און ביי דער נאַפטלאָמפּ אָנגעצונדן די פּייקע. אַ ליכטראָד האָט אַרומגענומען דעם מענטשנס קאָפּ. ערשט איצט האָט מען געזען, אַז דאָס איז ניט קיין שטאַרק אַלטער מאַן. די גראָע הענט מיט די טונקל־אָדערנדיקע דלאָניעס און קאַרבן האָבן אויסגעזען גאָר גרויס. דאָס איז געווען איינער פון די שאָסיי־אַרבעטער, די שטיינשפּאַלטער אויף די וועגן פון לאַנד.

אין אַ ווינקל ביים פענצטער זענען געזעסן עטלעכע פּוילישע יידן. זיי האָבן געפירט אַ לעבהאַפטיקן שמועס. איינער, אַ נידעריקער מיט גרויסע פאַרשאָטנטע אויגן־גלעזער, האָט הויך גערעדט:

— עמער זעיען! ווער ס׳איז שיין איך בין קליג... — ס׳עט נישט טויגן צו בויען ביים וואַדי. איך פאַרשטיי זיך אויך.

— וואָס פאַרשטייסטו דען, שניידערוק איינער! — האָט געזאָגט עמעצער פון די מענטשן.

פון די אָפענע פענצטער האָבן אַריינגעקוקט די טונקעלע צווייגן פון טויטן פּרדס, דעם נאַקעטן, מיט די פאַרקראַמפּטע שטאַמען, פון וועלכע עס האָט שוין אָנגעהויבן אָפּצושיילן זיך די שטאַמקאָרע.

— ס׳זעט דעם ליכטיקן הימל — האָט געזאָגט אַן איינגעפאַלענער, שמאָלפּנימדיקער פּוילישער יונגערמאַן. ער האָט געוואָלט אָפּווענדן אַלעמענס בליקן פון אומהיימלעכן פּרדס.

אָט די טראַציקע טונקעלע צווייגן האָבן געשפּרייט אַזוי פיל טרויער און פּיין אַזש ס׳האָט זיך געדוכט, אַז זיי וועלן זיך איינפרעסן אין לייב.

— האַ? אַ שיינער בלאָער הימל אָן אַ שפּרענקל... — האָט דער יונגער מענטש צוגעגעבן.

— זע נאָר ווי די נאַכט פאַלט עס דאָ צו אַזוי פּלוצעם. — די

ווערטער זענען געקומען פון אַ פרוי, וואָס האָט זיך די גאַנצע צייט צוגעהערט צום געשפּרעך. זי איז געווען פול מיט חידוש.

דער זאַל האָט זיך פאַרפולט מיט מענטשן. מען איז געקומען פון די וויקלגעסלעך, פון די זייטיקע אייזלוועגלעך, פון די קליינע בלעכ־הייזלעך, וואָס מ'האָט אויפגעשטעלט אויף די זאַמדפלאַכן פון יענער זייט דאָרף. די מענטשן האָבן אַ גאַנצן טאָג געאַרבעט און איצט איז מען געקומען זען איינער דעם צווייטן, הערן אַ וואָרט וועגן די ווירטשאַפטן וואָס זענען חרוב, וועגן די הפקרדיקע ברינעמער און גוסטדיקע פּרדסים, וועגן דער ערד וואָס געהערט צו אַלעמען און צו קיינעם ניט.

אויבן אָן זענען געזעסן די קרעמער. זיי זענען עס געווען די, וואָס האָבן אָנגעצונדן די גרויסע נאַפטלאָמפּן, צעשטעלט די בענק און פאַר־נומען אַ חשובן אָרט ביים טיש. זיי האָבן אַלעמען געקענט, מיט אַלעמען זיך געגריסט און געוווּסט יעדערנס נאָמען.

די בולגאַרישע יידן האָבן גערעדט הויך, ערנסט. די פּוילישע יידן זענען געווען פאַרטאָן אין אַן אַמפּעריי, וואָס איז אָפּט איבערגעריסן געוואָרן דורך אַ שפּאָטישן געלעכטער. אויף די פּנימער איז געלעגן אַ תּמיד גרייטער חוזק שמייכל.

— זע נאָר ווי ערנסט זיי זענען, די בולגאַרער, אַזוי ווי די גויים אין אַ טומאה...

יעדער פון די פּוילישע יידן באַזונדער איז געווען ביי זיך אין הייפל פול מיט אומעט, געוואַרט אויף אַ גוט וואָרט, געווען אומבאַהאָלפן אין די נעכט בשעת דעם אומהיימלעכן שאַקאַלן־געוואָי, געשראָקן זיך פאַר די שמאָלע ציפּרעס־רייען וואָס זעען אויס אין די נעכט ווי דורכנדיקע כוהנים פאַרהילטע אין גראָ־זילבערנע טליתים. מען האָט אויפגעצאַפּלט אין די ווינטיקע נעכט פאַרן גערויש פון די פּאַלמע־בלעטער, ניט געטרויט זיך אַריינצוגיין אין געדיכטעניש פון פאַרווילדעוועטע פעלדער. צו־מאָרגנס האָט מען געשמועסט צווישן זיך:

— האַ, שכן, דאָס איז עס, ס'לאַנד פון מילך און האָניק... וואָס זאָגט עץ?...

דעם אומעט האָט מען געוואָלט דערטרינקען אין שפּאָטישן

גערייד. מען האָט ניט געגלייבט קיינעם, ניט די שכנים, ניט די רעדנער, ניט די צייטונגען ווייל מען האָט זיך אַליין ניט געטרויט. גיי טרוי זיך אָן דעם הפקרדיקן דאָרף, די פאַרטריקנטע ערד, די אומבאַקאַנטע וועגלעך פול מיט שרצים, די פאַרשטויבטע, טונקל־געפלעקטע יאַשטשערקעס מיט די אָפענע מיילער.

דאָס איז געווען ס׳ערשטע מאָל ווי טאַמאַרע איז געקומען צוזאַמען מיט גאַבושן אויף אַן אסיפה. זי האָט דאָס מאָל אויך ניט געוואָלט גיין. בעסער בלייבן אין דער היים. זי וועט וואַרטן אין ליגשטול וואָס שטייט אין קליינעם הייפל. גאַבוש איז צוגעשטאַנען. ביז איצט איז אים ניט אויסגעקומען אַרויסצוטרעטן עפנטלעך אין דאָרף. ער איז אַרומגעפאָרן איבער נייע יישובים פון עולים, אָבער דאָס מאָל, אַז ער וועט ריידן ביי זיך אין דאָרף, פאַר וואָס זאָל טאַמאַרע ניט זיין? ער האָט אויך זייער געוואָלט, אַז זי זאָל אים הערן, אַז זי זאָל זיצן אין זאַל. זי איז די לעצטע צייט געוואָרן טרויעריקער. די שיינע ווימפּערן האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט, די אויגן האָבן באַקומען דעם תהומיקן גלאַנץ פון אַ ברונעם־טיפענิש, ווי ס׳פּאַלט קוים־קוים אַריין דער אָפּשפּיגל פון אַ פאַרבלאָנקעטן שטראַל. אַז זי פלעגט קוקן אויף אים, האָט ער געפילט אַז זי זעט ניט זיין פּנים. גאַבוש האָט געוואָלט צושמידן איר בליק צו זיך דורך רייד, דורך הויך־קלינגעוודיקע ווערטער.

און וואָס מער גאַבוש האָט גערעדט אַלץ ווייטער און ווייטער איז ער געוואָרן פון איר. זיינע ווערטער זענען דורך איר ניט אויפגענומען געוואָרן. זיי זענען געפאַלן ווי פונקען פון אַ פייער אין חלל אַריין. זי איז געבליבן פאַרשלאָסן. אין יעדן באַוועג אירן האָט זיך געמערקט גלייכגילט און מידקייט.

ער האָט לאַנג גערעדט. דער עולם איז געזעסן שטיל. עמעץ האָט פון צייט צו צייט אַ הוסט געטאָן. אַן אַנדערער האָט אָנגעצונדן אַ שוועבעלע, דערנאָך איז ווידער שטיל געוואָרן. גאַבוש האָט גערעדט הויך, פליסיק. ער האָט אַריינגעבראַקט אין זיין העברעישן לשון אַ סך יידישע און פּוילישע ווערטער, דערמיט היימישער געמאַכט צו זיך די צוהערער. ער האָט גערעדט שיין. אָבער וואָסער שייכות האָט דאָס צו די מענטשן?

וואָס זאָגט ער זיי? די אַלע רייד זענען שיין און לייכט ווי די פּלעווע פון זאַמדהאָבער. קוקסט אָן דעם געוויקס — אַלץ איז ווי ס׳דאַרף צו זיין: דער זאַפטיקער שמאָלער בלאַט, דער זאַנגענקאָפּ, נאָר אַ גענייט אויג דערקענט גלייך, אַז ס׳איז ניט מער ווי פּלעווע — דער שיינער זאַנגענ־קאָפּ. ליידיקע זאַנגען! וואָס וויל ער דען גאַבוש פון די מענטשן? וואָס זאָלן זיי טאָן אַז זיי וועלן אָוועק פון דער אסיפה? וואָס וועט זיין מיט די פעלדער, מיט די פּרדסים, מיט די ברינעמער וואָס זענען הפקר?

גאַבוש רעדט וועגן גליל, וועגן כּנרת, וועגן די יידישעליידן אין דער וועלט. וועגן וואָס רעדט ער דען ניט? עס קומט אָבער אַרויס אַזוי ווייט און פרעמד כאָטש אַזוי נאָענט זענען די אַלע זאַכן...

ווער נאָך ווי טאַמאַרע ווייס אַז דאָס זענען נאָר רייד, רייד אָן אַנהאַלט, אָן דעקונג. שיינריידעריי. ווערטער פאַר יענעם אָבער ניט פאַר זיך. קאָן מען דען בויען אַ היים מיט רייד? דאָס איז דאָך זיין באַרוף! זיין לעבן! און זי, טאַמאַרע, זי איז פאַרוועבט געוואָרן אין אַ נעץ פון ווערטער. צו דעם איז זי אַהער געקומען? זי קען אים גאַבושן דורך און דורך. אַ, ער שטעלט זיך גאָר ניט פאָר ווי גוט זי קען אים. זי וואָלט שוין לאַנג אָוועק פון אים. אַ געפיל פון מיטלייד צו אים האָט זי אָפּגעהאַלטן. ער איז געפאַנגען געוואָרן פון יענע אַרויסגעזאָגטע ווער־טער אין דער וואַרשעווער קעלערשטוב צווישן די יידן־מערדער — „פאַר אייך שטייט דער הייליקער פאָטער סקאַרגאַ...” — זי האָט שטיל געשעפּטשעט די ווערטער, וואָס גאַבוש האָט איר ניט איין מאָל איבער־דערציילט. ער איז זינט דעמאָלט געוואָרן אַן אַנדערער. מיט ווערטער האָט ער זיך געראַטעוועט, דורך ווערטער וויל ער ווייטער לעבן. ווער־טער, ווערטער, ווערטער! ער האָט ניט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די „אַרישע זייט” אויך דאָ!

זי האָט זיך ניט צוגעהערט צו גאַבושעס רעדע אויף דער אסיפה. פון אַלע זיינע רייד איז געוואָרן איין לאַנגער מאָנאָטאָנער גערויש, וואָס האָט געשפּאַרט זיך צו אירע שלייפן.

די נאַפטלאָמפּ וואָס איז געהאַנגען אויבן האָט האַסטיק אויפ־געצאַפּלט. אַ שאָטן האָט אַ שפּרונג געטאָן אויף דער פאָדערשטער

וואַנט, דערנאָך אַ צווייטער טאָפּל־שאָטן. פּלוצעם האָט טאַמאַרע אויפגע־ריסן די אויגן־אַפּלען און אָנגעהויבן צו ציטערן. זי האָט געוואָלט עמעצן רופן, האָבן זיך די ציין איינגעביסן אין די ליפּן און אין שאַרבן האָט געפּרוּירן. האַרט ביי דער גראָער ציגלוואַנט, לעבן גאַבושן, אין פאַר־שאָטנטן ווינקל, האָט זיך אַנטפּלעקט מיט אַ פּלוצעמדיקער שאַרפקייט דער סילועט פון אַ מענטש. דאָס איז געווען אַ שמאָלער, פיאָלעטענער שאָטן פון אַ שלאַנקן מאַן מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ און צעשויבער־טע האָר.

ווער איז עס? עפּעס אַזוי קענטיק איז די געשטאַלט? ניין, ס׳איז ניט גאַבושעס אָפּשאָטן. גאַבושעס שאָטן איז אומרויִק פול מיט באַוועגונג, מיט הענט וואָס הייבן זיך אויף און לאָזן זיך אַראָפּ.

טאַמאַרע האָט געקוקט מיט אַ גליווערנדיקן בליק צו דעם ווינקל. זי האָט זיך אַ הייב געטאָן פון אָרט און דערזען, אַז דער סילועט איז צוגע־קומען נענטער צום טיש און ער טיילט זיך אָפּ פון דער וואַנט. איצט האָט זי אים דערקענט.

דאָס איז דאָך ע ר! ע ר! אָ, גאָט מיינער! זי זעט א י ם דייטלעך, אָט זענען די הענט, פאַרקניפּטע פון הינטן! דאָס מויל פאַרזיגלט. ער! ער!

גאַבוש האָט ניט באַמערקט טאַמאַרעס אומרו, ניט געזען ווי זי שטייט אין מיטן זאַל אַ וואַקלדיקע, מיט ברענענדיקע אויגן. ער האָט אַלץ גערעדט, ניט איינגעשטאַנען אויף קיין אָרט. אָט ווען זיי זיך באַגע־גענען די צוויי מענטשן. גאַבוש און ע ר. איינער — אַ באַריידעוודיקער, אַ צעשמייכלטער מיט אַ גאָרניט־זאָגנדיק פּנים, פול מיט שיינרעדעריי, דער צווייטער — אַ שווייגנדיקער, אַן אומבאַוועגלעכער, מיט אַן אויפגע־הויבענעם קאָפּ ווי אַ סטאַטוע אויסגעהאַקט פון גראַניט.

דער פראָסט פון קאָפּשאַרבן האָט זיך געשפּרייט איבערן גאַנצן גוף. זי האָט געציטערט, ניט געקאָנט זיך צוריק אָוועקזעצן און זיך אַ וואַקל געטאָן. דער עלטערער מענטש, דער בולגאַרישער ייד האָט איר געהאָלפן זעצן זיך.

— וואָסער, — האָט עמעץ געזאָגט. גאַבוש איז צוגעקומען און געבעטן עפענען די פענצטער. אוודאי פון נאַפּטשאַד. די לאָמפּן ברענען שלעכט.

דער עולם האָט זיך אַרויסגעשאַרט פון דער אסיפה שווייגנדיק. טאַמאַרע איז געבליבן אויף דער באַנק און געפינטלט מיט די גרויסע דערשראָקענע אויגן.

— ווו בין איך? — האָט זי געשעפּטשעט — ווו איז ער?... וואָס איז געשען מיט מיר?

גאַבוש האָט זי געפירט איבערן סאָברעוועגל ביז צום ווייס־געקאַלכטן הייזל. זי איז געזעסן שפּעט אין דער נאַכט אין הייפל און געקוקט צום אויסגעשטערנטן הימל. טאַמאַרע האָט גאָרניט געדענקט פון דעם אָוונט, פון דער זעונג וואָס האָט זיך אַזוי אומגעריכט אַנטפּלעקט צום ערשטן מאָל זינט יענע טעג אין וואַרשע. זי האָט אָבער געשפּירט, אַז פון דעם אָוונט אָן איז געשען מיט איר עפּעס. זי דערקענט דאָס לויטן שלאָגן פון די אָדערן, לויט דער שווערקייט וואָס הויערט איבער אירע ברעמען און לויט דעם נאָגנדיק־אומבאַקאַנטן אומרו וואָס האָט זיך פאַר־גנבעט אין איר.

וויפל מאָל גאַבוש איז ניט צוגעקומען צו איר דעם אָוונט איז זי אויפגעציטערט געוואָרן. ער האָט זי געוואָלט טרייסטן, אויפהייטערן, גערעדט וועגן אַ באַגעגעניש, וואָס דערוואַרט אים מאָרגן מיט אַ מענטשן פון די אָנגעזעענע קרייזן, אַז זי זאָל נאָר וועלן וועט מען זיך אַריבערקלייבן אין שטאָט אַריין. ער האָט איצט פאַרבינדונגען און מען קען אים. דערנאָך האָט ער ווידער גענומען דערציילן אַ געשיכטע וואָס איז טאַמאַרען לאַנג שוין געווען באַקאַנט.

— לאָז מיך צו רו, — האָט זי געזאָגט. אין אירע רייד איז ניט געווען קיין געבעט. דאָס איז גיכער געווען באַפעל, פאַרלאַנג. ער האָט דאָס דערפילט. צום ערשטן מאָל זינט זייער באַקאַנטשאַפט ווענדט זי זיך צו אים אין אַזאַ טאָן.

ווי אַזוי רעדסטו צו מיר, טאַמאַרע?

טאַמאַרע איז אויפגעשפּרונגען. זי האָט געוואָלט שרייען, טאָן עפּעס אַזוינס וואָס זאָל אויפרודערן די נאַכטיקע ביימער־שאָטנס. אָבער מער ווי דעם קורץ־אָפּגעהאַקטן „גיי!" האָט זי ניט געקאָנט אַרויסברענגען.

גאַבוש איז אַריין אין שטוב, פאַרלאָשן דאָס ליכט און אַ וואָרף געטאָן זיך אויפן בעטל.

### ד

איבערן איילבערט־וועלדל נידערט אַ נעפּל. דאָס איז אַ וואַנדערנדי־קער נעפּל וואָס קומט האַלבענאַכט, אַ מאָל פון דער זייט פון ים און אַ מאָל פון די הרי־יהודה. מאָרגן וועלן די איילבערט־בלעטער לייכטן מיט אַ גרין־זילבערדיק ליכט. די שטערן פון מילכוועג זענען היינט גרינלעך. דאָס איז אוודאי פון פּאָספאָרליכט וואָס באַזיימט דעם הימלראַנד איבערן ים. אַ ליכטיקע נאַכט און דאָך זענען די שאַקאַלן אומרויִק. טייל מאָל ציטערט אויף אַ ריצנקוסט און ווערט ווידער אומבאַוועגלעך, דערנאָך גיט זיך דער סיקאַמאָר אַ טרייסל. אַ שווערער שאָטן רייסט זיך אָפּ און טראָגט זיך אַוועק אין דער טונקלעניש אַריין. וואָס קאָן דאָס זיין? אַ נאַכטפויגל? אַן אַלטער פאַרטריקנטער צווייג וואָס איז אָפּגעפאַלן פון שטאָם? אָדער דער שאָטן פון אַ בעל־חי וואָס קאָן זיין רו ניט געפינען?

דער נאַכט־הימל האָט זיך פאַרכמאַרעט. נידעריקע וואָלקנס זענען אָנגעשוואומען. אַ ווינט האָט צו ערשט געבויגן די ציפּרעססשפּיצן און דערנאָך געקעמט די צעשויבערטע קלעטערקוסטעס לענג אויס דעם זאַמד־וועגל. דער טויזנעפּל איז צערונען. פון דער לאַנגער ציפּרעס־שורה האָט זיך מיט אַ מאָל אָפּגעטיילט אַ שמאָלער שאָטן און גענומען זיך באַוועגן צום קליינעם הייפל. דער שאָטן איז אָנגעקומען פון פּרדס־ראַנד, ער האָט דורכגעשניטן דאָס הפקר־פעלד וואָס איז פול געווען מיט פאַרקוואָר־טע שטעכקוסטעס, אַריבער דעם סאַברע־גדר און געגאַנגען איבער דעם שמאָלן וועגל. דער שאָטן איז צוגעקומען נאָענט צו טאַמאַרעס הויף. זי האָט די גאַנצע צייט נאָכגעלויערט זיין באַוועגן זיך. איצט האָט זי באַמערקט, אַז דאָס איז אַ מענטש. אוודאי אַ נאַכטוואָגלער. זי האָט ניט געפילט קיין פּחד. די זעונג האָט זי צוגעשמידט צום אָרט. אירע אויגן

זענען אָנגעלאָפן מיט אַ פּייכטקייט, די ווייסלען האָבן אַרויסגעליכטיקט
מיט אַ שאַרף, ניט־ערדיש ליכט.

— ווער ביסטו?

די ווערטער האָט זי אַרויסגעזאָגט שטיל, געפּילט דעם ציטער פון
די אייגענע ליפּן. איר שטים האָט זיך געביטן. אפשר קלינגט אָפּ איר קול
אַזוי פרעמד אין האַלבנאַכט, ווען וואָלקנס ליגן נידעריק?

דער מענטש האָט ניט געענטפערט. ער איז געבליבן אויפן אָרט, ווי
ער וואָלט געווען צוגעוואָרצלט צום באָדן. אפשר איז דאָס אַ בוים? ניין!
ניין! דאָס איז אַ מענטש! זי דערקענט דאָך, זי האָט אים געזען שפּאַנען.
אָט זעט זי זיין רוקן, די פיס, דעם אויפגעהויבענעם קאָפּ און די פאַרלייגטע
הענט אויף הינטן...

טאַמאַרעס זיכרון האָט פיבערדיק אָנגעהויבן צו אַרבעטן. איין
בילד האָט געיאָגט אַ צווייטס. זיי זענען אָנגעקומען און פאַרגאַנגען מיט
אַ קאָפּשווינדלדיקער שנעלקייט, אַזוי ווי פּאָטאָס וואָס גיבן זיך אַ שיט־
אַרויס פון אַן איבערגעקערטן שופלאָד. זי האָט זיי ניט געקאָנט פאַרהאַלטן.
און ווי גיך די בילדער זענען ניט פאַרבייגעלאָפן, האָט זי געדענקט יעדער
קלייניקייט. אַזאַ שאַרפקייט פון געדאַנק האָט זי קיין מאָל ניט פאַרמאָגט.

דער פרעמדער איז צוגעקומען נאָענט, ביזן שטיין־גדר. טאַמאַרע
האָט ניט באַמערקט ווי גיך ער איז אַדורך דעם שטח. זי האָט אַפילו ניט
געהערט זיינע טריט אין זאַמד. אפשר אויפוועקן גאַבושן? רופן אים? ניין.
זי וויל אים ניט זען. זי וועט סיי ווי אַוועק פון אים.

— שלום צו דיר, פרעמדער נאַכטגייער.

דער מענטש האָט געשוויגן. דאָס איז דאָך ער! זאָל טאַמאַרע אים
אָנרופן ביים נאָמען? זאָל זי שרייען? זאָל זי רופן מענטשן? זי וועט קיינעם
ניט רופן. דאָס איז דאָך אַ קראַנקהאַפטיקע זעונג, אַן איינרעדעניש, עפּעס
אַ היצמיראַזש. ער איז דאָך טויט. זי האָט דאָך דאָרט, ביי דער מויער,
געקושט זיין דורכגעלעכערטן שאַרבן. דאָס איז אַ היץ־קראַנקייט. זי מוז
האָבן פיבער. ניט נאָכגעבן די שוואַכקייטן פון קראַנקן שאַרבן. דאָס איז
זיכער אַ שאָטן פון אַ בוים... זי האָט זיך האַסטיק איבערגעבויגן איבערן
פלויט און גלייך געקוקט צום אומבאַוועגלעכן שאָטן.

אָ גאָט, דאָס איז דאָך אַ מענטש, אַ לעבעדיקער מענטש... ער איז עס... זיין אויפגעהויבענער קאָפּ... די פּאַסן שוואַרצע האָר, די צעשויבערטע וואָס פאַלן אויפן שטערן... דאָס מויל פאַרזיגלט... די הענט פאַרבונדן מיט שטריק... ווי אַזוי קומט ער דאָ אַהער? ווי אַזוי איז ער דורכגעגאַנגען דעם ים? קאָנען דען טויטע לעבעדיק ווערן?...

— פאַר וואָס ענטפערסטו ניט? איך באַגריס דיך, וויל ריידן צו דיר און דו שווייגסט!

זי האָט נאָר געזען ווי דער מענטש טוט אַ טרייסל מיטן קאָפּ און די אויגן גליען ווי נאָענטע שטערן.

— קענסט ניט ריידן ווייל דיין מויל איז פאַרזיגלט שוין אַזוי פיל יאָרן און דיינע הענט זענען געבונדן.

טאַמאַרע האָט זיך געוווּנדערט אויף אירע רייד. פאַר וואָס קומען זיי אַרויס אַזוי אויסטערליש פרעמד?

דער מענטש האָט ווידער אַ באַוועג געגעבן מיטן קאָפּ, ווי ער וואָלט דערמיט באַשטעטיקט דאָס וואָס טאַמאַרע האָט געזאָגט. וואַרשע איז אַזוי נאָענט געוואָרן. די צייט האָט זיך אַזוי צונויפגעפּרעסט, אַז זי האָט זיך דערזען אין מיט פון יענע טעג.

— איצט קאָן איך אים העלפן. כ׳קאָן טאָן דאָס וואָס כ׳האָב דעמאָלט ניט געקאָנט. כ׳בין ניט מער אוממאַכטיק. איצט וועל איך זיך קאָנען באַפרייען פון דער גרויסער זינד צו זיין אַ פּחדנותדיקע צוקוקערין פון זיין טויט.

— שטאַרק זיך, טאַמאַרע, — האָט זי געשעפּטשעט צו זיך, — דאָס זענען קאָשמאַרן, האַלוצינאַציעס. ס׳איז דאָך אַן אוממעגלעכע זאַך. ניין; דאָס איז דאָך ע ר! איך זע דאָך מיט אייגענע אויגן! — זי האָט אים געוואָלט רופן ביים נאָמען, אָבער ניט געקאָנט אַרויסברענגען די זילבן. עס איז ניטאָ קיין נעכטן און ניט קיין היינט. עס איז דאָ נאָר אַ לוח וואָס האָט צוויי צייטאָפּשניטן: די צייט פון אומרו און די צייט פון שטילקייט, פון צער און פרייד. מיין היינט איז פּיין אומרו. עס האָט זיך אָנגעהויבן אין יענע טעג און דויערט נאָך ביז איצט. הייסט עס אַז ד אָ ס איז געשען מיט א י ם

ה יי נ ט. ער איז ה יי נ ט אומגעקומען. אפשר האָט ער זיך אויפגע־הויבן פון ציגלשטויב אַ לעבעדיקער ?...

דער מענטש איז נאָך אַלץ געשטאַנען אַן אומבאַוועגלעכער. פון זיין פּנים־אויסדרוק איז געווען צו פילן, אַז ער באַנעמט איטלעך וואָרט וואָס ווערט צו אים אַרויסגערעדט, אַז ער פילט וואָס טאַמאַרע רעדט צו זיך.

— דו ענטפערסט ניט, ווייל דו קאָנסט ניט. אוי, פאַר וואָס לאָזן איך דיך אַזוי שטיין אין דרויסן, אַ פאַרזיגלטן, מיט געבונדענע הענט. וואַרט אַ ווײַלע, איך קום שוין אַרויס פון הייפל און וועל דיך אַריינפירן...

זי איז אַריין אויף די פינגערשפּיצן אין שטוב, צוגעגאַנגען צום קיכטיש און עפּעס געזוכט. דאָס געשיר האָט אַ קלימפּער געטאָן. טאַמאַרע האָט פּאַמעלעך גענומען דעם קיכמעסער און זיך אַרויסגעשאַרט פון צימערל.

גאַבוש האָט דערהערט ווי מען פּאָרעט זיך ביים געשיר אַזוי שפּעט ביי נאַכט, איז ער אויפגעשפּרונגען. ווען ער איז אַרויס אין הייפל, האָט ער דערזען טאַמאַרען גיין צום הויפטירל און אין איר רעכטער האַנט בלאַנקט דאָס שטאָל פון אַ מעסער. ער האָט זי אָנגעכאַפּט פאַר ביידע הענט. זיי האָבן זיך געראַנגלט ביז דאָס מעסער איז געפאַלן אויפן גראָז. דאָס איז געווען אַ שטיל פאַרעקשנט געראַנגל, אָן געשריי, אָן ווערטער. ערשט ווען גאַבוש האָט געפרעגט: — טאַמאַרע, וואָס געשעט מיט דיר? — האָט זי אויסגעבראָכן אין אַ געשלוכץ.

— פאַר וואָס לאָזסטו מיך ניט... כ'וויל אויפשניידן די שטריק פון זיינע געבונדענע הענט ?... איך וויל אים באַפרייען... ער וואַרט ביים טירל... לאָז מיך...

זי האָט זיך אַרויסגעריסן פון הויף און געבליבן שטיין אין מיט פון זאַמדוועגל.

— ווו איז דער מענטש ? — האָט גאַבוש געפרעגט.

— ער איז ניטאָ.

— האָסטו דען עמעצן געזען ?

טאַמאַרע האָט ניט געענטפערט. די ווייסלען פון אירע אויגן האָבן

זיך מיט אַ מאָל פֿאַרלאָשן. אַ מידקייט איז איר באַפֿאַלן. אין די געלענקען האָט זי דערפֿילט אַ ציטער. ניין, זי האָט ניט קיין פֿיבער. עס איז דאָך איר אַלץ איינס, סיי ווי סיי גייט איר גאָרנישט אָן. זי וויל איצט ליגן און קוקן אויף דעם געקאַלכטן סופֿיט. זי געהערט זיך מיט קיינעם ניט אָן. אַ גרויסע גלייכגילט איז איר באַפֿאַלן. עמעצער האָט זי אַרויסגעשטופּט פֿון אַ פֿאַרשלאָסענעם קרייז. זי איז איצט אויסער אָרט און צייט. זי געהערט צו קיינעם ניט. ניט צו ערד און ניט צום הימל. זי איז אַ שטערן וואָס פֿאַלט.

— שטאַרק זיך, טאַמאַרע, זיי רויק. — האָט גאַבוש געזאָגט, ווי ער וואָלט איבערגעחזרט אירע אייגענע ווערטער.

— ווער ביסטו, פּרעמדער? — האָט זי פֿול מיט פֿאַרוווּנדערונג געפֿרעגט.

ה

צו מאָרגנס איז טאַמאַרע אַרומגעגאַנגען איבער די צוויי קליינע צימערלעך אַ שווייגנדיקע, אַן אויסגעלאָשענע. זי האָט געוואָלט עפּעס טאָן, געפּאָרעט זיך אין קיכל, געזוכט אין הויף, אַריבערגעטראָגן קליינע חפצים פֿון איין אָרט אויפֿן צווייטן, אָפּט געבליבן אויף אַן אָרט, אַ פֿאַרטראַכטע. דאָס אָפֿענע פּנים אירס איז ווי פֿאַרטונקלט געוואָרן. טאַמאַרע האָט געהאַט דאָס געפֿיל, אַז זי געפֿינט זיך אין אַ לאַנגן קאָרידאָר, אַ טונקעלן און קאָן ניט געפֿינען קיין טיר, וואָס זאָל זי צוריק אַרויספֿירן צום ליכטיקן דרויסן...

די ערשטע טעג האָט גאַבוש נאָכגעקוקט איר, בשעת זי האָט זיך געפּאָרעט אין קיכל. ער האָט זיך געשראָקן פֿאַר איר שווייגן. דערנאָך האָט ער זיך צוגעוווינט צו דעם אומעט וואָס האָט פֿאַרהילט די שטוב. ער אַליין איז אויך געזעסן אַן אָנגעדראָלענער און אַ בייזער ביי די פֿרישטיקן, וואָס טאַמאַרע האָט געקאָנט קוים צונויפֿשטעלן. גאַבוש האָט אָנגעהויבן אויסצומיידן די היים. ער איז געקומען שפּעט, געוואָרפֿן אַ בליק אויף טאַמאַרען, געזאָגט עפּעס אַבי יוצא צו זיין און אַוועקגעלייגט זיך אויפֿן בעטל. אַזוי זענען אַדורך עטלעכע וואָכן. געווען טעג ווען טאַמאַרע איז געוואָרן אויפֿגעהייטערט — דעמאָלט האָט זי מיט מיטלייד גערעדט

צו גאַבושן, געוועזן צו אים העפלעך, אָבער אין דער העפלעכקייט האָט זיך געפילט פרעמדקייט.

איין מאָל האָט זי אים געזאָגט:

— דאַרפסט ניט ליידן צוליב מיר. איך מאַך דיר שווער דאָס לעבן. לאָז מיך אַליין. מיר זענען זיך פרעמד געוואָרן.

ווי געוויינטלעך, האָט גאַבוש זי פאַרשאָטן מיט רייד.

— נאַרעלע, דו ביסט אָפּגעשוואַכט, וועסט געזונט ווערן און אַליין לאַכן פון דיינע איינפאַלן. גיי שוין, גיי... די חוזקסט פון מיר... ווייסט דאָך, איך קאָן אָן דיר... — ער האָט ניט פאַרענדיקט דעם זאַץ. די ווערטער האָבן זיך געקייקלט גיך, ווי אַ שווערער האָגל זענען זיי געפאַלן אויף טאַמאַרען. זי האָט געוווסט, אַז ער אַליין הערט ניט וואָס ער זאָגט. און אַז ער איז שטיל געוואָרן, איז אים באַפאַלן אַ מחשבה: אפשר אַוועקגיין, איבערלאָזן זי. ער קאָן זיין לעבן ניט אָפּגעבן, ער דאַרף זיך ניט מקריב זיין... גאַבוש האָט געוווסט, אַז ער איז ניט פעיק דערויף, ניט ער קאָן טראָגן דעם עול לגבי טאַמאַרען, ניט ער קאָן שיידן זיך מיט איר. ער האָט זיך געפּלאָנטערט אין זיין אומבאַהאָלפנקייט.

אַ צווייט מאָל איז טאַמאַרע בייז געוואָרן און געשריען:

— דו ביסט אַ מענטש אָן אַן אייגן פּנים. טראָגסט אויף זיך אַ פרעמ־דע מאַסקע, און דו ווייסט אַפילו ניט. הינטער יעדער מאַסקע איז דאָך דאָ אַ פּנים, אָבער דו האָסט אים ניט — דעם פּנים. דיין לעבן איז ריידן, ווערטער. איך קאָן זיי מער ניט הערן! זיי האָבן זיך מיר צוגעגעסן! איך קען שוין דיין שמייכלען. די מענטשן האָבן זיך נאָך ניט דערקענט אויף דיר! וואָס וועט אָבער זיין מאָרגן, ווען מען וועט זיך דערקענען אויף דיר, דו פוסטער ווערטערמיל? אָ, גאָט, כ׳קאָן מער ניט. לאָז מיך אַליין! לאָז מיך!

ער האָט זיך געחידושט אויף דער לאָגישקייט פון אירע ווערטער. זיי האָבן אים ווי געטאָן, אָנגערירט זיין אייגן־ליבע. ער איז אָבער געווען פאַרפּאַנצערט מיט פוסטן שטאָלץ. דאָס וואָס טאַמאַרע האָט געשליידערט מיט אַזאַ בייזקייט איז אָפּגעשפּרונגען פון אים, עס איז נאָר געבליבן דאָס געטומל, וואָס קומט פון שווערע רעגן־טראָפּנס אויף הוילע בלעכן.

אין די נעכט האָט זי ניט געצונדן קיין פייער. דאָס הייפל איז געווען פאַרהילט אין פינצטערניש. די קאַקטוס־שאָטנס זענען געלעגן אויף דער פּראַנטיקער געקאַלכטער וואַנט ווי קופּעס אָנגעהויפטע קעפּ. אין לבנה־נעכט האָבן זיך געזילבערט די דאָרנקוסטעס. טאַמאַרען איז די לעצטע וואָכן ניט אומעטיק געווען אין דעם הויף. צו וואָס צינדן די נאַפט־לאָמפּ, אַז ס'איז גענוג פאַר איר דאָס ליכט פון די שטערן.

האָט דען עמעצער פון די תושבים פון דעם פאַרלאָזטן אַראַבישן דאָרף אַזוי אָפּגעפּילט דאָס ליכט פון די שטערן, ווי טאַמאַרע? האָט דען עמעץ אַזוי ווי זי געוואַנדערט מיטן בליק איבער דעם מילכוועג? איז דען עמעצנס האַרץ אַמאָל אַזוי אויפגעצאַפּלט געוואָרן בשעת דעם פאַלן פון אַ שטערן ווי טאַמאַרעס האַרץ?

דער הימל און די ערד פון דעם הפקר־דאָרף האָבן טאַמאַרען געענטפערט אויף איר ליבע מיט ליבשאַפט. זיי האָבן זיך געלאָזט פאַר איר אַנטפּלעקן מיט דער טיף־פאַרבאָרגענער פּראַכט, מיט דער גוטסקייט וואָס נאָר מענטשן מיט אָפענע הערצער און מיט מילדקייט אין די אויגן קאָנען פילן און זען. און טאַמאַרע איז געווען איינע פון די מענטשן צווישן די ניי־געקומענע וואָס האָבן דערצו זוכה געווען.

איין מאָל איז געקומען דער שכן. דאָס איז געווען דער ייד פון בולגאַריע. ער איז געשטאַנען ביים פּלויט.

— שלום, שכנטע.

טאַמאַרע האָט געענטפערט מיט אַ קאָפּשאָקל. זי האָט עפּעס אויס־געשטאַמלט און געפּילט ווי דער אומרו, דער האַלב פאַרשוווּנדענער, קומט צוריק. דאָס איז שטענדיק געשען ווען זי האָט באַגעגנט מענטשן. די אויגן זענען איר מאַט געוואָרן. די קליינע, קוים מערקנדיקע פּנים־קנייטשן האָבן זיך געשאָטנט. גאָר אַן אַנדערע איז זי געווען, ווען זי איז געשטאַנען מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ, איינע אַליין, צו דעם הימל. אַ ליכטיקייט האָט געשלאָגן פון איר, אַ גוטע מילדע רויקייט. פאַר וואָס איז זי אַזאַ ניט מיט מענטשן? טאַמאַרע האָט זיך געריסן פון דער נעץ, וואָס האָט זיך געשפּינט אַרום איר, פון דעם געדיכטן און גרויליקן נעפּל וואָס האָט איר פאַרהילט.

— שלום צו איך, שכן...

— שוין עטלעכע נעכט ווי ביי איך איז פינצטער. געמיינט, איר זענט אויך אַוועקגעפאָרן... מיין אַלטע האָט מיך געשיקט פרעגן... נייטיקט איר זיך אין עפּעס ?...

טאַמאַרע האָט שטיל אין זיך איבערגעחזרט דעם „אויך אַוועקגעפאָרן" — דאָס מיינט מען איר מאַן, גאַבושן. זיי מיינען אַז ער איז אַוועקגעפאָרן.

— מיר זענען ווינציק באַקאַנט. ניט אויסגעקומען...

— כ'באַדויער — האָט טאַמאַרע געזאָגט און דערפילט אַ דער־לייכטערונג, וואָס דער שמועס קייקלט זיך אַוועק אָן אַ זייט און מען רעדט ניט וועגן גאַבושן.

— מיין נאָמען איז ניסים.

ערשט איצט האָט זי זיך איינגעקוקט אין דעם צעקנייטשטן פּנים פון שכן. אַ צעאַקערט פּנים, פאַרברענט פון זון, מיט האַרטע פּנים־מוסקלען. סאַראַ גוטע בלאָע אויגן! ער האָט געשוויגן און געזוכט די שוועבעלעך צו פאַררייכערן די ליולקע. טאַמאַרע האָט געבראַכט שוועבעלעך פון דער קיך.

— נעמט, אדון ניסים. — איר קול איז געווען היימיש און אויפ־געבונדן.

— אָ, ווי די הענט ציטערן איך. איר זענט נאָך אָפּגעשוואַכט, זעט אויס פון יענער אסיפה. געדענקט איר מיך פון יענעם אָוונט ?

זי האָט ניט געוואָלט זיך דערמאָנען אָן יענער פאַרזאַמלונג און פאַרקערעווען דעם שמועס אויף עפּעס אַנדערש. זי האָט אים אויסגעפרעגט וועגן זיין אַרבעט, וועגן גאָרטן ביי דער שטוב, געבעטן אַז ער זאָל קומען מיט דער פרוי. און אַז ניסים איז אַוועק האָט זי אים נאָכגעקוקט. זי האָט געזען זיינע טריט אין זאַמדוועגל, די ברייטע אַקסלען געבויגן, די הענט — מיט גרויסע אָפענע דלאָניעס, ווי קאָרע פון איילבערטן. אין די ערשטע חדשים האָט טאַמאַרע ניט איין מאָל באַגעגנט ניסימען ביי פאַרריכטן די הפקר־וועגן. ביי דער אַרבעט איז ער געבליבן ביז איצט. די סימנים וואָס ער געלאָזן נאָך זיך אין זאַמדוועגל פון זיינע שווערע באַשטיוולטע פיס זענען געווען גרויסע, טיפע. אויך די שפּורן וואָס ניסימס באַזוך האָט

איבערגעלאָזט אויף טאַמאַרען זענען געווען קענטיקע. דאָס איז געווען איר ערשטער קאָנטאַקט מיט מענטשן זינט יענער פּאַסירונג. זי האָט זיך געשראָקן ניט אַזוי פאַר די שכנים ווי פאַר זיך אַליין, מורא געהאַט צו בלייבן פּנים־אל־פּנים מיט זיי. זי האָט זיך ניט געטרויט. די אומזיכערקייט אירע איז שטענדיק צוריקגעקומען בשעת אַ פּלוצעמדיקן באַזוך פון גאַבושן. ער האָט געבראַכט מיט זיך האַלב פאַרשוווּנדענע זעונגען. אין זיינע רייד האָט זי אָפּגעפילט יענעמס גרויסן שווייגן, אין דעם חניפהדיק געלעכטערל דעם גאַרניט־זאָגנדיקן — יענעמס טראַגישן ערנסט, אין זיינע שנעלע האַנט־באַוועגונגען און איבערגעאיילט געגנגל — יענעמס געבונדנקייט וואָס איז כּולו גבורה, אין זיין צופּאַסן זיך צום לעבן — יענעמס בונטאַרישקייט, אין זיינע אויגן די פאַלש־העפלעכע — יענעמס בליק וואָס קאָן נאָך איצטער מיט דעם אייביקן פייער וועלטן אונטערצינדן.

— גיי, לאָז מיך. — האָט זי געשעפּטשעט דורך די פאַרשטשעמ־לעטע ציין. און גאַבוש איז אַוועק און דערנאָך ווידער געקומען. אַזוי האָט עס זיך געצויגן טעג און וואָכן.

טאַמאַרע האָט ניט געוווּסט, אַז די ערשטע באַרירונג מיט מענטשן פון פאַרלאָזטן דאָרף וועט אויף איר מאַכן אַזאַ איינדרוק. זי האָט שוין איצט דערוואַרט דעם שכן ניסים אין די פאַרנאַכטן. ער איז געקומען מיט זיין ווייב, אַ ברייט־פּנימדיקע, אייביק־שמייכלענדיקע אין טונקעלע קליי־דער. די צוויי פרויען זענען געזעסן און געמיטלעך גערעדט. ניסימס שווייגנדיקייט, די פאַרנאַכטיקע רו, דער בלאָער רויך פון זיין ליולקע, דער פּלוצעמדיקער דריבנער פייגל־געצוויטשער האָט טאַמאַרען ווידער פאַרקניפּט מיט דער שיינער וועלט.

ו

צווישן די הפקר־פּרדסים מיט די פאַרטריקנטעביימער האָבן זיך געוויקלט שמאָלע זאַמדוועגלעך. ס'רוב זענען ביידע זייטן געווען פאַר־צוימט מיט אַ סאַברע־גדר, מיטן האַריקן קלעטערקוסט אָדער מיט מימאָ־זע־קוזשאַקעס. ווו ניט ווו האָט זיך געשאָטנט אַ סיקאַמאָר־בוים. ביי אַ טייל פון די שאָטנביימער, צעשפּרייטע איבער דעם פלאַך, האָבן זיך אָנגעזען

די געוועלבטע שטיינערנע ווענט פון ברינעמער. קיינער האָט איצט ניט געדאַרפט זייער וואַסער, קיינער האָט ניט געדאַרפט די קילקייט פון די סיקאַמאָרן. ניט געווען קיין האַנט, וואָס זאָל שפּרייטן קוואַליק וואַסער אין די צעמענטענע קאַנאַלן פון לעכצנדיקן פּרדס און פון דאָרט זאָל עס אַליין צעפליסן צו די ביימער. וואַסער צום טרינקען איז געווען גענוג. די מענטשן זענען נאָך געווען פאַרנומען מיט די נייע היימען און ניט באַוויזן אַרומצוקוקן זיך איבער גאָטס וועלט.

אין יענע טעג איז געקומען אַ פרעמדער מענטש צו איינעם פון די פאַרוואָרלאָזטע ברינעמער און גענומען צעשרויפן די ברינעמערערן. דער ערשטער האָט דאָס דערזען ניסים. דער ברונעם האָט זיך געפונען ניט ווייט פון טאַמאַרעס הויף. אויך טאַמאַרע האָט געזען דעם אויסטערלישן מענטש. אַזאַ איינעם האָט מען ביז איצט ניט געזען אין פאַרלאָזטן דאָרף. דאָס איז געווען אַ מענטש אין די מיטעלע יאָרן, מיט אַ ברוין־גלאַנציק פּנים, אַ ביינערנדיקס, מיט טיף אַריינגעשניטענע אויגן. עס האָט זיך צונויפגעזאַמלט אַ קרענצל מענטשן און חידושדיק געקוקט צו דעם ברו־נעם. דערנעבן איז געלעגן אַ בינטל אַרבעטס־מכשירים, אייזערנע שליסלען און שטיקער רערן. אויפן וועגל איז געשטאַנען אַ וואָגן, אַ צעשפּאַנטער, און צום סיקאַמאָר־בוים, איז געווען צוגעבונדן אַ מוילאייזל. דעם פרעמדן האָט מען ניט געזען נאָר פון דער ברונעם־טיפעניש זענען דערגאַנגען דעמפּיקע קלעפּ.

— ער צעברעכט דעם ברונעם, — האָט איינער געזאָגט.

— פון וואַנען ווייסטו?

— וואָס הייסט פון וואַנען. עץ זעט ניט. ער צעשרויפט דאָך די רערן!

— און אפשר מאַכט ער גאָר צורעכט און וויל לאָזן דעם מאָטאָר אַרבעטן?

— גיי שוין, גיי — האָט זיך דער מענטש געבייזערט — וועלכער משוגענער וועט דאָ פאַרריכטן אַ ברונעם, צו וואָס דאַרף מען דאָס?

— און די פּרדסים? די פעלדער?

דער מענטש מיט דעם טונקל־געקאַרבטן פּנים האָט זיך צעלאַכט און געטייטלט אויפן אייזל.

— זעסט דאָס אייזל — האָט ער זיך געוואָנדן צום באַברילטן, וואָס האָט אים געשטעלט די פֿראַגן — ס'האָט אַ גרויסן קאָפּ זאָל עס זאָרגן...

ער איז צוגעגאַנגען מיט דעם נאָכלאָזיק־וויגנדיקן גאַנג צו דעם ברונעם, אַריינגעקוקט אַהין און הייזעריק געשריגן:

— העי, כ'קאָן דיר העלפֿן, עב'עד אויך עפּעס פֿאַרדינען! וואָסי, ווילסט ס'גאַנצע אָפּזשאַבען איינער אַליין!... איך בין צו דעם אַ שותּף...

אַ טויטער עכאָ ווי פֿון אַן אויסגייענדיקן דונער האָט זיך געקייקלט אין ברונעם, אָנגעשלאָגן זיך אָן די גליטשיקע ברונעמשטיינער און פֿאַמע־לעך אויסגעגאַנגען.

אין קרענצל מענטשן איז געווען ניסים, דער באַברילטער שניי־דער, יאָנטל סטאָלער, בערטשיקל — דער אייגנטימער פֿון שפּייזקרעמל, הענעך אינוואַליד און עטלעכע פֿרויען. איידער די מענטשן האָבן נאָך עפּעס וואָס געזאָגט, האָט זיך באַוויזן אין דער ברונעם־עפֿענונג אַ קאָפּ און פֿון דאָרט איז אַרויסגעקראָכן דער פֿרעמדער. ער האָט זיך באַוועגט אויפֿן ברונעם־לייטער מיט דער פֿלינקייט פֿון אַ קאַץ.

דער מיטן טונקל־געקאַרבטן פּנים האָט גערעדט צום פֿרעמדן:

— איך הייס מאַקסל... מאַקסל... מען קען מיך אין דאָרף... ביי אַזעלכע זאַכן דאַרף מען מיך רופֿן...

דער פֿרעמדער האָט אָנגעשטעלט זיינע אומרויִקע אויגן אויף די מענטשן און זיי פֿאַרהאַלטן ביי מאַקסלען.

— אַן אַראַבער! אַן אַראַבער!

דער מענטש האָט געפּרוּווט שמייכלען. זיינע ווייסע ציין האָבן אַ לויכט געטאָן, ווי פֿאַרצעליי־שערבלעך אויף אַ זאַמדוועגל.

— שלום איך... מאַרכאַבאַ... סאַלאַמאַט... כ'פֿאַרשטיי ניט... איך רייד אַ ביסל עבֿרית...

ניסים איז די גאַנצע צייט געשטאַנען אַ שווייגנדיקער, ער איז נאָענט צוגעקומען צו דער ברונעם און געפֿרעגט:

— ווער ביסטו? וואָס טוסטו דאָ? האָט דיך עמעץ אַהער געשיקט?

— אני ערבי... — האָט דער פרעמדער געזאָגט און זיך געגעזעגנט.
ער האָט דערביי געווישט די הענט אָן די ראַנדן פון כאַלאַט און אַרויס־
גענומען פון בוזעם אַ צעקנייטשט פּאַפּירל.

— לייען דאָס, כאַוואַדזשאַ... אדוני... אַ רשיון... וואַראַקאַ... דאָס
איז מיין ברונעם... מיין פעלד... מיינע רערן... איצט ווין איך אין רמלה...
דאַרף רערן...

ניסים האָט געלייענט דאָס פּאַפּירל הויך אויפן קול. דער אַראַבער
האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

— נעם, אונדזערע האָבן דערלויבט.

ניסים איז אַוועק. ביי דער שטיינצוים איז געשטאַנען טאַמאַרע.
זי האָט זיך די גאַנצע צייט צוגעקוקט צום קרענצל מענטשן.

— וואָס איז דאָרט געשען?

— גאָרניט. אַן אַראַבער...

— אַן אַראַבער? — האָט חידושדיק געפרעגט טאַמאַרע.

— וואָס איז דער ווונדער, אַ מענטש מיט מענטשן גלייך. מ׳האָט
אים דערלויבט נעמען די ברונעמרערן. ער האָט באַקומען ערד אין רמלה.

פון דער ווייטנס זענען דערגאַנגען מאַקסלס הייזעריקע קולות:

— עץ האָט שוין אַזעלכעס געזען! מען גיט זיי נאָך די אַראַבער!
זיי וועלן אַלץ צעשלעפּן... קיין שותפות שטייט אים ניט אָן, אַ רוח אין
זיין טריפהנעם האַרץ אַריין... כ׳וואָלט אים אַוועקגעגעבן די גאַנצע ברינע...
לאָזט מיך אָפּטובלען אים, עט׳ער שוין ניט דאַרפן קיין רערן!...

איינער באַר איז געווען וואָס האָט געקענט מאַקסלען אָפּענטפערן,
און דאָס איז יאָנטל דער סטאָלער. ער האָט צו אים אַ ברי־געטאָן מיט
זיין בליק. און דאָס איז געווען פאַר מאַקסלען גענוג. דער בליק האָט
באַדייט: האַלט דאָס מויל! און מאַקסל האָט דאָס גלייך פאַרשטאַנען.
ער האָט געקרעכצט, אַראָפּגעלאָזן דעם באַוואַקסענעם קודלאַטן קאָפּ און
געגאַנגען איינער אַליין צום מעטשעטבערגל.

— אַז ס׳איז זיינס קומט עס אים — האָט דער באַברילטער
שניידער געזאָגט, — ער פירט דאָך די רערן ניט אַרויס פון לאַנד אויף

יענער זייט ירדן... ער וועט דאָך דערמיט באַארבעטן אַ פעלד וואָס געהערט אונדז... צו וואָס זאָלן די רערן דאָ ליגן סתם אַזוי...

— און אפשר וועט ער פאַרקויפן די רערן אויפן מאַרק...

— פאַרלאָז זיך אויף די וואָס האָבן געגעבן דעם רשיון.

דערנאָך איז שטיל געוואָרן אויפן זאַמדוועגל. אין דער שטילקייט האָט טאַמאַרע געהערט דעם געקלימפּער פון אייזן, וואָס איז דערגאַנגען פון דעם ברונעם. זי האָט געזען דעם אַראַבער אַרומפּאָרן זיך ביים וואָגן, מיט לאַנגע שטריק האָט ער אַרויפגעצויגן די אָפּגעשרויפטע רערן.

די מעשׂה מיטן אַראַבער האָט זי פאַראינטערעסירט. ס'ערשטע מאָל ווי זי קען טראַכטן וועגן זייטיקע ענינים און ניט נאָר וועגן זיך. אַ גאַנצן נאָכמיטאָג האָט זי נאָכגעקוקט דעם אַראַבערס אַרבעט ביים ברונעם. דעם טאָג האָט זי זיך גוט געפילט. מאָרגן וועט זי פאָרן אין שטאָט אַריין. זי מוז זיך זען מיט מענטשן, מיט פריינד, געפינען באַשעפ־טיקונג. זי דאַרף דאָך לעבן. לעבן — אַ באַנייט וואָרט פאַר טאַמאַרען! אָט לאָזט זיך אַראָפּ אין דער ברונעמטיפעניש אַ מענטש. ער וועט באַלד ווידער אויפטויכן אין דער ברונעם־עפענונג מיט זיין טוקל־ביינערדיק האַרט פּנים און קויל־שוואַרצע אויגן. אָט שניידט דורך אַ פויגל דעם בלאָען הימל און טראָגט זיך צום איילבערט־וועלדל. דאָס אַלץ הייסט לעבן.

מיט אַ מאָל האָט אַ קלאַפּ געטאָן ביים ברונעם. זעט אויס עפּעס האָט זיך אָפּגעריסן און געפאַלן אין דער טיפעניש אַריין. ס'איז שטיל געוואָרן. שוין אַ היפּשע צייט ווי מען הערט ניט קיין געשאָרך. אפשר איז דער מענטש מיד געוואָרן פון אַרבעט? אפשר עסט ער איצט זיין אָרעם ברויט? פאַר וואָס דויערט עס אַזוי לאַנג? דאָס מוילאייזל האָט זיך צערעוועט. טאַמאַרעס אויגן זענען צוגעשמידט צו דער ברונעם. זי זעט דאָרט קיינעם ניט. אַלע זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען. איצט הערט מען אַ געשאָרך, אַ שטילן, אויסגעצויגענעם געשעפּטש, אַזוי ווי עמעץ וואָלט תּפילה געטאָן. ס'איז אוודאי פון די וויקלגראָזן. דער ווינט פאַרפּלאָנטערט זיך אין זיי, וואָיעט ער ווי אַ פאַרוווּנדעטע חיה. ס'איז שוין ערב זונפאַרגאַנג און ביי דעם ברונעם איז שטיל. אפשר איז דער מענטש אַוועק? פאַר וואָס איז געבליבן דאָס מוילאייזל?

טאַמאַרע האָט ניט געקאָנט איינשטיין אין הייפל. זי איז אַרויס אויפן וועגל און געזוכט די שכנים. קיינער איז ניטאָ. עפּעס איז געשען מיטן פרעמדן! טאַמאַרע איז געגאַנגען איילים. צוגעקומען צום ברונעם האָט זי דערזען דעם אַראַבער אַ פאַרקלאַמערטן ביים לייטער־שטאַפּל. זיינע הענט זענען געווען אריינגעפלאָכטן אין די אייבערשטע לייטער־שטאַנגען און אַזוי איז ער געהאַנגען. דער אונטערשטער טייל פון ברונעם־לייטערל האָט זיך אָפּגעריסן און געלעגן אַ צעבויגענער. זי האָט גערופן הילף. ניסים איז געקומען צו לויפן. מען האָט באַפרייט די פאַרקראַמפטע הענט פון ברונעמלייטער, און אַראָפּגעזעצט דעם פאַרחלשטן אויפן גראָז. טאַמאַרע האָט געזען ווי אַ מענטשלעך לעבן הענגט איבער אַן אָפּענעם אָפּגרונט, אַ תהום מיט אַ שוואַרץ־לאַכנדיק מויל. זי האָט געציטערט פאַר דעם גורל פון אומבאַקאַנטן מענטש מערער ווי פאַר איר אייגענעם גורל, בשעת זי האָט צוזאַמען מיט ניסימען אַרויסגעצויגן דעם אַראַבער פון ברונעם.

די פיס ביים אַראַבער האָבן געבלוטיקט. אַן אייזנראַנד האָט זיך איינגעשניטן אין די אייבערשטע פליישיכטן. טאַמאַרע האָט געבראַכט ווייסן בינד און יאָד. זי האָט זאָרגעוודיק אַרומגעוואַשן די ווונדן. דער מענטש האָט געעפנט די אויגן און מילד געשמייכלט.

— אָ, ס׳איז גאָרנישט... מערער שרעק ווי ווייטיק... ווען קענען אַהיימפאָרן...

טאַמאַרע איז אַליין געווען פאַרחידושט פון דער געניטשאַפט, מיט וועלכער זי האָט איבערגעבונדן די ווונדן. ס׳איז אָנגעשווומען פלוצעם אַ פאַרלוירענע וועלט... בלוט, ווונדן... ווייסער בינד... ווייסע שפּיטאָל־קאָרידאָרן... שוין אַזוי לאַנג... אַזוי ווייט...

דער אַראַבער האָט געשוויגן. ער איז געוואָרן קליין און ציטעריק, אַ גרויסע גוטסקייט, די גוטסקייט פון אַ קינד האָט אַרויסגעשיינט פון זיינע אויגן.

— איר זענט געווען אַ קראַנקן־שוועסטער? — האָט געפרעגט ניסים.

— יאָ... אַמאָל... געלערנט מעדיצין...

— פאַר וואָס האָט איר עס ביז איצט ניט געזאָגט?

ביידע האָבן זיך איבערגעבויגן איבער דעם פרעמדן. ניסים האָט זיך פאַרטראַכט און אַרויפגעלייגט זיין גרויסע פאָטערישע האַנט אויף טאַמאַרעס פּלייצע.

— איך זע, קינד מיינס, אַז דו ווערסט זיך אַליין אָפּגעפינען... דו האָסט דיך שוין אָפּגעפינען...

עס איז שוין געווען פינצטערלעך ווען דעם אַראַבערס קול, אַ געבראָכנס, אַ טרוקנס, איז דערגאַנגען צו טאַמאַרען מיט דעם אַלט־באַקאַנטן מענטשלעכן צער.

ז

צו מאָרגנס איז צו טאַמאַרען געקומען ניסים מיט עטלעכע מענטשן פון דאָרפס־ראַט. גערעדט האָט ניסים:

— אַזוי ווי דו ביסט אַ קראַנקן־שוועסטער און מיר דאַרפן אין דאָרף עפענען די אַמבולאַטאָריע, דאַרפסטו דאָרט אַרבעטן. דער אַלטער דאָקטאָר קען זיך אַליין ניט קיין עצה געבן. אַ סך קראַנקע אין דאָרף...

— אוי, דאָס איז שוין לאַנג... געדענק שוין באַלד ניט... אָבער פאַר וואָס שטייט איר? זעצט זיך...

זי האָט אַ גאַנצע נאַכט געפיבערט, געוואַרט אויפן מאָרגנדיקן טאָג. זי האָט זיך געפּעכלט אין ווייס־געפּרעסטן פאַרטעך. געשטאַנען ביים שפּיגל און פאַרקניפּט דעם ווייסן שלייף אַרום אירע ליכטיקע האָר. צו דער אַרבעט איז זי געגאַנגען ניט מיט איר פריערדיקן גאַנג. זי האָט געשטעלט פלינקע טריט. אַ ליכטיקייט האָט פון אינעווייניק אַרויסגע־שטראַלט, און די ליכטיקייט האָט זיך געשפּרייט אַרום איר.

מען האָט שוין געוואַרט אויף איר אין קליינעם הילצערן צריפל. דער אַלטער דאָקטאָר האָט וואַרעם געדריקט איר האַנט. אין פאָדער־צימער האָבן געוואַרט עטלעכע יונגע מאַמעס מיט קליינע קינדער. סאַראַ שיינע קינדערלעך, סאַראַ גלאַטיקע ראָזע בעקלעך! זי האָט זיך איינגע־

בויגן און אײנעם, אַ װײסהאַריקן מיט גרױסע פאַרװײנטע בלאָע אױגן, אױפגעהױבן הױך איבער זיך.

— װאָס איז קלײן מלאכל, זאָג ?...

גאַבוש איז זעלטן געקומען אין פאַרװאָרלאָזטן דאָרף.

טאַמאַרעס בליק האָט אים שפּלדיק געמאַכט. ער האָט געװאָלט זיך פאַרטײדיקן. זײנע רײד האָבן זיך ניט געבונדן, דאָס איז גיכער געװען אַ שטאַמלערײ. ער האָט אין איר בײזײַן פאַרלױרן די גלײכװאָג.

אײן מאָל האָט ער איר געזאָגט:

— כ׳װײס ניט, טאַמאַרע, פאַר װאָס... איך קאָן דאָ ניט בלײבן, אָבער איך קאָן אױך ניט אַװעק... אױב איך זאָל דאָ בלײבן, מוז איך אַלץ אָפּטרײסלען פון זיך... אָנהײבן פון דאָס נײ... אַן אומבאַקאַנטער... אַ שטײנ־האַקער אױף די װעגן... אָדער אַ ציטערדיק פקידל... און אױב איך זאָל אַװעק פון דיר — האָט גאַבוש מיט אַ געבראָכענער שטים געזאָגט — װעל איך זיך אַרומטראָגן אַ פאַרלױרענער.

טאַמאַרע האָט אים גאָרנישט געענטפערט.

מיט אַ צײַט שפּעטער האָט זיך באַװיזן אױפן מעטשעטבערגל אַן אַראַבער. ער איז געװען אָנגעטאָן אין יום־טובדיקע קלײדער. דער װײסער קאָפּטוך פאַרבונדן מיט אַ שװאַרצן שניר, דער לאַנגער פּאַסן־כאַלאַט פריש געפּרעסט און אין האַנט אַ קײשל. אַ האַלבן טאָג האָט ער זיך אַרומגעדרײט איבערן געסל און זיך נאָכגעפרעגט אױף עמעצן. ער האָט געזוכט די פרױ, װאָס האָט אים איבערגעבונדן די װונדן בײ דער ברונעם. ערשט װען ער האָט אָנגעװיזן דאָס הײזל, פון װעלכן זי האָט געבראַכט בינד, איז מען דערגאַנגען, אַז ער מײנט טאַמאַרען, די קראַנקן־שװעסטער. ער איז געדולדיק געזעסן אין װאַרטװינקל פון צריפל, געװאַרט אַז די טיר זאָל זיך עפענען. מענטשן פון געסל זענען זיך צונױפגעלאָפן און נײגעריק אַרײנגעקוקט דורך די טירן און פענצטער.

— גײט זיך געזונטערהײט. װאָס קוקט איר װי אױף אַ בײזװונדער...

אין דער אָפענער טיר האָט זיך באַװיזן טאַמאַרע. דער פרעמדער

האָט זיך פאַרנייגט און עפּעס געזאָגט. ער האָט אַוועקגעשטעלט דאָס קיישל ביי טאַמאַרעס פּיס.

— טו אַ געפעליקייט... אַמלי מאַארוף... נעם די מתנה... זאָג ניט אָפּ, באַליידיק מיך ניט.

זי האָט אים גלייך דערקענט, דעם אַראַבער, לויטן האַרט־ביינערדיקן פּנים, לויט דעם בליאַסק פון די ווייסע ציין.

— מיר זענען מענטשן ווי אַלע... איך געדענק דיין גוטסקייט... דיין מאַארוף... אויך אַללאַ געדענקט גוטסקייט...

טאַמאַרע האָט אויסגעשטרעקט צו אים איר האַנט. דאָס איז שוין ניט געווען די ציטערדיקע האַנט פון דער פאַרשאָטנטער טרויעריקער יונגער פרוי, דאָס איז געווען אַ וואַרעמע האַנט פון אַ צעשמייכלטן אויפ־געוואַכטן מענטשן.

ער איז אַוועק, דער אַראַבער, אַ צעשטראַלטער. אים האָט מער ניט פאַדראָסן דער פאַרשנדיקער בליק פון די געסל־תושבים, די בליקן פון קינדער וואָס זענען אים נאָכגעגאַנגען זייטיק, שאַרנדיק זיך ביי די מויערן.

איין גרויסער הימל שפרייט זיך איבער גאָטס וועלט — אַ הימל פול מיט רחמים צום מענטש.

## א

סאַנע איז געבליבן אַליין אויפן שאָסיי. אַ שטילקייט האָט אים אַרומגענומען. זי איז אים באַפאַלן, די שטילקייט, אַזוי פּלוצעם, אַז ער האָט זיך געוווּנדערט קעגן איר. ער האָט עפּעס הויך געזאָגט, דערנאָך געברומט אַ בייזע ברומערײַ קעגן דעם שאָפער, וואָס האָט אים פֿאַרשלעפּט און ניט אַראָפּגעלאָזט אויפן אָרט. ער האָט הנאה געהאַט פון דעם געסקריפּ פון די באַרגשטיינדלעך אונטער זיינע פיס. עפּעס אַזאַ אומהיימלעכע שווייגעניש, שווער זיך צוגעוווינען צו איר נאָך דעם ווי דער בלעכענער קאַסטן האָט אים אַנדערהאַלבן שעה געבויערט די שלייפן. ער האָט גערעדט צו זיך, נאָר די ווערטער זענען אויסגעגאַנגען אין דער שטילקייט ווי די שאָטנס פון קליינע באַרג־פייגל, וואָס זענען נידעריק פאַרבייגעפלויגן.

דער שאָסיי האָט געפירט באַרג־אַראָפּ. ביים רעכטן ראַנד פון וועג האָט זיך געצויגן אַן אויפגעשניטענער רוקן פון אַ פעלדז, אַ שטיינערנער, מיט שיפּע פלאַסטן שטיין; געל־בורשטינענע, רויט־ציגלדיקע מיט בלאָע מירמל־אָדערן. ערגעץ ווו, צופוסנס פון אַ שטיין, האָט אַרויסגעקוקט אַ צעקנאָדערטער קאַרליק־קוסט, און אויף אַ שטיין האָט אַ פייגנבוים אַוועקגעלייגט זיינע צווייגן. ערשט דאָרט ווו עס האָט זיך געענדיקט דער אויפגעשניטענער פעלדז, לעבן שאָסיי, האָט זיך מיט אַ מאָל אַנטפּלעקט אַ טיפער באַרג־אַראָפּהאַנג מיט אויסגעהאַקטע שטיין־טעראַסעס. פון ביידע זייטן האָבן זיך געשפּרייט די נאַקעטע שטיינרוקנס פון בערג. ווייסגראָע שטיינער, געשליפענע, געשייערטע, צעוואָרפענע איבער באַרגווייטן האָבן צוגעצויגן סאַנעס בליק. זיי האָבן אים טרויעריק געמאַכט. עס האָט

זיך אים געדאַכט, אַז גאָט אַליין האָט פאַרזיגלט מיט שטיינערנע זיגלען די טראַכט פון די בערג.

— דאָ דאַרף עס זיין — האָט ער שטיל אויסגעשעפּטשעט. אויף אַ באַרגרוקן האָט זיך געוויקלט אַ שמאָל צעאַקערט שטעגל, די ברייט פון אַן אַקס. דאָס שטעגל איז געווען רויט־ערדיק און אויף טייל ערטער גראָ און ווייס פון די צעריסענע שטיינער. דאָס איז געווען אַ שטעגל פול מיט ערדשוועלן און שטיקער אַנהויפּן, וואָס אַ טראַקטאָר האָט אויפגעשניטן אפשר מיט אַ טאָג־צוויי צוריק. די זון האָט נאָך ניט באַוויזן אויסצולעשן ניט די פרישע ערדגרודעס, ניט דעם געבלענד פון שטיינשפּליטערס. איצט דאַרף נאָך דאָ דורכגיין דער שווערער מאַשין־פּרעסער. ער וועט עס איינפּרעסן דאָס שטעגל, האַרט מאַכן, אַז מען זאָל קאָנען דורך דאַנען פאָרן — האָט געטראַכט סאַנע. אויב דער מאַשין־פּרעסער זאָל ניט דורכגיין, איז די אַרבעט אַ פאַרפאַלענע, אַז ס׳וועלן קומען די רעגנס וועט אַלץ אַראָפּגעשווענקט ווערן.

ער איז געגאַנגען אויף דעם פריש־אויפגעשניטענעם שטעגל, אָפּט מאָל אונטערגעשפּרונגען, אויסגעמיטן שאַרפע שטיינפּלאַסטן, ברילעס. אויף טייל ערטער האָט ער אָנגעטראָפן אַרויסשטאַרנדיקע וואָרצלען, לאַנגע און געוויקלטע מיט אַ סך בייוואָרצלדיקע אַרויסשפּראָצונגען.

דאָס אויפגעריסענע שטעגל האָט איצט געפירט האַסטיק באַרג־אַראָפּ. פאַר זיך, אויף אַ באַרגראַנד, האָט סאַנע דערזען אַ שורה קליינע בלעכענע הייזלעך. אין דער נידער האָט זיך געשפּרייט אַ דרייעקיק פלאַכלאַנד און עטלעכע מענטשן האָבן זיך געפּאָרעט ביי אַ שווערער מאַשין. אַרום זענען אויפגעשטעלט ווי אַ דרייפוס שטאָלענע שטאַנגען.

פאַר וואָס האָט מען אויסגעקליבן דווקא דאָס אָרט אויף די גראָבונגען? אַ האַנט דערין האָט געהאַט סאַנע. ער איז געזעסן לאַנגע טעג איבער די טאָפּאָגראַפישע קאַרטעס פון דער געגנט, געחשבונט, געמאָסטן, די הויכקייט פון די בערגשפּיצן, די טיפקייט פון די באַרגשפּאַלטן און טאָלן, פאַרגליכן זיי מיט דער טיפקייט פון אַ פאַרגעסענעם ברונעם אין אַ שכנותדיק אַראַביש דערפל, וואָס ווערט נאָך דערמאָנט אין תּנך. דאָרט איז דאָך געווען וואַסער, און דער ברונעם־שפּיגל ליגט אויף דער זעל־

ביקער פלאַך ווי דאָ, אין דעם טאָל. אפשר שפּרודלט דער זעלביקער קילער וואַסערשטראָם אין דער ערד פונעם נייעם תימנער דערפל וואָס אין יענעם אַלטן יישוב?

ב

דאָס איז געווען אַ שטיל אָטעמען, וואָס האָט אָנגעהאַלטן טאָג און נאַכט. עס האָט זיך אויסגעדאַכט אַז דאָס אָטעמען די בערג. די הימלען האָבן זיך איינגעהערט אין דעם אָטעם און וואָלקנס האָבן זיך אין די נעכט פאַרהאַלטן איבערן טאָל. סאַנע האָט געשפּירט, אַז דאָס שטילע שלאָגן פון זיין האַרץ גיסט זיך צונויף מיט דעם מאָטאָר־קלאַפּן. עס איז אים נאָענט געוואָרן דער אָטעם פון דער גראָבמאַשין. אפילו די דאָרף־תושבים האָבן זיך צוגעווינט צו דעם אָטעם פון דער בויער־מאַשין. די ערשטע טעג זענען זיי געקומען אַלט און יונג, געשטאַנען אין אַ האַלבראָד און חידושדיק געקוקט אויף די מענטשן, וואָס האָבן זיך געפּאָרעט ביי די גרויסע שטאָלענע רערן און שטאַנגען. די מענער, מיט געקרייזלטע האָר־קנויפּן אויף די קנאָכיקע באַקן, האָבן באַטאַפּט מיט טונקל־ביינערדיקע פינגער די אייזנס, געפרעגט קשיות, און האָבן צווישן זיך געשמועסט. דאָס איז געווען אַ שטילער ליפּן־געציטער.

— חביבי... איינער האָט אויפגעהויבן זיין פּנים צום שפּיץ פון בויערשטאַנג און דערביי געפינטלט מיט די בלאָ־אָנגעדראָלענע ווייסלען פון די שוואַרצבערעמענדיקע אויגן.

די מענטשן, וואָס האָבן די ערשטע טעג געאַרבעט ביים אויפשטעלן די בויערמאַשין, האָבן געפּלאַנטעוועט דאָס וועגל וואָס אַ טראַקטאָר האָט מיט אַ צייט צוריק אויפגעשניטן; זיי האָבן צוגעגרייט אַן אָרט פאַר דער פּרעסמאַשין וואָס וועט די טעג קומען און דערמיט וועט זיך ענדיקן זייער אַרבעט. נאָר סאַנע וועט דאָ בלייבן מיט אַ נאַכט־שומר, דאָס וועט אוודאי זיין דער אַלטער גמליאל, דער וואָס פירט וואַסער אויף אַן אייזל. סאַנע וועט ניט צוריקפאָרן אין שטאָט אַריין, ביז די אַרבעט וועט ניט פאַרענדיקט ווערן. צו וואָס זאָל ער דאָס טאָן? ערשטנס, איז עס אַ וויטע און אויסמאַטערנדיקע נסיעה, צווייטנס, וואָרט דאָך דאָרט קיינער ניט

אויף אים. אַן אַ משפּחה. נאָך קיין יאָר ניט אין לאַנד. און דאָרט — אַ שטאָט מיט מענטשן. פּרויען־געלעכטער אויף שפּעטנאַכטיקע ליכטיקע גאַסן, גרינע ליכטער פון אַבאַזשורן אין פענצטער... היימען... היימען... און ער — סאַנע, דער עלנטער, דער עולה...

דוכט זיך נעכטן... בית־עולים... ער דערמאָנט זיך די קליינע האַלב־שפּאָטישע און האַלב־פאַרשערישע אייגעלעך פון פּקיד:

— איר זייט פון פאַך אַרכיטעקט! העי, דאַני, אַן אַרכיטעקט אין מיטן דעריגען! — וואָס טוט מען מיטן אַרכיטעקט? — האָט ער ערגעץ געשריגן ווי אין חלל אַריין. פּלוצעם האָט ער זיך אַ הייב געטאָן פון אָרט, איבערגעבויגן זיך צו סאַנען און געפרעגט: אַרכיטעקט איז אויך דאָס זעלביקע וואָס אינזשעניר? — און ניט וואַרטנדיק אויף קיין תשובה האָט ער אַריינגערוקט סאַנען אין האַנט אַ פאַרמאַכטן קאָנווערט. אַזוי איז ער אָנגעקומען צו דער אַרבעט. צו ערשט ווי אַ שוואַרצאַרבעטער, און דער־נאָך, ביז ער האָט זיך באַקענט מיט דער ברונעם־גראָבעריי, איז אַריבער אַ יאָר. דער ברונעם איז זיין פּראָיעקט, דער ערשטער אָנהייב פון זעלב־שטענדיקער אַרבעט.

שיין איז דאָ אין די פאַרנאַכטן. די ווייטע פּיאָלעטע שטיינשאָטנס ווערן אויסגעצויגן, זיי גרייכן ביזן נעפּלדיקן טאָל. פון די שטיינשפּאַלטן לויערט אַרויס אַ שוואַרצקייט און די נאַקעטע שטיינער מיניען זיך אין לעצטן טאָגליכט מיט מירמלדיקע פאַרבן: רויט־אָדערנדיקע, געל־בורשטי־נענע, גרין־פאָספאָרישע, ווייס־קאַלכיקע און בלאָ־גלאָזיקע.

אָ, די בערג, קוקסט אויף זיי אין פּשוטן טאָגליכט, ליגן זיי פאַר דיר אָפּגעבליאַקעוועטע און פאַרשׂרפהטע, ווי אויסגעברענטע דערנער פון וועלכע די שוואַרצקייט איז אַרויס, ווי אַש, צעוואַשן פון רעגנס — און דאָ, אין דעם פאַרנאַכט, אַזוי פיל פאַרב, אַזוי פיל שיינקייט, ווי די הרי־יהודה וואָלטן באַצירט געווען מיט געשליפענע איידלשטיינער.

עס טונקלט שוין און גמליאל איז ניט געקומען. באַלד וועט פינצטער ווערן.

סאַנע איז אַוועק צום דערפל. ער איז געגאַנגען פּאַמעלעך, טריט ביי טריט. צו אַ שפּיציקן שטיין איז צוגעבונדן אַן אייזל. דער שטיין איז

אַ לאַנגער ווי אַ זייל און דאָס אייזל האָט זיך פאַרפלאָנטערט און שטייט הכנעהדיק מיט אַראָפּגעלאָזטע אויערן.

ביי דער שוועל פון בלעכענעם שטיבל האָט ער געטראָפן גמליאלן אַ פאַרזאָרגטן.

— אדוני... באַלד קומט מיין ווייב, אביגיל... זי קומט מיט די ציגן...

סאַנע האָט זיך אַראָפּגעזעצט אויף אַ שטיין און געשוויגן. דער אַלטער איז געלאָפן נאָכן אייזל. ער האָט געשריען צום אייזל גאָרגלדיק, געזידלט אים, גערופן. קיינער האָט זיך ניט אָנגערופן, נאָר אַ הייזעריקער עכאָ, ווי דאָס געשורש פון אַ פאַלנדיקן קוסט אויף שטיין האָט אים אָפּגעענטפערט.

פון דער ברייטער דאָרפגאַס האָט זיך געטראָגן אַ זאַמד־שטויב. פון ערגעץ זענען אָנגעלאָפן עטלעכע ציגן און גלייך נעלם געוואָרן צווישן די בלעכענע שטיבלעך. צוויי ווייסהאָריקע ציגן האָבן זיך דערנענטערט צו סאַנען. לעבן די ציגן האָט געשפּאַנט אַ יונג מיידל, זי האָט די ציגן געפירט אויף אַ לאַנגן שטריק. דערשפּירנדיק דאָס היימישע שטעלעכל און די פרישע גראָזן, וואָס זענען דאָרט געלעגן, האָבן זיך די ציגן אַ ריס־געטאָן פון אָרט און אָנגעהויבן לויפן. דאָס מיידל איז זיי נאָכגעלאָפן און הויך געשריען. אירע האָר האָבן זיך צעפּאַטלט, דאָס געלע קלייד האָט געפלאַטערט און אויפגעדעקט דעם דינעם האַלדז ביז די אַקסלען, און די באָרוועסע פיס האָבן זיך אָנגעשלאָגן אָן שטיקער שטיין.

אין דעם געלויף האָט זיך פאַר סאַנען אַנטפּלעקט די שלאַנקייט אירע, די באַוועגלעכקייט, די געשניצטע פיס, דער מירמל פון איר האַלדז.

די צוויי ציגן האָבן זיך געוואָרפן צו דעם הויפן באַרגגראָזן און הונגעריק געשלונגען זיי.

— דאָס איז אוודאי אביגיל, דאָס ווייב פון גמליאל — האָט ער געשעפּטשעט. זי איז געשטאַנען פאַר אים און שווער געאָטעמט. אביגיל האָט פון געלויף ניט געקענט אָפּכאַפּן דעם אָטעם, ניט געקענט אַרויסריידן קיין וואָרט, נאָר אירע קליינע בריסט זענען מיט יעדן אָטעם בולט געוואָרן און דערנאָך זענען זיי פאַרשוואונדן צווישן די קליידפאַלדן.

אָ, ניט איין מאָל האָט ער זי געזען אונטן, ביי דעם ברונעם־בויערער. גיי ווייס אַז דאָס איז שוין אַ יונגע פרוי.

דעם פרעמדנס בליק האָט זי אומרויק געמאַכט. זי האָט זיך פּלוצעם דערפילט געפּענטעט און פּאָר שרעק פאַרלייגט ביידע אָרעמס אויף איר האַרץ, זיך פאַרשטעלט די ברוסט און אַראָפּגעלאָזט די גרויסע אויגן־וויעס.

לעבן אַ טייל בלעכשטיבלעך האָבן זיך געשלענגלט דינע שמאָלע פלעמלעך. אַ געקרייזלטער רויך, אַ בלאָער, האָט זיך געוויקלט ביז ער איז פאַרגאַנגען אינעם שאָטנדיקן פאַרנאַכט. דאָס האָבן די תושבים געגרייט זייער נאַכטעסן.

די אָוונט־שטילקייט איז איבערגעריסן געוואָרן פון אַן אייזל־געשריי, פון אַ קינדעריש געוויין. ס'זענען אָנגעשווומען שאָטנס און פאַרדעקט אַ האַלב דערפל.

גמליאל איז געקומען מיטן אייזל און אים פאַרשפּאַרט אין שטאַל. ער איז אַלט און געבויגן, גמליאל, אַ זקנישער גוף אויף אומרויק שטעקל־דיקע פיס. אביגיל האָט לאַנג געפּאָרעט זיך אין קיכווינקל, געוואַשן אַ קליין קריגל, געווישט עס מיט אַ האַנטעך און ווידער אַ מאָל געוואַשן ס'קריגל. אירע פינגער האָבן געציטערט און די דינע נאָזלעפּלעך האָבן ווי ביי אַן אינדין געפלאַטערט. עפּעס אַ פרעמדער מאַן, וואָס האָט אויף איר אַזוי געקוקט, געזען איר אַזאַ צעשורפּעטע. איצט איז זי שוין מיט אַן איבער־געבונדענער לענטע אויף אירע האָר, איר געל קלייד פאַרקנעפּלט ביים האַלדז. סאַנע האָט דערקענט, אַז דאָס האָט זי אָנגעטאָן די האָרלענטע צוליב אים. ער האָט געזען ווי זי שאַרט פון אומרו אירע פיס. איר איז געפעלן זיין שטילקייט, דאָס קלוגע שוויגן, דער ליכטיקער שטערן זיינער. אַז סאַנע איז אַוועק איז זי אַרויף אויף דעם פעלדז, וואָס געפינט זיך הינטער זייער שטיבל, און האָט זיך אַוועקגעזעצט דאָרט. דער פרעמדער איז געגאַנגען מיט אַ גלייכן טראָט, זיינע אַקסלען האָבן זיך ניט קיין בויג געטאָן, ער איז געווען שלאַנק און הויך.

— אביגיל! אביגיל! — האָט מען גערופן.

זי האָט ניט געוואָלט, אַז מען זאָל זי טרעפן אויפן פעלדז. אָט קערט זיך אום דער מענטש און הערט זיך איין ווער עס רופט אַזוי. ניין, זאָל

איר דער אַלטער דאָ ניט טרעפן. זי האָט זיך אויסגעשפּרייט אויפן פעלדז, מיטן פּנים צום שטיין און געשפּירט ווי איר קליינער מיידל־קערפּער ציטערט אויף פון דער שטיינקילקייט ווי אַ גוטער ווינט, אַ באַרגווינט, וואָלט זיך אַרומגעטראָגן אין איר.

ג

די פּאַרטאָגן אין די בערג זענען געווען נעפּלדיק. דאָס זענען טוי־נעפּלען, וואָס האָבן זיך פּאַרהאַלטן אין די בערג און שוין געבליבן ביז די זון איז אויפגעגאַנגען. דער שווערער טוי איז געפאַלן אויף די שטיינער, אַריינגעדרונגען אין די שטיינריצן און שטיינשפּאַלטן, דער טוי איז געבליבן אין די פּאַרוויקלטע בלעטלעך פון די קליינע דאַרנקוסטעס. דער גרויער באַרגפויגל האָט געוווּסט ווו צו זוכן דעם פּאַרבאָרגענעם טוי, און אין די גרעסטע חמימות האָט ער געהאַט מיט וואָס צו שטילן דעם דאָרשט.

אין די נעפּלדיקע פּאַרטאָגן האָט זיך סאַנען אויסגעדאַכט, אַז די אייזערנע שטאַנגען אין טאָל זענען מאַסטן פון אַ זעגלשיף, וואָס אַ שטורעם האָט זי פּאַריאָגט פון ברעג, און אַז די נעפּלען אַרום, די תהומיקע, גראַנאַט־גראָע און שוואַרץ־גרינע, זענען פּאַרגליווערטע כוואַליעס פון צעהפקרטן ים און ער איז דער לעצטער אויף אַ צעריסענעם זעגל, וואָס זוכט ערד... אָט זעט ער ווי דאָס צעפּליקטע זעגל־לייוונט טראָגט זיך איבער כוואַליעס. ער וועט געשליידערט ווערן צו די אָפּגרונטן... און ווען סאַנע האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט ער דערשפּירט אַ קעלט אין אַלע גלידער. ס'האָט אים געקלאַפּט אַ צאָן אָן אַ צאָן.

אָ, ווי קאַלט עס קאָן זיין אין די בערג. ער האָט אַוועקגעבויגן דעם לייוונטענעם פּאָרהאַנג פון געצעלט און דערזען ווי ס'טיילן זיך אויס די בערג פון די נעפּלען.

ביי דער בויערשטאַנג זענען געלעגן הויפנס אַרויסגעוואָרפענע קיילעכדיק געשניטענע שטיינער. אַהאַ, ווידער אַן אונטערערדישער פעלדז! די בויער־מאַשין האָט איצט אַ שווערע אַרבעט. דער רויער, מיט דימענטן באַזעצטער בויערקאָפּ שניידט אים דורך. סאַנע האָט עס געשפּירט לויט דעם אָטעם פון דער בויער־מאַשין. פון דער צווייטער

זייט זענען געלעגן בערגלעך זאַמד און שטיינער־קרישלען. ער געדענקט זיי גוט, יעדער שטיקל קרישלשטיין, יעדן זאַמדאַנהויף, וואָס איז אַרויס־געבראַכט געוואָרן פון דער ערדטיפעניש. דאָס איז פון פערציק מעטער טיף, און דאָס פון פופציק מעטער טיף. און די שטיינער, וואָס דער מאָטאָר האָט היינט אַרויפגעצויגן, זענען פון אַן אַכציק מעטערדיקער טיפעניש! ער האָט גענומען אַן אַרומגעשליפענעם קורצן שטיינזייל איןביידע הענט אַריין און אים באַטראַכט. דער געשליף זיינער ווייזט, אַז דאָס איז ניט פון איין האַרטן פעלדזמאַסיוו. ער וועט זיך ענדערן דער שטיינמאַסיוו און ווידער וועט זיך באַווייזן אין דער רער פון דער בויערשטאַנג אַ פייכט־לעך האַרט ערדבערגל.

דער הויפּט־אינזשעניר איז שוין דאָ עטלעכע מאָל געווען. דערווייל גייט די אַרבעט גוט, די בויערשטאַנג האָט זיך ביז איצט ניט איבערגע־בראָכן, די בויער־מאַשין שניידט די פעלדזן פון דער ערד און דער מאָטאָר אָטעמט רעגלמעסיק.

די טעג האָבן זיך געצויגן זוניקע, טרוקענע, שטויביקע. די נעכט — טויאיקע, קאַלטע און אָפט ווינטיקע. פאַר נאַכט איז געקומען גמליאל, געבראַכט פון קלייטל אַ פריש ברויט, עטלעכע מאָל איז אביגיל געקומען. זי איז געווען שוויגנדיק און ערנסט. טייל מאָל האָט זי זיך איינגעבויגן, גענומען אַ פּאָר קליינע שטיינשפּליטערס און זיי געוואָרפן פון איין האַנט־פלאַך אין דער צווייטער.

— וואַרט נאָר אביגיל, — האָט סאַנע איין מאָל געזאָגט. ער איז צוגעקומען צו איר נאָענט. זי איז געווען מיט אַ קאָפּ נידעריקער פון אים. זיי זענען אַ ווײַלע אַזוי געשטאַנען, פלוצעם האָט זי זיך האַסטיק אויסגע־בויגן און דורך איר אַקסל געוואָרפן צו אים אַן אָפענעם, שאַרפן בליק און אַ גלי געטאָן מיט די ווייסע ציין.

— מה יש? — האָט זי בייזלעך געפרעגט.

ער איז צוריקגעטראָטן. זי האָט געקוקט צו אים אָפן, ווי מען קוקט אַריין אין אַ באַרגוואָלקן. ער האָט ניט אויסגעהאַלטן איר בליק.

זי איז בייז געוואָרן אויף אים הלמאי ער איז פלוצעם אָפּגעטראָטן פון איר, בייז געווען פאַר וואָס סאַנע האָט דעמאָלט, ביי איר שוועל,

געקוקט אַזוי אויף איר, און איר געמאַכט אומרויִק, צוגענומען דעם שלאָף. און דאָ — אַזאַ ציטערדיק שטאַמלען! אַזאַ ציטערניש! ע ר וויל דאָס פון די פעלדזן וואַסער אַרויסשעפּן? ער, דער שטילער און איבערגע־שראָקענער?

זי איז געלאָפן איבערן שטעגל באַרג־אַרויף און מיט אַ מאָל האָט זי זיך אויסגעקערעוועט און אַ רוף געטאָן:

— העי! סאַנע! סאַן!... אין מים!... לא יהיה!...

זי האָט זיך הויך צעלאַכט, געוואָרפן מיט די הענט און געבויבן זיך פאַר געלעכטער. דער עכאָ פון איר לאַכן האָט זיך געטראָגן איבער די בערג, אָפּגעשלאָגן זיך אָן די שטיינווענט און אויסגעמישט זיך מיטן אָטעם פון דער בויער־מאַשין.

פון דער וויטנס האָט אביגיל אויסגעזען ווי אַ פּלוצעם אַרויסגע־שפּראָצטע באַרגפלאַנץ.

ד

דעם ברונעם האָט מען אויף דעם אָרט געגראָבן ניט נאָר צוליב דעם נייעם דערפל פון די תימנער יידן, זיי האָבן געהאַט גענוג טרינק־וואַסער, אפילו פאַר די קליינע קוקורוזע־גערטנדלעך ביי די בלעכשטיב־לעך. דער ברונעם איז נייטיק געווען פאַר די נייע יישובים, וואָס וועלן בקרוב אויפגיין אין די בערג, פאַר די טעראַסעס וואָס וועלן באַוואַלדיקט ווערן, פאַר די בערג־רוקנס, וואָס וועלן באַפּלאַנצט ווערן מיט וויינשטאָקן.

סאַנע איז געלעגן אויפן אייזערן בעטל און זיך איינגעהערט אין ד'עכען פון מאָטאָר. טייל מאָל איז ער אויפגעשפּרונגען, איינגעקוקט זיך אין בויערשטאַנג, געזען ווי ער הייבט זיך און לאָזט זיך אַראָפּ, געשפּירט די דעמפּיקייט פון פרישן ערדאָנשיט. די לעצטע טעג איז אים אָן אומרו באַפאַלן. איז דאָס דער אומרו ערב דעם אָנקום פון וואַסער? אַזאַ אומרו האָט ער שטענדיק געשפּירט פאַר גורלדיקע געשעענישן אין זיין לעבן. ווער ווייס? ער האָט געטראַכט איבערצולאָזן דאָס בויערן אויף עטלעכע טעג און צוריקפאָרן אין שטאָט אַריין. גענוג צווישן די בערג און הימל! ווער ווייס ווי לאַנג עס קאָן זיך נאָך אַזוי ציען?

אין די נעכט באַווייזט זיך ווער פון די נאַכט־שומרים, די וואָס באַוואַכן די צעוואָרפענע באַרג־יישובים. ער איז דאָ פרעמד, סאַנע, ווייס ניט וואָס מיט זיי אײַנצוטענהן. דאָס וואָס ס'איז אים דאָ נאָענט איז דער הימל, די בערג, די פאַרבן אין קאַרגע רגעס פון זונפאַרגאַנג אין די הרי־יהודה. ער ווייס דעם סוד פון די באַרג־אינגעווייִדן, ער וועט אַרויסכּישופן פון דאָרט שפּרודלדיק קוואַלוואַסער.

ווער לאַכט דאָס אַזוי אין דער נאַכט? ווער קאָן דאָס זײַן?

ער איז אַרויס פון געצעלט און צוגעקוקט זיך צום דערפל, צום קליינעם באַקסערבוים ביים באַרג־אַראָפּהאַנג. האָט דען עמעצער טאַקע הילכיק געלאַכט? אפשר איז דאָס געווען דער פעלדזאָדלער, וואָס האָט אַזוי געפּאַטשט מיט די פליגל? אפשר האָט זיך אַ שטיינשפּליטער, אַ פּלאַטשיקער, אָפּגעבראָכן פון אַ פעלדז און אַ פּאַטש געטאָן מיט דער שטיינפלאַך און שטיקער שטיינדלעך זענען צעשפּרונגען מיט עפּעס אַ וויסטן שטיין־געלעכטער? און אפשר איז דאָס אביגילס געלעכטער? וואָגלט זי ניט דאָ אין דער נאַכט, קילט זי ניט איר מיידלש לייב אָן די קילע נאַכטשטיינער? וואַשט זי ניט אירע באָרוועסע פיס אין טוי פון דער האַלבנאַכט?...

סאַנע האָט אויסגעלאָשן דעם מאָטאָר און ניט געקענט געפינען קיין אָרט אין דער אויסטערלישער באַרג־שטילקייט. ער האָט איצט אויפגעכאַפּט מיט אָנגעשפּיצטקייט דעם מינדסטן געשאָרך, דעם בויג פון יעדן טרוקנשטענגל, דעם געפלאַטער פון פעלדזפויגל. ער איז געגאַנגען אויפן שטעגל, געקלעטערט איבער די שטיינער און פאַרנומען זיך דורך אַ פּאַר־קירצטן וועג צום שלאָפנדיקן דערפל. נאָך יעדן טראָט זענען געפאַלן שטיקלעך שטיין, שטיקלעך ערד. וואָס העכער ער האָט זיך אויפגעהויבן, אַלץ מער האָט ער אָפּגעפילט דאָס באַרגווינטל. דאָס איז געווען אַ מילד האַלבנאַכט־ווינטל, וואָס קרייזט אַרום די באַרגשפּיצן.

ה

דאָס איז געשען סוף זומער. געשטאַנען זענען הייסע און טרוקענע טעג. אַ חאַמסין־ווינט האָט פאַרצערט דאָס לעצטע ביסל גרינס פון צווישן די שטיינער. דאָס טרינקוואַסער וואָס איז געפלאָסן אין דער איין־צאָליקער

רער האָט ממש געזאָטן פון היץ. גאָר הייס איז געווען אין די באַרגפּאַלדן. די טריקעניש האָט אַ תּל געמאַכט פון די שטוב־חיות. די אייזלען זענען געלעגן מיד און מאַט אין שאָטנס פון שטיינער און געטריבן מיט די אויערן די קופערנע פליגן אַרום דעם פאַרטריקנטן שוים פון זייערע מיילער.

אין אַ נאָכמיטאָג האָט פּלוצעם אַ שטראָם־געטאָן אַ קאַלט, געל וואַסער פון דער ברונעמרער. דער בויערשטאַנג איז איצט לייכט פאַר־זונקען געוואָרן און אין דער מאַשין האָט עפּעס פריידיק אויפגעצאַפּלט.

דאָס געלע וואַסער האָט געשטראָמט, צו ערשט געדיכט, ווי אַ געלער צעלאָזענער ליים. דערנאָך איז די געלקייט פאַרשווּנדן און עס האָט געפּלייצט אַ גראָ־מוטנער שטראָם וואָס האָט זיך פאַמעלעך גע־לייטערט.

— וואַסער! וואַסער!

סאַנע האָט געפיבערט. כאָטש זינט עטלעכע טעג האָט ער געפילט, אַז אָט־אָט וועט אַ שטראָם־טאָן אַ וואַסער־אָדער, איז ער אויפגעצאַפּלט געוואָרן פאַר פריידיקער איבערראַשונג. ער האָט אַלע מאָל אונטערגע־שטעלט זיין האַנט אונטערן געפּלייץ און דורכגעלאָזט דאָס וואַסער דורך די פינגער. זיין פּנים איז געווען פאַרשטויבט, די הענט פאַרשמירט מיט געלן וואַסערליים, ער איז געזונקען אין דער קאַלוזשע מיט די צעווייקטע שיך ביז די קני.

— וואַסער!... וואַסער!... — האָט ער געשריען און דערנאָך עפּעס געשעפּטשעט.

— וואַסער אין די הרי־יהודה...

פון די בלעכשטיבלעך איז מען געקומען צו לויפן מיט קולות. דאָס קליינוואַרג איז אַרומגעשפּרונגען אין דער מוטנער קאַלוזשע און האָט געפּליעסקעט מיט געל־ליימיקע פיס און הענט.

— מים! מים!

ביי איינעם פון די אַלטע לייט איז הענגען געבליבן אַ גרויסע גליאיקע טרער ווי אַ טראָפּן צעגאָסן זילבער... — מים... האָט ער גע־שעפּטשעט מיט אַן אָנצייניק מויל.

גרויס און קליין איז געווען ביי דעם ברונעם, אפילו מאַמעס מיט זויגקינדער אויף די הענט.

סאַנע האָט געקוקט אויף די יידן, געזען דעם געקנייטשטן גראָ־באָרדיקן גמליאל, געזען די ערנסט־פאַרכמורעטע זקנים, נאָר ווו איז אביגיל? פאַר וואָס איז זי דאָ ניטאָ?

עס האָט שוין געטונקלט ווען די עדה איז געגאַנגען איבערן וועגל. זיי זענען געגאַנגען צו די קליינע אָרעמע היימען.

אביגיל איז געלעגן אויפן פעלדז און האָט געזען פון דער ווייטנס דאָס שטראָמען פון וואַסער, געהערט די רייד פון די שכנים, און אין איר האָט אַרומגעבושעוועט אַן אומרו. זי האָט אַרומגענומען דעם שטיין און געפילט דאָס ציטערן פון די קני און אַ אומרויק־קילן ווינט ביים האַרצן. מיט דעם וואַסערשטראָם, וואָס האָט אַזוי פּלוצעם אַ פלייץ געטאָן אין טאָל, איז אויך אין איר עפּעס אויפגעבראָכן געוואָרן; עס איז אַרויס פון איר האַרץ אַ שטראָם פון ליבשאַפט. וועמען זאָל זי די ליבשאַפט אַוועק־שענקען אויב ניט דעם שטילן און טרויעריקן וואַסער־מכשף?

זי האָט זיך אַ באַרוועסע אַראָפּגעלאָזט מיטן שטעגל. אַלע ווילע זיך פאַרהאַלטן ביי די שטיינער, אַרומגעקוקט זיך, און אַז זי איז צוגעקומען נאָענט צו דער קאַלוזשע לעבן דער בויער־מאַשין, איז זי אַריינגעשפרונ־גען אין וואַסער און האָט אונטערגעשטעלט די הענט אונטער דעם גראָען וואַסערשטראָם.

אַז סאַנע האָט דערהערט דעם וואַסער־געפליעסק, איז ער אַרויס פון געצעלט.

— מים! — האָט זי אַ רוף געטאָן. — מים!...

ער איז נאָענט צוגעגאַנגען צו איר.

— אתה מכשף... — האָט זי אים אַריינגעלאַכט אין פנים אַריין.

— אביגיל... — האָט סאַנע אַ שטאַמל געטאָן. אַ ליכטיקייט האָט פאַרבלענדט זיינע אויגן.

זי האָט זיך איינגעבויגן און אונטערגעשטעלט דעם קאָפּ אונטערן וואַסערשטראָם. זי האָט געוואָלט אַזוי אַרום אָפּקילן דאָס פייער, וואָס האָט געשלאָגן פון אירע אויגן, פון אירע האָר, פון איר לייב. דאָס וואַסער

איז געװאָרן פֿון האַלדז אויף די אַקסלען, אויפֿן קלייד. פֿון נאַסקייט האָט זיך ס׳קלייד געקלעפּט צום לייב, צוגעפּאַלן צו די אַקסל, צום דינעם רוקן. די רונדיקע קליינע בריסט האָבן זיך שאַרף אויסגעטיילט. אַז זי איז אַרויס פֿון דער קאַלושע, זענען אירע פֿיס געװען געל פֿון ליימוואַסער. זי האָט זיך מיט די אָרעמס פֿאַרשטעלט אירע בריסט.

דערנאָך האָט זי אָנגעהויבן ציטערן, געוואָלט זיך אויסגלייכן, אויפֿהייבן און אַוועקגיין. עס ווערט שוין שפּעט.

סאַנע האָט געבראַכט זיין קאָלדרע.

— נעם, אביגיל, היל זיך איין.

ער האָט די קאָלדרע אָנגעהאַנגען אויף אירע ציטערדיק־שמאָלע אַקסלען.

אירע אויגן האָבן אויפֿגעלויכטן ווי דאָס פֿלוצעמדיקע ליכט פֿון אַ באַרג־שטערן ערב זיין גרויסער ליכט־נסיעה. זי איז געוואָרן אַריינגעוועבט אין דעם מילכוועג, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט נידעריק, נידעריק ביזן טאָל...

זי האָט אַזש אַ צאַפּל געטאָן פֿאַר תּענוג און אויף אַ ווײַלע צוגעשלאָסן אירע גרויסע, וואַרעמע, פֿאַרחידושטע אויגן.

ו

ווען אביגיל האָט זיך אויפֿגעכאַפּט האָט שוין געליכטיקט. זי איז אויפֿגעשפּרונגען, צוגעפּאַלן מיטן פּנים צו סאַנען, לייכט ווי אַ פֿלאַטער באַרירט זיינע ליפּן און ווי אַ נאַכטשאָטן פֿאַרשוווּנדן. ער האָט געזען ווי ביי דער שוועל האָט זי שטיל פֿאַרבראָכן די הענט און אַ כליפּע געטאָן. אַז ער איז אַראָפּ פֿון געלעגער איז זי שוין געווען צווישן די פֿעלדזן.

נאָך דעם ווי ס׳האָט געפּלאָסן דער מוטנער וואַסערשטראָם, האָט סאַנע ניט אָפּגעשטעלט דאָס בויערן. ער האָט אפֿילו ניט געוואַרט אויפֿן הויפּט־אינזשעניר. ער מוז די אַרבעט אַליין פֿאַרענדיקן, ניט איבערלאָזן אין דער מיט. וואָס וועט אַרויסקומען פֿון דעם קליינעם וואַסערשטראָם? מען מוז טיפֿער גראָבן. ער איז נאָך ניט דערגאַנגען צום אונטערערדישן

וואַסער־קאַנאַל מיט דער בויער־מאַשין, קענטיק אַז דער שטראָם קומט נאָר פון אַ וואַסער־אָדער, אַן אייבערשטן איבערן קוואַל.

וואָס וועלן די תּושבים פון די יישובים האָבן פון דעם קנאַפּן שטראָם? מען דאַרף דאָך וואַסער וואָס זאָל שפּאַרן שטראָמענווייז, פאַר די בערג, פאַר די גאָרטנס און סעדער וואָס וועלן דאָ געפלאַנצט ווערן.

מאָרגן דאַרפן קומען די הויפּט־אינזשענירן, די וואַסער־מומחים. נייך, ער וועט ניט אָפּשטעלן דאָס בויערן.

און ווידער האָט געאָטעמט דער בויערשטאַנג, איינגעשניטן זיך אין דער ערד, צאָל נאָך צאָל, געעגבערט זי מיט דער דימענטענער בויער־קרוין.

ניט גמליאל און ניט אביגיל האָבן זיך באַוויזן. דאָס איז שוין דער צווייטער טאָג. און דאָ איז סאַנע געבליבן אפילו אָן ברויט. ער איז אַוועק צום דערפל. פאַר וואָס זעט מען ניט די לעצטע טעג קיינעם פון די תּושבים?

גמליאל האָט זיך אַ בייזער געפּאָרעט ביי דער שוועל און עפּעס געברומט ווי צו זיך אַליין. אויף דעם „שלום" האָט סאַנע ניט באַקומען קיין ענטפער. אין בלעכערן הייזל איז געוווען שטיל. פּלוצעם האָט דער אַלטער, אַ פאַרצאָרנטער, אַריינגעריסן זיך אין קליינעם שטיבל, דאָס טירל האָט זיך צעפּראַלט און פאַר די הענט האָט ער געשלעפּט אביגילן. זי האָט שטיל געיאָמערט. איר קלייד איז געוווען צעריסן, מיט געלע ליים־פלעקן. דער אַלטער האָט זי אַ שטויס געטאָן צו סאַנעס פיס.

גמליאל האָט אויפגעהויבן די קנאָכיקע פויסטן צו אביגילן.

סאַנע האָט זיך אַ שטעל געטאָן קעגן אַלטן.

ביידע האָבן געשוויגן. און פון אונטן אַרויף האָט געקוקט מיט טרערנדיקע אויגן אביגיל, דאָ אויף סאַנען און דאָ אויף גמליאלן.

און אין טאָל האָט זיך געלייטערט דאָס ברונעם־וואַסער און געלייטערט, אַזוי ריין און קלאָר ווי דאָס ליכט פון די באַרגשטערן, ווי דאָס געפלייץ פון לבנה־ליכט אויף די מירמלנע אַראָפּהאַנגען פון די יהודה־בערג, ווי די טרערן פון אביגיל.

## א

דאָס הפקר־פעלד אַרום מיין שטוב האָט מיך טרויעריק געמאַכט. איך בין געזעסן אויף דער שטיינערנער שוועל אין די פאַרנאַכטן אַ מידער און אויסגעלאָשענער. אַזוי אויסגעלאָשן ווי די זריעה־שטערנס פון די דערנער. איצט וואַרטן זיי אויפן סוף־זומערדיקן ווינט. ער קומט פון די יהודה־בערג, קרייזט דורך דאָס אַלטע פאַרוואָרלאָזטע דאָרף און הפקרט דערנאָך אויף די גרויסע זאַמד־פלאַכן וואָס פון דער צווייטער זייט דאָרף. ער וועט עס אַ טראָג טאָן דעם זריעה־שטויב אין זיינע ווינ־טיקע פאַלדן. אָבער די זריעה פון אויסגעקוואַרטן פעלד בלייבט ליגן אַ צעשטויבטע אויף מיין גאָרטן — דער שטיינערנער פלויט פאַרצוימט דעם ווינט און די קערנדלעך בלייבן ליגן ביי דער צוים.

זעט אויס, אַז די ווינטן גייען פון דרום זייט צום צפון. איך דער־קען דאָס לויט דעם ווילדגראָז וואָס שפּרייט זיך ביי דער צפון־זייט פון שטיינערנעם פלויט לענגאויס דער גאַנצער וואַנט. דאָ זענען געפאַלן די זריעה־קרייטעכצער און ניט געקענט ווייטער געטראָגן ווערן פון ווינט.

אָהאָ, עס קומען שוין די נעפּלען. זיי ליגן אַזוי נידעריק און געדיכט, אַז איך פיל ווי כ׳רייס זיי אויף מיט מיין קאָפּ. זיי שפּרייטן זיך ביז שפּעט אין טאָג אַריין. כ׳דערקען אפילו ניט דעם איילבערט פון יענער זייט וועג. אַז כ׳שטרענג אָן מיין בליק אין יענער ריכטונג, דערזע איך אַ געדיכטן טונקעלן שאָטן וואָס אָט־אָט וועט ער צערונען ווערן — דאָס איז דאָך דער גוט באַקאַנטער איילבערט.

נעבן מיין קליין שטיינערן הייזל שלענגלט זיך אַ שמאָל זאַמד־וועגל, באַזעצט פון ביידע זייטן מיט טייוולסהאָר. אין נעפּלדיקן פאַרטאָג

זעט עס אויס ווי אַ קליין טייכל וואָס ביי זיינע ברעגן ליגן געדיכטע וואָלקנס.

איך וועל היינט ניט זען מיין שכנה פאַרבייגיין דורך דעם ווענל. זי וועט זיך דורכשלייכן ווי אַ שאָטן. כ׳וועל ניט זען איר פּנים, ניט די שיפּע אויגן, אפילו ניט דערקענען די אומזיכערע טריט אירע בשעת זי גייט נעבן מיר פאַרביי.

אָט פּאַטשן פלינק אירע באָרוועסע פיס אין זאַמדוועגל, און אָט פאַרפלאָנטערן זיי זיך שטענדיק ווען איך קוק אַרויס פון קליינעם פענצטערל. קענטיק, זי ווייס ניט וואָס צו טאָן: איילעקער מאַכן דעם טראָט, אָדער פּאַמעלעך פאַרבייגיין.

וואַרט איך אין נעפּלדיקן פאַרטאָג ביז איך זע ווי אַ דינער מיידל־שער שאָטן, אַ שמאָלער, אַ צאַפּלדיקער שווימט פאַרביי און באַהעפט זיך מיטן שאָטן פונעם איילבערט.

פאַרוואָס וואַרט איך ביים פענצטערל? נאָך וואָס קוק איך זיך אויס די אויגן אינעם נעפּל?

היינט וועל איך ניט גיין צו מיין אַרבעט. איך וועל צעגראָבן דאָס פעלד אַרום דער שטוב, פאַרפלאַנצן אַ פּאָר בייטן ירקות.

ביזן האַלבן טאָג בין איך געלעגן אויף דעם אייזערנעם בעטל. ביי דער שוועל איז געשטאַנען דער רידל, אין גאַנצן פיר שפּאַן, און איך האָב זיי שעהן לאַנג ניט געקענט מאַכן. איז דאָס פוילקייט? אָט פלעג איך דאָך אויפשפּרינגען פון בעטל איידער עס האָט נאָך געשאַרעט, אַרויפציען פון ברונעם עטלעכע עמערס וואַסער און אָפּגיסן דעם קאָפּ, דעם רוקן און אַוועק צו מיינע אַרבעטן.

ווען כ׳בין אַרויס אין הויף איז דער נעפּל געווען צערונען, ערגעץ דאָרט, אין דער זייט פון ים, האָבן זיך געשפּרייט נידעריקע, גרויע וואָלקנס.

די שטעכקוסטעס און דערנער זענען געוואָרן טונקעלער. די פייכטקייט האָט זיי נאָך טרויעריקער געמאַכט. די זריעה־שטערנס, די הפקרדיק־צעשפּרייטע בעכערס מיט שטעכראַנדן האָבן אַראָפּגעבויגן די

קעפּ. די דערנער האָבן זיך לייכט איינגעבראָכן און איך האָב מיט מיין רידל אָנגעמאַכט אַ וויסטן תּל אין פעלד. און דאָך האָט זיך מיין אַרבעט ניט געקלעפּט דעם טאָג: ווי נאָר איך האָב איינגעגראָבן דעם רידל אין דער ערד, האָט זיין שטאָל אַ טעמפּן קריץ געטאָן, קענטיק אָן אונטער־ערדישער שטיין. איך האָב געגראָבן אין ווינקל, לענגאויס דעם שטיינערנעם גדר. יעדעס מאָל איז מיין רידל געשטרויכלט געוואָרן אויף שטיינער און וואָרצלען. אַז איך האָב אָפּגעוואָרפן אַ פּאָר רידלען שטייניקע ערד, האָב איך דערזען אַ ווייסן מירמלשטיין. דער באָדן איז דאָ פול געווען מיט קורקאָר־שטיינער, דער רידל האָט זיך לייכט דורכגעבראָכן און געקרישלט זיי, נאָר דער ווייסער שטיין איז געלעגן אויבן־אויף און דער רידל איז פון אים אָפּגעשפּרונגען, ניט באַשעדנדיק אפילו זיין שטיינער־נעם שליף.

די ווייסע רונדיקייט מיט די דינע דורכזעעוודיקע בלאָע אָדערן פונעם מירמל האָט מיך געלאָקט.

איך האָב אַרומגעגראָבן די ערד אַרום שטיין און דערזען, אַז דאָס איז גאָר אַ זייל.

ערשט פאַרנאַכט האָב איך זי אַ ריר־געטאָן פון אָרט און אַרויסגע־קאָלערט צו דער שוועל. זאָל זי דאָ ליגן, די זייל, וועט זי אפשר נוצן פאַר אַ באַנק. מען וועט קענען אויף איר זיך אָנשפּאַרן. ביי די ראַנדן האָט זי געהאַט רויטן ערדאָנוווקס.

דערווייל איז טונקל געוואָרן, אַ מידקייט איז מיך באַפאַלן.

אָט, אַ נאַרישע אַרבעט, אַרומגעפּאָרעט זיך מיט עפּעס אַ שטיין איבער אַ האַלבן טאָג! ווייסעך וואָס... ס'מאַכט זיך אָפּט, אַז דו טוסט עפּעס איינגעשפּאַרט אַן אַרבעט, גייסט אָפּ מיט זיבן שווייסן און דו ווייסט ניט צו וואָס דו טוסט דאָס, וואָס פאַר אַ נוצן דו וועסט האָבן דערפון. ס'איז דיר אפילו קלאָר, אַז דאָס איז סתּם אַזוי, אַבי אויסצולאָדענען אַן אָנגעזאַמלטן כוח, אָנשטרענגען ביזן לעצטן די מוסקלען, פאַרטומלען עפּעס אין זיך מיט דער דאָזיקער אומנויטיקייט און דערנאָך ליגן אַ פּאַר־לאָשענער אויפן בעטל, אַ גלייכגילטיקער און קוקן ווי די שפּין פון דער געקאַלכטער וואַנט גייט פּאַמעלעך אַוועק פון שפּינגעוועבס און לאָזט

נאָך זיך אין איינציקן דינעם פאָדעם — דאָס וואָס פאַרבינדט זי מיטן גאַנצן געוועב. זי קען איצט רויק דרימלען אַ צונויפגעקנוילטע אין אַ וואַנט־שפּעלטל ביז עפּעס וועט אין שפּינוועבס אויפציטערן.

וואָס בינדט מיך מיט דעם דרויסן, מיט דעם אַלטן פאַרוואָרלאָזטן אַראַבישן דאָרף, מיט די מענטשן?

איך בין דאָ אַליין, אַ פאַרקנוילטער אין זיך, און דער דינינקער פאָדעם, דער איינציקער וואָס פאַרבינדט מיך מיט דער וועלט איז די שכנה וואָס גייט דאָ יעדן טאָג צוויי מאָל פאַרביי. ווייס זי דען דאָס? איך האָב דאָך קיינמאָל מיט איר ניט גערעדט! איך ווייס אפילו ניט איר נאָמען. איך ווייס נאָר, אַז זי קומט פון די זאַמדראַנדן, אַ צען מינוט גאַנג פון מיין הויף.

ב

מיינע בייטן גרינען זיך שוין. איצט האָב איך אַ סך אַרבעט. מען דאַרף אַרויסרייסן דעם פאַלין. איך טו דאָס גערן אין די פאַרנאַכטן. איך דערקען שוין יעדעס שפּראָצעלע. אָ, ווי אומשולדיק עס זעען אויס די ערשטע אַרויסשפּראָצונגען פון דערנער וואָס דערנאָך צעוואַקסן זיי זיך אין גרויסע קוסטעס מיט נעגלדיקע שטעכער, וואָס אפילו אַ בעל־חי טרויט זיך ניט פאַרבייצוגיין נעבן זיי. די ערשטע בלעטלעך זייערע זענען ווייך, דין און דורכזעעוודיק. זיי גייען־אויף צוזאַמען מיטן ירקות. איך רייס די דערנער־שפּראָצן מיט די וואָרצלען און קלייב זיי צונויף אין אַ בערגל, דערנאָך וועל איך עס אַוועקטראָגן ביזן וואַדי.

איינעם אָ טאָג האָב איך באַמערקט אין מיטן מיין הייפל אַן אומ־באַקאַנטן אַרויסשפּראָץ. אַזאַ ווילדגראָז האָב איך נאָך ביז איצט ניט געזען. עס איז ניט אויפגעקומען אַזוי ווי די איבעריקע קראָפּעוועס און דערנער, מיט אומשולדיק־איידעלע צוויי בלעטלעך, געל־גרינע. די אומבאַקאַנטע פלאַנץ האָט זיך באַוויזן פלוצעם מיט אַ האַרט שטענגל און טונקל־גרינע אָוואַל־בלעטלעך.

אָ, ברידערל, האָב איך געטראַכט, ווער ווייס וואָסער ווילדקייט דאָס קען זיין, און איך האָב אַרויסגעריסן דעם אַרויסשפּראָץ. אַ וואָך שפּע־טער — דאָס זעלביקע שטענגל מיט די האַרטע טונקעלע בלעטלעך האָט

זיך ווידער באַוויזן! הייסט דאָס, אַז איך האָב אוודאי געלאָזן אַ שטיק וואָרצל. ניט געווען גענוג פּאָרזיכטיק ביים ערשטן מאָל — געדאַרפט, ווי שטענדיק, אַרויסרייסן מיטן וואָרצל. איך האָב אַ גראָב־געטאָן און געוואָלט אַרויסרייסן די פלאַנץ. דאָס שטענגל זיצט אָבער פעסט אין באָדן. שטעכדערנער האָבן ניט קיין טיפע וואָרצלען, נאָר אַ וואָרצל־אָנוווקס וואָס ברעכט זיך לייכט. איז דאָס אפשר אַ בוים?

איך האָב ניט געקענט אַרויסנעמען די פלאַנץ, ווייל זי איז געווען צוגעפעסטיקט צו אַן אַלטן דיקן וואָרצל וואָס האָט זיך געשפרייט טיף אין דער ערד פון מיין הויף. זעט אויס, אַז דאָס איז אַן אַרויסשפּראָץ פון אַ בוים. האָב איך אים געלאָזן, ווייך געמאַכט אַרום אים די ערד, באַוואָסערט. ווען ס׳זענען אויסגעפאַלן די ערשטע רעגנס האָב איך דער־קענט, אַז דאָס איז אַן איילבערט.

דאָסביימל איז געוואַקסן שיין און גרייכט שוין ביז די קני. זעט אויס, אַז אין מיין הויף איז אַמאָל געוואַקסן אַן איילבערט. עמעצער האָט אים אויסגעהאַקט און עס איז געבליבן זיין וואָרצל. און אפשר איז דער איילבערט געווען אַן אַלטער מיט אַ צעקנאָדערטן און אויסגעהוילטן שטאַם, וואָס אַ בליץ האָט אים פאַרקוילט, און זיין וואָרצל איז געבליבן? און אפשר איז גאָר דער איילבערט־וואָרצל געקומען פון שכנותדיקן הויף, און דערפילנדיק די פייכטקייט פון מיין באָדן אַרויסגעלאָזט אַן אָפּצווייג? אויב אַזוי שטאַרבן דאָך ניט קיין ביימער. זענען זיי אייביק? און וואָרצלען זענען וואַנדערער, זיי זוכן קוואַלן אין דער ערד־חשכות. גיי ווייס, אַז אין מיין ווילן אויפצולעבן מיין הויף, האָב איך שיעור ניט אומגעבראַכט די יונגע איילבערט־פלאַנץ!

אין די פאַרטאָגן קוק איך צום יונגן ביימל. מיר געפעלט די האַרטקייט פונעם שטענגל, די טונקל־גרינקייט פון די בלעטלעך. דאָס איז ניט דאָס הכנעהדיק ציטערנדיקע וואַקסן פון די שטעכפלאַנצן וואָס נאָרן אָפּ דיין אויג מיט זייער נעבעכדיק שטענגל און ווען דו כאַפּסט זיך, אַז דאָס זענען ניט מער ווי שטעכפלאַנצן וואָס פאַרמיסטיקן דיין פעלד, איז שוין שווער זיי אַרויסצורייסן מיט די ליידיקע הענט, זיי האָבן שוין שטעכלקעס אונטער די אומשולדיק־גרינלעכע בלעטלעך!

דער איילבערט איז גלייך געבוירן געוואָרן מיט פעסטקייט, ער האָט אין די ערשטע טעג אַנטפּלעקט זייןביימעריש פּנים.

ג

מיין שכנה אַרבעט אוודאי אין שטאָט. זי גייט פאַרביי אין דער פרי און קומט אין שפּעטן נאָכמיטאָג. אַזוי טאָג נאָך גאָט. אויפן זאַמדיקן וועגל נעבן מיין הויז בלייבן אירע שפּורן צווישן די פייגל־שפּורן. היינט איז זי פאַרבייגעגאַנגען באָרוועס, די שיך אָנגעהאַנגען אויפן אַקסל. זי טוט זיי אָן ביים סוף פון וועגל, צופוסנס דער שיקמה. זי וויל ניט קומען אין שטאָט אַריין מיט פאַרשטויבטע שיך. קריקוועגס טוט זי קיינמאָל ניט אויס די שיך.

איך זיץ שעהן לאַנג אויפן מירמלשטיין און וואַרט.

איך ווייס אייגנטלעך ניט אויף וואָס. אַז איך דערהער דאָס פייגל־געוויין, וואָס קומט פונעם אָפּגעשטאָרבענעם פּרדס, שטעל איך זיך אויף ווי עמעצער וואָלט מיך גערופן. מיין אויג פאַלט אויף דער מירמלנער זייל. אין זייט איז דינער — די צווייטע — דיקער. ביים עק פון דער דינערער זייט זע איך אַן אויסגעהאַקטן אָרנאַמענט; בלעטער און געוויקלטע פעדעם ווי ביי וויינטרויב־שטענגלעך.

איך קלער די זייל ביזן הויף־טירל. איך וועל זי איינגראָבן ביים אַריינגאַנג מיט דער דיקער זייט אין דער ערד און דעם אָרנאַמענט אויבן.

אָ, ווען איך האָב די צווייטע זייל, וואָלט דער אַריינגאַנג צו מיר געווען ממש ווי אין אַן אַלטן פאַרגעסענעם פּאַלאַץ!

ווידער וועל איך זיך אַרומפאָרען ביז אין דער נאַכט אַריין, איך מוז זען די זייל אַ שטייענדיקע, אַן איינגעמויערטע אין דער ערד.

גראָד איצט, בשעת איך האָב זיך געפּאָרעט מיט די מירמלזייל, האָב איך דערקענט אירע טריט לויט דער שורשעריי פון איר קלייד, לויטן געלויף פון די יאַשטשערקעס איבער די טרוקנגראָזן. זי האָט פאַרהאַלטן די טריט. קענטיק, זי חידושט זיך, הלמאי זי זעט מיך ניט ביים פאַרקראָטעוועטן קליינעם פענצטערל נאָר גאָר אויפן וועגל.

איר פּנים איז שמאָל, די קינבאַקן אַראָפּגעלאָזן, דאָס אָליווו־פּנים — אומרויק.

— שלום, — זאָג איך איר צום ערשטן מאָל זינט מיין ווײַנען דאָ.

זי שמייכלט צו מיר. אירע ציין זענען ווי מיין ווייסער מירמל. פּלוצעם פאַרווישט זיך אין איר פּנים די גרענעץ פון שמייכל און געוויין.

— ש־א־א־ל־אָ־אָ־ם!

זי האָט דעם שלום אויסגעזונגען מיט אַ לאַנג־אויסגעצויגענעם ניגון, אַ זאַמד־ניגון. אַזוי זינגט דער ווינט אין די זאַמד־דיונעס. זי איז געבליבן אויפן אָרט. אירע אויגן האָבן געזוכט אין זאַמד, און פּלוצעם האָט זי זיי אָנגעהאָנגען אָן דער זייל.

— אָ, אָ!

זי האָט אויסגעשטרעקט איר קליינע האַנט און געגלעט די גע־שליפנקייט פון מירמל. אירע פינגער האָבן געציטערט. דאָס זענען געווען שמאָלע לאַנגע פינגער.

— זה יפה... — האָט זי געשטאַמלט.

איר האַנט איז אָפּגעדעקט ביזן אָקסל. דער מירמל איז באַלעבט געוואָרן. איך וואָלט געשוואָרן, אַז אין זיינע קילע בלאָע אָדערן פּליסט איצט לעבן. דאָס האָבן אירע מיידלשע פינגער אַריינגעפּישופּט לעבן.

איך שטיי אַנטקעגן איר אַ באָרוועסער. און וואָס מער זי האַלט איר האַנט אויפן מירמל, אַלס מערער פיל איך אין זיך דעם אומרו פון ערב שטורעם. איך שפּיר ווי איבער די האָר פון מיין אַנטבלויזט האַרץ איז אַדורך אַ קילער ווינט. איז דאָס שוין דאָס פאַרנאַכטיקע ווינטל וואָס קומט פון ים? ניין. איך דערקען עס לויט די בלעטער פונעם פייגנבוים, לויט די וויקלקוסטעס וואָס ליגן שטיל אויסגעלאָשן.

דאָס האָט געדויערט נאָר איין רגע... ווען איך האָב זיך אומגעקוקט, איז זי שוין ניט געווען ביי מיין שטוב. זי איז געלאָפן דורכן וועגל און ערשט ביים איינבויג, ווו עס ציען זיך די קאַקטוס־קוסטעס האָט זי זיך האַסטיק אויסגעקערעוועט און אַ מאַך־געטאָן צו מיר מיט איר פאַרביק קאָפּטיכל.

פאַרוואָס איז זי אַזוי גיך אַוועק?

אפשר האָט זי באַמערקט דאָס נאַקעטע פּייערל פון מיינע אויגן? אפשר האָב איך זי איבערגעשראָקן מיט מיין צעכראַסטעטער, טיף־עטעמדיקער ברוסט, מיט דער צעפּאַטלטער קוטשמע שוואַרצע האָר און מיט די באָרוועסע פיס?

ביינאַכט בין איך ניט איינגעלעגן אויפן בעטל. דאָ האָט מיך אויפגעוועקט דער שאַקאַלן־געיאָמער, דאָ דאָס ליכט פון דער לבנה וואָס איז גראָד געפאַלן אויף מיין בעטל.

אין די שכנישע הייזער איז שוין פינצטער. מען האָט אומעטום אויסגעלאָשן די נאַפּט־קאַנעצלעך. דאָס זאַמד איז קיל. איך האָב זיך אָנגעשפּאַרט מיטן רוקן צו דער מירמלנער זייל. איך קען ניט פאַרבינדן מיינע מחשבות. זיי קומען אָפּגעריסן און איך חידוש זיך אויף דער פּלוצעמדיקייט פון זייער קומען און פאַרגיין. אָט דוכט זיך מיר, אַז איך זע מיטאַמאָל די זיבן וואַנדערנדיקע שטערן. זיי זענען זיך צונויפגעקומען פון די וויטסטע הימלען און זיך אויסגעשטעלט איבער מיין קאָפּ, און אָט האָט זיך אָפּגעטיילט אַ באַרג־פעלדז פון די הרי־יהודה און שווימט איצט גלייך צו מיין הויף. ניין! דאָס איז אַ נאַכט־וואָלקן וואָס גייט זיך טובלען אין ים...

וואָס טו איך דאָ, ביי דעם אַלטן קעמלוועג, אין דעם האַלב־חרובן דאָרף, איינער אַליין?

וואָס זיץ איך דאָ אַ באָרוועסער אין דער שפּעטער נאַכט, אָנגעשפּאַרט אויף אַ מירמלזייל?

ווי לאַנג בין איך שוין אין דעם דאָרף?

ווי אַזוי בין איך אַהערגעקומען? פאַרוואָס בין איך ניט געבליבן אין שטאָט?

אָ, די ירושה פון מיינע זיידעס! זי האָט זיך אָפּגערופן אין מיר! די פויערישע גאַרונג נאָך ערד! אָט האָב איך ערד. מיר איז ניט קיין אונטערשייד וועלכע ערד, שטייניקע, זאַמדיקע, חמרה־ערד. איצט וואַקסט זי, די הפקרדיקע ערד, פון מיר אַרויס.

ד

איך האָב ליב געקראָגן די גרויע פּאַרטאָגן פון דעם לאַנד, די שעהן ווען ס'לעשן זיך די שטערן און די קוסטפּייגל הייבן אָן דעם פרימאָרגן־געצוויטשער.

שיין איז אין די שעהן דער איילבערט. זיין קרוין איז ווי אַ גרין־זילבערנער נעפּל אויף אַ קנאָכיק־צעבויגענעם שטאַם. ציפּרעסן שטרעקן אויס זייערע שמאָלע שאַרפע שאָטנס און דער שפּיץ ציטערט אין מילדן ווינט. איך עטעם טיף און פיל אַ קילקייט איז אַלע מיינע גלידער, און אַ לויטערקייט שפּרייט זיך אין מיר. מיין בליק ווערט שאַרף, די ברעמען אָנגעצויגן ווי די בויגנס.

אין איינעם פון די פּאַרטאָגן האָב איך אָנגעהאָנגען אַ שלאָס אויף דער טיר און בין אַוועק אין שטאָט אַריין. איך האָב פאַרבייגייענדיק געוואָרפן אַ בליק צום יונגן איילבערט. אָ, ווי שיין ער איז געוואָרן דורך דער צייט. דאָס טירל האָט זיך אַ וויג־געטאָן. די מירמלזייל שטייט אַלץ. זי ווערט וואָס אַמאָל קלאָרער, בולטער, דורכזעעוודיקער. דער טוי וואַשט זי. ווער ווייס ווי לאַנג זי איז געלעגן אַ פאַרגראָבענע אין מיין הויף? וויפל דורות? איז דען דאָ אַ שלאָס געשטאַנען? וווּ איז די צווייטע זייל? אפשר דאַרף מען זי אַ זוך טאָן אין דער געגנט? און פּלוצעם האָב איך זיך דערמאָנט אָן מיין שכנה. פאַרוואָס ווייס איך ניט איר נאָמען? אָט, אַן איינפאַל, ניט צו פרעגן אפילו דעם נאָמען. איך בין אומצופרידן געוואָרן פון זיך. אפשר וואַרטן אויף איר? זי וועט דאָך באַלד פאַרבייגיין!

אין שכנישן הויף האָט זיך צעבילט דער קודלאַטער כושי. ס'ווערט שפּעט! איך האָב אַרויפגעוואָרפן אויפן אַקסל מיין רענצל און אַוועק צום הויפּטשאָסיי.

עס האָט מיך געצויגן צו מיין קליינעם הויף ביים קעמלוועגל.

די אַרבעט האָט מיך פאַרהאַלטן אַ גאַנצן טאָג אין שטאָט און דערנאָך דאָס וואַרטן אויפן אויטאָ. איך האָב אָנגעצונדן די נאַפטלאָמפּ און צעעפנט די טונקעלע טיר.

איך האָב ליב צו זיצן אויף דער שוועל אַ באָרוועסער און פילן די נאַכטקילקייט פון דער ערד. זיי פאַלן די זאַמדלעך צו און איך שפּיר זיי אונטער יעדן שאַר פון מיינע פיס. נאַכטיקע שאָטנס ווימלען שוין איבערן פּרדס. די וויקלגראָזן זענען נידעריק געוואָרן, איינגעפאַלן, זיי זעען אויס ווי פּיאַלעטע כמאַרעס.

שוין לאַנג נישט געזען די שכנה. גייט זי דען נאָך אַלץ פאַרביי מיין הויף?

איך בין אַרויס אויפן זאַמדוועגל און שטיי דאָ אַליין אין דער קילער אָוונט־טונקלניש. עס ווילט זיך מיר אַ שפּרייז־טאָן לענגאויס דעם זאַמדוועגל, אַהין ביז די פלאַכן פון זאַמד, ווו ס׳וווינט מיין שכנה. פאַרוואָס זאָל איך טאַקע ניט אַריינגיין צו מיינע שכנים און זאָגן צו זיי: שלום אייך, איך בין דאָך אייער שכן פון דעם ווייס־געקאַלכטן הייזל... איך ווייס, אַז זיי קומען פון תּימן, פון דער שטאָט עדן.

איך בין שוין פאַרביי דעם שיקמה־בוים, אַרויס פון די סאַברע־קוסטעס און דערגאַנגען צו די נידעריקע דערנער. אין דער שכנהס הייפל איז ליכטיק. איך זע גרויסע שאָטנס אויף די ווענט. מיין שכנה איז אין שטוב. כ׳הער איר שטים. אַזוי קענטיק איז זי מיר... און גערעדט האָב איך דאָך מיט איר געציילטע ווערטער!

אַריינגיין? ניין... כ׳בין באָרוועס... און וואָס עפּעס קלאַפּן אין פרעמדע טירן ביינאַכט... איך האָב זיך פאַרפּלאָנטערט אינעם טייוולס־האָר און צעשטאָכן די פיס.

אַז די לבנה איז אויפגעקומען בין איך נאָך אַלץ געשטאַנען אויפן וועגל. איך האָב זיך אַראָפּגעבויגן און געזוכט די שפּורן פון דער שכנה. זיי דאַרפן דאָך זיין אין זאַמד, אויב זי איז היינט נאָכמיטאָג פאַרבייגע־גאַנגען? יאָ, כ׳האָב דערקענט אירע קליינע טריט. זיי פירן דאָך צו דער מירמלנער זייל און דאָ זענען זיי אָפּגעהאַקט! פאַרוואָס האָב איך דאָס פריער ניט געזען? זי איז דאָ געווען! זי קומט אַהער יעדעס מאָל ווען זי גייט פאַרביי און איך בין ניט אין דער צייט אין דער היים.

ה

איך האָב זיך געוואָרפן אויפן אייזערנעם בעטל און ניט געקענט געפינען דעם באַשייד פאַר דעם פּלאָנטער וואָס איז מיך באַפאַלן. לויטן שכל דאַרף איך אַוועק פון דאַנען. אַריבערפאָרן אין שטאָט. און דאָ האַלט מיך עפּעס. וואָס? כ׳קען ניט וויסן. איך פיל אַז כ׳האָב אַרויסגעכישופט פון דער ערד אַן אַלטן סוד. איך האָב באַפרייט אַן אַלטן וואָרצל וואָס האָט געלעבט אין דער ערד, און דערמעגלעכט אַז אַן אַרויסשפּראָץ פון אַן איילבערט זאָל דערוואַכן. אַ בוים איז דורך מיינע הענט אויפגעשטאַנען תּחית המתים!

די האַלבנאַכטיקע מידקייט איז מיך באַפאַלן און האָט גובר געווען. איך בין געלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן און געחלומט. דאָס איז אייגנטלעך ניט געווען קיין חלום נאָך עפּעס אַ זעונג וואָס איז האַלב חלום, האַלבווירקלעכקייט. און אין מיט פון דער זעונג — די מירמלזייל. — — — איך האָב זיך געלאָזט איבער גערטנער און פעלדער זוכן די צווייטע זייל פון מירמל. ערגעץ נאָענט איז זי דאָך דאָ!... מיין הייפל האָב איך שוין דורכגעגראָבן... אפשר געפינט זי זיך אויף די שכנישע פעלדער? אפשר האָבן געפונען די זיילן צווי שכנים און זיי האָבן זיך מיט זיי צעטיילט? איינער האָט גענומען איין זייל און דער צווייטער די צווייטע... איך האָב זי לאַנג געזוכט ביז איך האָב זי געפונען אין אַ הויפנווינקל פון מיינע שכנים ביי די זאַמד־פּלאַכן. גוט וואָס אין הויף איז קיינער נישטאָ... דער קודלאַטער כושי האַווקעט אויף מיר... די זייל איז אויבן אויף... געענוג נאָר אַוועקצונעמען דעם שטויב, ווי ס׳אַנטפּלעקט זיך דער ווייסער מירמל, אַ בלאָ־אָדערדיקער, אַזאַ שיינער, אַז מיין האַנט ציטערט פון תּענוג...

איך וויש אַרום דעם אַלטן שטויב, באַהויך אים מיט מיין אָטעם און דערפיל אין אים לעבן... די מירמלזייל האָט זיך אויפגעהויבן... אַראָפּגעשליידערט פון זיך אַ מירמל־פּאַנצער און עס האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר מיר מיין שכנה... מיין שכנה פון דער שטאָט עדן...

— עדנה — האָב איך אויסגעשטאַמלט. — עדנה — — — —

זי האָט געלאַכט צו מיר מיט אַ קאַלטן פאַרמירמלטן געלעכטער.

— עדנה — זיי מוחל וואָס איך האָב דיך אויפגעוועקט פון שלאָף...

פון אַזאַ לאַנגן שלאָף... רופט מען דיך טאַקע עדנה?... אָדער דאָס איז אויסטראַכטעניש?...

— איך בין ניט אויסטראַכטעניש. איך בין עדנה פון בלוט און פלייש.

איר שמייכל איז מיטאַמאָל געוואָרן וואַרעמער. איך האָב זיך אויפֿגעהויבן פון שטויב. זי האָט באַרירט מיין שוואַרצע טשופּרינע און אַרומגעווישט די אַנגסטן פון מיין פנים — — —

אַז כ'האָב זיך אויפגעכאַפּט איז שוין געווען ליכטיק. איך האָב פאַרשפּעטיקט צו זען דעם פרימאָרגן, ווי די יהודה־בערג זענען באַגענט און פילן ווי דער ים־אָטעם איז פריש, טויאיק. די זון איז שוין הויך. אין געסל איז שטיל. איך האָב אָנגעשפּאַרט מיין הייסן שטערן אויפן קילן אייזן פון די פענצטער־קראַטעס.

כ'הער די שאָרשנדיקע טריט אויפן וועגל. דאָס טרוקנגראָז ביי די וועג־ראַנדן ברעכט זיך. איך דערקען די טריט! דאָס גייט מיין שכנה. פאַר מיין הויף פאַרקלענערט זי די טריט, און רופט צו מיר:

— שלום!

— שלום, עדנה! — רוף איך פּלוצעם אויס, און חידוש זיך, הלמאי איך רוף זי עדנה.

זי איז געבליבן שטיין און קוקט מיך אָן מיט פרעגנדיקע אויגן.

— רופט מען דיך ניט עדנה?

זי האָט זיך פאַרטראַכט. איר אָליוון־פּנים האָט אַ צוק געטאָן און זי האָט געשמייכלט.

— געפעלט דיר דער נאָמען עדנה?

— יאָ, — האָב איך געשטאַמלט און זיך געריבן דעם שטערן פון חידוש, — יאָ! ער געפעלט מיר, דער נאָמען.

— אויב דיר געפעלט דער נאָמען רוף מיך עדנה!

זי האָט אויסגעשטרעקט צו מיר איר קליינע ציטערדיקע מירמל־האַנט.

— עדנה — האָב איך געזאָגט און געשפּירט ווי עס פּאַרווישט זיך די לעצטע גרענעץ פון חלום און וואָר.

מיר זענען ביידע געשטאַנען שווייגנדיקע און הינטער אונדזערע רוקנס האָבן מיר געשפּירט די גוטע קילקייט פון מירמלזייל.

שאָטנס, שאָטנס.

אַ קאַראַהאָד פֿון שאָטנס. שאָטנס אויף שניי. שאָטנס אויף שטיקער ערד. שאָטנס אויף שויבן. פֿונקען ווי פֿאַלנדיקע שטערן שניידן די שאָטנס. אַלץ לויפֿט צוריק. די שאָטנס ווערן אויסגעצויגן לאַנג און לויפֿן צו די נאַכטיקע האָריזאָנטן. די ביימער אַנטלויפֿן. די טעלעפֿאָן־סלופּעס אַנט־לויפֿן. אפֿילו די הימלען אַנטלויפֿן, די שפּעט־האַרבסטיקע, טרויעריקע הימלען.

דער צוג לויפֿט אַנטקעגן אַ לויערנדיקער, אומבאַקאַנטער נאַכט־פֿינצטערניש. דאָרט איז גאָרנישט ניטאָ: ניט קיין ביימער, ניט קיין הימלען, ניט קיין וואָקזאַלן. דאָרט איז נאָר דאָ שרעק. אַ זיסלעך שלעפֿערדיקע שרעק. זי קוקט צו דיר מיט פֿאַרגלייזטע אויגן פֿון אַן אָפּגרונט אַרויס. דער אָפּגרונט לאָקט. ער רופֿט. נאָך אַ רגע און דער לויפֿנדיקער צוג וועט אַריין אין קרייז פֿון וואַנען קיין צוריק איז ניטאָ. דאָס איז אַן אָפּגרונט וואָס הויערט ניט נאָר מיט זיין טיפֿקייט נאָר מיט דער ווייטקייט.

אַן אומבאַוועגלעכער שאָטן ביי פֿאַרלאָפֿענע וואַגאָן־שויבן.

שאָטנפֿינגער ציטערן אויף דער שויב. די רעדער קלאַפּן. די טירן זענען פֿאַרמאַכט. אַ הייזעריקע שטים — ווי מען וואָלט געשניטן דעמבעס.

אפֿשר אַוועק, אַזוי ווי די פֿעלדער די האַלב־פֿאַרשנייטע, אַזוי ווי די ביימער די נאַקעטע, אַזוי ווי די הימלען די וויינענדיקע?

עס איז שפּעט... עס איז שפּעט... — קלאַפּן די רעדער.

דער איבערגעבויגענער מענטשישער שאָטן האָט זיך געשאַרט

לעבן די פענצטער, לעבן די פֿאַרשלאָסענע טירן פון די וואַגאָן־קופעס און ביים סוף פון וואַגאָן זיך אָנגעשטויסן אויף אַ געל־וואַקסן לאַמטערן־ליכט.

— וווּהין, בירגער?

ווידער די הייזעריקע שטים.

— ווען שטעלט זיך דער צוג?.. כ׳וויל — — —

דאָס וואַקסענע ליכט איז אויפגעשפּרונגען און באַלויכטן אַ גרויסן שטערן, אַ טיפן און אַן אַרויסגעשטרעקטע אונטערשטע ליפּ, אַ באַוועג־לעכע. געדוכט האָט זיך, אַז דער מענטש רעדט. דאָס איז אָבער געווען אַן אומרויק ציטערן.

עמעצער האָט אים אָנגענומען ביים אָרעם. דער הייזעריקער לאַכט. ווידער שאָטנס. אָט איז די קופּע. ער פֿאַלט אויף דער באַנק. זיין שטערן רירט אָן אַ קאַלטן פרירנדיקן אייזן. פון אַ פענצטער־שפּאַרונע שניידט דער ווינט. ער האָט אויפגעשטעלט דעם קאָלנער און איינגע־צויגן די אַקסלען. ער ציטערט. דער הייזעריקער וואַכט ביי דער קופּע. יעדעס מאָל לאָזט ער הערן זיין קול און ס׳וויגט זיך דער פאַנאַר אין זיינע הענט.

אין שמאָלן וואַגאָן־קאָרידאָר איז אומרויק. עמעצער וויל פֿאַר־נעמען אַן אָרט אין דער האַלב־ליידיקער קופּע. דאָס איז אַ מיליטער־מאַן מיט זיין משפּחה.

דער הייזעריקער איז אויסגעוואַקסן ווי פון דער ערד. דער וואַקסענער פאַנאַר הענגט אין חלל.

— ניט דערלויבט... דאָ פאָרט סאַלאָמאָן מיכאַילאָוו... דער פֿאָלקס־אַרטיסט... ספּעציעל רעזערווירט...

דער שאָטן ביים פענצטער ליגט אַ פֿאַרקנוילטער. ער וויל אויפ־שפּרינגען און קען ניט. מידקייט און גלייכגילט. איז דאָס פון האַלב־שיכּרות? ווער איז דאָס געווען דער מענטש, וואָס האָט אים נעכטן פֿאַר־האַלטן ביים בופעט אין מאָסקווער וואָקזאַל? דוכט זיך אַז דאָס איז דער הייזעריקער... ער האָט פֿאַררויכערט אַ ציגאַר... עמעצער בעט ביי אים פייער... אָ, דאָס זענט איר, סאַלאָמאָן מיכאַילאָוו, דער פֿאָלקס־אַרטיסט?...

איך בין אייערס אַ פאַרערער... ווי גוט וואָס איך זע אייך פון דער נאָענט... דער פרעמדער האָט נעכטן אָנגערופן אַ נאָמען. דאָס איז געווען אַזאַ פאַרוויגנדיקע הייזעריקע שטים. איר וואַרט אויפן מינסקער ?... איך אויך. לאָמיר אויסטרינקען אַ גלעזל... זאָגט ניט אָפּ... העי, בופעטשיק! נאָך איינס... פאַר אייער געזונט און פאַרן געזונט פון יעווריעיסקי נאַראָד, וואָס גיט אונדז גרויסע קינסטלער... און אַ דריטס פאַרן פאָטער פון די פעלקער... — — —

דאָס איז אַזוי בליץ־שנעל געשען. — — — דער וואָקזאַל־היל־כער רופט איינצושטייגן אין די וואַגאָנען. עמעצער פירט אים אונטערן אָרעם. די וואַגאָן־היטערין האָט אים אָנגעוויזן די קופּע. זי רוקט צונויף די טירן... ער האָט לאַנג געדרימלט. אַ שטילקייט שפּרייט זיך. אַ וויגנ־דיקע שטילקייט. עס איז אים גוט. ער שעפּטשעט שטיל צו זיך: „יאָ ס׳איז אונדז ליבער פיל מער צו שטאַרבן ביסלעכווייז, איידער מיט אַ מאָל״. עדגאַר, דו זון פון גלאָסטערן, חזר נאָך אַ מאָל איבער דעם זאַץ... כ׳וויל אים הערן. פאַרוואָס שווייגסטו ? כ׳וויל אים איצט הערן. עדגאַר, דו דערקענסט מיך ניט? דאָס רעדט צו דיר קעניג ליר!...

— כאַ־כאַ־כאַ.

די וואַגאָן־היטערין שטייט פון יענער זייט קופּע־טיר און קוקט אַריין דורך דעם שפּאַלט פון פאָרהאַנג. דער הייזעריקער גייט הין און צוריק.

— וואָס לאָפּעסטו מיט די אויגן ?

— ניטשעוואָ... אַ ביסל געטרונקען. דאָס דערקענט מען... עך, דו רעדסט צו זיך ווי אין טעאַטער. נאָר איך פאַרשטיי ניט קיין וואָרט. זאָלסט אַליין ניט אַרויס פון וואַגאָן. מען האָט מיר באַפוילן דיר דאָס צו זאָגן. קענסט נאָך אַראָפּפאַלן אויף די רעלסן. דערנאָך וועלן מיר האָבן אַ סוף פון נאַטשאַלסטווע...

זי איז אַוועק. איר געלעכטער איז געבליבן.

דערנאָך איז ער געפאַלן מיטן פּנים צו די קני. אַ דעמב וואָס אַלע וואָרצלען זענען נאָר־וואָס אונטערגעשניטן געוואָרן.

שאָטנס. הייזעריקע רייד. רעדערגעקלאַפּ. שאַרפע ליכטסנאָפּעס ווי בליצן. טריט ווי אויף שטיינער־אָנשיטן. דאָס אַלץ לויפט אים נאָך. ער קען זיך פון דעם ניט אָפּרייסן. ער קלאַמערט זיך אין קאַלטן גלאָז. ער לייגט צו דעם שאַרבן צו דער שויב. טרערן פאַרפרוירענע. ווייטן פאַרשלייערטע, פאַרמעקטע, אַוועקגערויבטע. דאָרט איז גאָרנישט ניטאָ. און אַז זיין אויג ווערט שאַרף, אָנגעשפּיצט — זעט ער: אַ סימן פון אַ דערפל אויפן ראַנד פון פלאַכלאַנד. מען זעט די אָפּגעמעקטע הייזער און ביימער. אָט זענען סימנים פון וואָלקנס, פון הימלען. זיי זענען מער ניטאָ. אַלץ זעט אויס ווי שאָטנס אויף אַ בעלמע. ער אַליין איז אויך דער שאָטן פון אַ מענטש וואָס איז מער ניטאָ. אַ וואַנדערנדיקער שאָטן. אַזוי וואַנדערן אַרום שאָטנס פון וועלדער פאַרברענטע, פון אינדזלען פאַרטרוקנטע אין אומרויקע ימען, פון פעלדזן פאַרשווומענע אין אָפּגרונטן. ער איז אַ צווייג פון דעם וואַלד, אַ זעמדל פון דעם אינדזל. אַ שפּליטער פון דעם פעלדז.

איז אַלץ מיראַזש?

ער האָט מיט די פויסטן געקלאַפּט אין די פאַרהעמערטע טירן. דאָס געקלאַפּעריי האָט אומהיימלעך אָפּגעהילכט. דער רעדער־געררויש האָט עס צעבראָקלט, צעשטויבט, צונישט געמאַכט.

— בירגער! וואָס איז מיט אייך? ווי שעמט איר זיך ניט?

אַרום דער קופּע אַן אָנלויף. ווידער דער הייזעריקער. ווידער דאָס שאַרפע געלעכטערל פון דער וואַגאָן־היטערין.

— צינדט אָן ליכט! פאַר וואָס איז פינצטער! וואָס שלעפּט איר זיך נאָך מיר ווי שאָטנס? — האָט גערופן דער מענטש פון דער איינזאַמער קופּע.

דער לאָקאָמאָטיוו האָט זיך פּלוצעם אומהיימלעך צעשריען. אַ לאַנג, אויסגעצויגן געוואָיעריי.

נאַכט. אַ פינצטערע האַרבסט־נאַכט אין ווייסרוסלאַנד. דאָס אויסגעצויגענע געשריי פון לאָקאָמאָטיוו האָט אים וואַך־געמאַכט. ער האָט אָנגעהויבן צו שפּאַנען הין און צוריק. זיין בליק איז געוואָרן שאַרף. די ברעמען אָנגעצויגן און די שוואַרצאַפּלען — גליאיק ווי פלעמלעך.

דער צוג לויפט לענגאויס אַ וואַלדוואַנט. פון אַנדערן פענצטער, דעם קעגן־איבערדיקן זעט מען אַ פעלד מיט קאַרליק־קוסטעס. זיי זעען ביינאַכט אויס ווי צעריסענע וואָלקנס.

ווי שפּעט איז איצט?

דער רויך פון לאָקאָמאָטיוו פאַרדעקט דעם הימל. רויך און נעפּל. שאָטן און נאַכט.

ווי לאַנג איז נאָך ביז טאָגליכט?

דוכט זיך דער צוג איז שטיין־געבליבן. עס ווערט אַזוי שטיל. אין דער רעכטער שליף וויגט זיך אַן אָדערל. דאָס מידע לצל וואַכט אויף. געגנוג געדרימלט צופוסנס פון אַ באַגילדעטער שטול, צווישן גאָלדגעשניצטע שטול־אָרנאַמענטן און באַשטיוולטע פיס! דאָס לצל איז קליין. אויסטערליש קליין, אַזוי ווי אַ גריל. „פעטער ליר, פעטערל ליר, וואַך אויף און נעם דעם נאַר מיט זיך!" כאַ־כאַ־כאַ — — —

ער וועט אים צעקוועטשן מיט די פינגער. העי, פאַרשייטער לץ, הער אויף דיין גרילן! דו זעגסט מיר דורך אַלע אָדערן!

די וואַלדוואַנט דערנענטערט זיך. זי איז אַריין אין וואַגאָן. עס איז פול געוואָרן מיטביימער־שטאַמען, מיט צווייגן. זיי פאַרפלעכטן אים אין די ביינאַכטיקע קרוינען. פון קעגן־איבערדיקן פענצטער זעט מען איצט שוין ניט קיין צעריסענע וואָלקנס נאָר דערוואָרגענע שעפּסן, סטאַדעס גרויע שעפּסן אויף שנייפעלדער.

אָנגעהויבן האָט זיך אַלץ ווי דער דאָזיקער טונקעלער וואַלדפּאַס אויפן שניי־האָריזאָנט. צוערשט אַ בלאָלעכער שטריף אויף די שניי־פעלדער. דערנאָך איז דער שטרייף געוואַקסן, די בלאָקייט איז פאַר־שוואונדן אין אַ וויסטיקער גראָקייט. דער שטרייף איז נאָכגעלאָפן דעם צוג, אַנטקעגן־געלאָפן אים אַזוי ווי אַ שטריק־פּעטליע איבער אַ פאַר־לאָרן טאַבון־פערד וואָס עמעצער וויל פאַנגען.

— — — — — — — געשען איז דאָס מיט עטלעכע וואָכן צוריק. ער איז אַריינגעפאַלן אין שטוב אַ מידער, אַן אויסגעלאָשענער. זיין פרוי האָט זיך ווי אַ שאָטן אָפּגערוקט פון דער טיר און אַריינגעלאָזט אים אין

קליינעם אַרבעטס־צימער. ער האָט אַוועקגעלייגט דעם קאָפּ אויפֿן גרויסן שרייבטיש און געקלאַמערט זיך מיט די הענט אָן די טישראַנדן. דאָס שווערע טונקעלע מעבל, די ווענט, דער סופֿיט — דאָס אַלץ האָט זיך דערנענטערט צו אים. ער איז ווי איינגעשרויפֿט אין דער חשכות. די שלייפֿן פּרעסן אים. אויפֿן שאַרבן ליגט אַ לאַסט. אַ שווערע מאַסע. נאָך אַ רגע און ער וועט דערדריקט ווערן.

מילדע הענט, באַקאַנטע, ווישן די שוויס־טראָפּנס. פֿינגער קעמען די צעווינטיקטע האָר.

— סאַלאָמאָן. סאַלאָמאָן.

ער האָט האַסטיק אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ, ווי ער וואָלט אים אַרויסגעריסן פֿון דעם האַלצפּרעס, פֿון דער פֿינצטערניש. די שוואַרץ־אַפּלען זענען אַרויסגעשפּרונגען פֿון די אויגנלעכער. איבער די פּוסטע אויגנלעכער — ברעמען. זיי זענען אונטערגעצונדן געוואָרן פֿון אַ פֿלאַם. ער אַליין האָט זיך דערשראָקן פֿאַרן פֿייער. דעם אָפּשיין האָט ער דערזען אויף זיין פּרויס פּנים.

— אָ, גאָט.

זי האָט זיך פֿאַרשטעלט מיטביידע הענט דאָס פּנים. אירע פֿינגער זענען לאַנג און דורכזעעוודיק. ער נעמט זיי לייכט אַראָפּ פֿון איר פּנים און לייגט זיי צו צום אייגענעם האַרץ.

ער וויל ריידן. זי דערקענט דאָס לויט דעם געציטער פֿון די וויעס, לויטן געצאַפּל פֿון דער אונטערשטער ליפּ און לויטן באַוועגן זיך פֿון קינבאַק.

— מ׳דאַרף ניט, כ׳ווייס אַלץ... כ׳פֿאַרשטיי אַלץ...

— — — — דער שמאָלער טונקעלער וואַלדפּאַס, וואָס זעט אויס ווי אַ פֿינצטערע כמאַרע ביים האָריזאָנט, איז נענטער געוואָרן, גרעסער געוואָרן און לויערט מיט שטורעם, מיט געוויטער. — — — —

— — — מען האָט אים געלאָזט וואַרטן לאַנגע שעהן אין קאָרי־דאָרן, ביי פֿאַרמאַכטע טירן. צו ערשט האָט מען אים אויפֿגענומען

העפלעך, דערנאָך מיט חידוש און צום סוף מיט אומגעדולד. היינט האָט ער אַ שאָט־געטאָן אויף אַ גרויסן, ליידיקן טיש בריוו. צענדליקער בריוו. — זעט וואָס מען שרייבט מיר. זעט! פון האָמעל און פון אָדעס, פון טשערניגאָוו און פון כאַרקאָוו. דאָס שרייבן יידן. זיי בעטן, זיי מאָנען ביי מיר. העלף. העלפט. פּאַגראָמשטשיקעס סטראַשען ווידער. מען טרייבט פון אַמטן. מען באַליידיקט. מען באַפאַלט. ניט־באַשטראָפטע פירן זיך ווידער אויף הפקרדיק. מען לאָזט ניט אַריין אין די אַלטע היימען.

פאַר וואָס שרייבן זיי צו מיר, פאַר וואָס קומען זיי צו מיר? ווער בין איך דען? אַן אַקטיאָר. דער אומגליקלעכער ליר וואָס זוכט אַליין הילף און שוץ. איך קום צו אייך, חבר פון סאָוועט, פּריוואַט. איך מוז אייך דאָס ווייזן. געזעצן ווערן געטראָטן. אונדזערע, סאָוועטישע. ס׳איז ניט מיין געביט. אָבער ווי אַ בירגער, ווי אַ סאָוועטישער מענטש, קען איך ניט רוען. איך בעט אייך. באַקענט זיך מיט די פאַקטן.

היינט האָט מען צוגענומען ביי אים אַלע בריוו. איינער מיט אַ קאַלמיקיש פּנים האָט אים אַרויסגעפירט פון גרויסן קאַבינעט. ביי דער טיר האָט דער מענטש אַרויפגעלייגט אויף אים אַ שווערע האַנט.

— באַוּמרויקט זיך ניט. דאָס זענען פאַר אייך זייטיקע זאַכן. שפּילט טעאַטער. איר שטעלט איצט דעם קעניג ליר? עפּעס געהערט וועגן דער אויפפירונג. האַלט אייך, סאַלאָמאָן מיכאַילאָוו, ביי אייערע ענינים. שטעקט ניט די פינגער צווישן טירן. עס חידושט מיך אויף אייך. דער פאָטער פון די פעלקער רופט דאָך אייך „דער קלוגער סאַלאָמאָן״ — איר דאַרפט מיט אייער אויפפירן זיך באַרעכטיקן אַזאַ גרויסע אָנערקענונג.

די טיר האָט זיך צוגעקלאַפּט. עטלעכע טעלעפאָנען האָבן זיך מיט איין מאָל צעקלונגען. ביים אַרויסגאַנג פון דער געביידע האָט דער שומר לאַנג געהאַלטן אין די הענט דעם פּראָפּוסק. ער האָט זיך איינגעקוקט אין יעדן אות און דערנאָך געדרייט דעם בילעט אין די הענט. ווידער אַ טעלעפאָן. דער באַוואָפנטער היטער פון דער געביידע האָט אים געלאָזן שטיין און אַליין זיך אויפגעהויבן רויק צום טרייבל. אַן אויס־טערלישע שטילקייט. טריט אויף רויטע טעפּיכער. סקריפּערייַ פון

אַ טיר. פֿאַרדעמפּטע רייד. ער איז בייז געוואָרן אויף דעם אומגעריכטן טעלעפֿאָן־געשפּרעך, אויף דעם שומר, וואָס לאָזט אים תּמיד דורך מיט אַ העפֿלעכן שמייכל און היינט איז זיין פּרצוף אַזאַ אָנגעצויגענער, עס שרעקט אים דאָס געשעפּטש און די שורשנדיקע טריט פֿון לאַנגע קאָרידאָרן.

— דאַ, דאַ, דאַ. פּיעטראָוו הערט אייך. דאַ, דאַ.

ענדלעך האָט זיך דאָס געשפּרעך געענדיקט. צוויי טריט צו דער טיר און ער קען זיי ניט מאַכן. אַ שיף־אויגיק קאַלמיקיש פּנים. אַ פֿאַרהאַק־טע טיר. אַן אָפּן פּנים פֿון אַ סיביראַק מיט קליינע וואָסעראויגן. די שוואַרצע שנור פֿון פּיסטאָלעט הוידעט זיך. הין־און־צוריק. נאָר צוויי טריט. און ער, דער פֿאָלקס־אַרטיסט, דער ליבלינג פֿונעם פֿאָטער פֿון די פֿעלקער, וואַרט. ער מוז וואַרטן. ער איז פֿאַרקניפּט מיט דער שוואַרצער שנור.

— איר קענט דורכגיין.

דאָס וואָרט „קענט" האָט אים אַ ברי־געטאָן. ער איז אַרויס פֿון טויער מיט אַ פֿאַרהאַקטן אָטעם. מיט אונטערגעבראָכענע קני.

מיט דריי טעג שפּעטער. נאָך אַ פֿאָרשטעלונג פֿון קעניג ליר.

ער רייסט פֿון זיך דעם לאַנגן, גרויען פּאַרוק. ער וואַשט אָפּ דעם גרים. ליר איז נאָר וואָס תּחית־המתים אויפֿגעשטאַנען. לעבן אים דרייט זיך דער לץ, דער באַהערנערטער לץ מיטן פֿאַרזאָרגטן פּנים. אַזוי פֿיל צער אין זיין געקנייטשט פּנים. דער זאַל איז שוין פּוסט. מען האָט פֿאַרגעסן אויסצולעשן דעם רויטן ליכטוואַרפֿער. די רויטע הערנער פֿון לץ ווערן גרויס. זיי שפּרינגען אַרום אויף די טונקעלע, וויגנדיקע לייוונטן פֿון הינטער די קוליסן. קליין, נישטיק איז דער קעניג ליר. צמעצער העלפֿט אים אָנטאָן פּראָסטע קליידער פֿון שטערבלעכן המון. אָ, דאָס איז די פּרוי זיינע. ער דערקענט אירע פֿינגער אויף זיין האַלדז. זי פֿאַרבינדט אים דעם קראַוואַט.

אין דרויסן וואַרט שוין אַן אויטאָ. ער פֿאָרט איצט אין קרעמל. דער פֿאָטער פֿון די פֿעלקער רופֿט אים. דער טראַגישער קעניג ליר איז איינגעשרומפּן. ס'איז אַ האַרבסטיקע נאַכט. ער איז אַליין. אַהין גייט

מען ניט מיט קיין באַגלייטערין. ס׳שוידערט אים פון קעלט. נאָר איר קוש אין דער אַרויסשטאַרצנדיקער אומרויקער ליפּ איז הייס. ער פּאָרט דורך נעפּלען. אויף די ליפּן די לעצטע רייד פון דער נאַר וואָס געענדיק־טער פאַרשטעלונג. ...„און טויט איז מיין אומגליקלעך קינד״ — אַזוי הייבט אָן דער קעניג ליר זיינע לעצטע רייד און דערנאָך שטאַרבט ער. ס׳איז מער ניט געבליבן ווי דאָס יידישע טעאַטער אין דעם גרויסן רוסלאַנד — דאָס קינד, דאָס אומגליקלעכע.

ער פאָרט לענגאויס אַ בלינדער מויער. פאַרריגלטע טויערן. וואַכן. ער גייט איבער אַ פּוסטן הויף. עמעצער פירט אים. נאַכטיקע טורעמס. קופּאָלן. געוועלבטע אַריינגענג. קירכן־ווענט פאַרפינצטערטע. שוואַרצע פּאַסאַדן. גלאָקן־קלאַנג. פּירקאַנטיק־באַלויכטענע פענצטער. ס׳איז האַלבע נאַכט.

אין גאַרדעראָב נעמט מען ביי אים צו דעם מאַנטל. גרויסע זאַלן. ווידער באַגלייטער. מענטשן מיט פּוטלאַרן. ערגעץ נאָענט סטראָיעט מען פידלען. צעבראַקלטע קלאַנגען. צעשפּליטערטע ליכטער. אַ וואַרט־זאַל. מענער אין טונקעלע קליידער. רויכשלייערן פון ציגאַרן. עמעצער דריקט אים די האַנט — אַ, סאַלאָמאָן... פנימער פאַרשווימען. ער איז אַליין. ער טרעט אויף ווייכע טעפּיכער. ביי אַ בופעט קלאַפּט מען מיט גלעזער. פּלוצעם עפענען זיך ברייטע טירן. אַ ריזיקער זאַל. אַזוי פיל ליכט פון זשיראַנדאָלן. דאָס ליכט מיניעט זיך. עס וויגט זיך. לאַנגע טישן. מיליטער־לייט מיט צעפלאַמטע פנימער. עטלעכע פּרויען שטייען ביים ראַנד פון אַ בינע. די בינע איז ליידיק. ווידער דאָס גרילצעריי פון פידלען וואָס עמעצער סטראָיעט. אַ זשומענדיקע שטילקייט. דער גרוי־סער זאַל איז איבערגעפּולט אָבער אַרום אים איז פּוסט. ער שוועבט ווי אין אַ חלל און מיט אַ מאָל — דאָס זשומעריי הערט אויף. עמעצער האָט זיך אויפגעשטעלט פון דער ערשטער ריי און דערנענטערט זיך צו אים מיט שטילע טריט. אַ נידעריקער, באַשטיוולטער מאַן אין אַ פאַר־קנעפּלטן סורטוק. דאָס פּנים — קיילעכיק, אויסגעלאָשן, די אויגן — אָנגעשפּיצטע, גלייכגילטיקע, דער שטערן — וואַקס, די אויערן —

אָפּשטייענדיקע. אַלעמענס אויגן פֿאָלגן נאָך יעדן טריט זײַנעם. אויפֿגעהויבענע כּוסות בלײַבן פֿאַרגליווערט.

דאָס גייט ער, דער פֿאָטער פֿון די פֿעלקער, אַנטקעגן דעם קעניג ליר.

דער קעניג ליר איז אים אַנטקעגן־געגאַנגען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ ווי נאָר די גרויסע ברעמען וואָלטן אים געפּירט. און פּלוצעם, ווען ער האָט דערפֿילט אויפֿן אַקסל דעם אָרעם פֿון פּ אָ ט ע ר האָט ער אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ און זײַנע אויגן האָבן אַ גלי־געטאָן ווי צעגאָסענער שטאָל.

ליר האָט דערזען פֿאַר זיך אַ מיד וואַקסן פּנים, אַ צעגעסנס פֿון פּלאַכע פּאָקן־גריבלעך און דורכזעעוודיקע קליינע אויגן שטעכיקע ווי אויסגעטריקנטע קראָפּעווע־בלעטלעך.

— מודרי סאַלאָמאָן... פּרעמודרי סאַלאָמאָן...

דאָס זענען שטילע רייד ווי פֿון אַ מענטש, וואָס האָט זיך נאָר וואָס אויפֿגעכאַפּט פֿון אַ דרימל. און מיט אַ מאָל, אומגעריכט, האָט ליר דערזען דעם פּ אָ ט ע ר דורך און דורך. ער האָט דײַטלעך דערזען, אין דעם תּמיד אומבאַשטימטן בליק, — שפּאָט! שטעכיקע שפּאָטערײַ! דאָס האָט געדויערט נאָר איין רגע. דאָס פּנים האָט אויף ס׳נײַ אַרויפֿגעצויגן אויף זיך אַ וואַקסענע גלײַכגילטיקייט און רויִקייט. אפֿילו אַ מילדקייט.

דער הויכער פּאַרטיימאַן מיטן קאַלמיקישן פּנים איז פֿאַרבײַגעגאַנגען. דער פֿאָטער האָט זיך אַ וויג־געטאָן און אַרײַנגעשטעקט די פֿינגערשפּיצן אין דער קעשענע.

— דו זעסט אויס אומרויִק און מיד, סאַלאָמאָן.

ער האָט זיך עטלעכע מאָל פֿאַרהאַקט, דערפֿילנדיק לירס פֿאַרשעמישן בליק און אויסגעמיטן נאָך אַ מאָל צו זאָגן דאָס וואָרט „מודרי״.

— איך קום פֿון אַ פֿאָרשטעלונג. כ׳בין נאָך איצט ווי אין דער י׳אַל פֿון טראַגישן ליר.

— פֿון קעניג ליר? — אויפֿן פּנים אַ וואָלקנדל, אַ געמיש פֿון נעפּל און שניי. — פֿאַר וואָס נעמסטו אויף זיך די ראָל פֿון אַ קעניג און ניט פֿון אַ לץ?...

ער האָט זיך צעלאַכט, דער פאָטער פון די פעלקער, און די אַרו־מיקע האָבן מיטגעלאַכט. נאָר די פרויען האָבן ערנסט און טרויעריק געקוקט אויף לירן.

— מודרי סאָלאָמאָן! ביי טאָג שפּילסטו די ראָל פון שיילאָקן און ביי נאַכט די ראָל פון קעניג ליר!

ווידער האָט לירס אונטערשטע ליפּ אָנגעהויבן צו ציטערן. ער האָט געקוקט אויפן פּ אָ ט ע ר מיט גרויסע אומרויִקע אויגן.

— דו ביסט אַן אַקטיאָר אַ גאַנצן מעת־לעת. אַ גרויסער אַקטיאָר.

דער מענטש מיטן קאַלמיקישן פּנים האָט זיך דערנענטערט אַ שמייכלענדיקער.

דעם קעניג ליר האָט עפּעס אָנגעהויבן קלאָר צו ווערן. ער איז געבליבן אַליין. ער האָט נאָר געזען זיך דערווייטערנדיקע רוקנס.

אויף דער בינע שטייט אַ פרוי. זי זינגט. קלאַוויר־באַגלייטונג. ווידער גלעזער־קלינגערייַ. רייד. געלעכטער. די יונגע אָפיצירן ביים זייטיקן טיש זענען רעשיק. דער קעניג ליר איז שרעקלעך איינזאַם. הינטער זיין רוקן — די בינע. זי גרייכט אים ביזן אַקסל — אַזוי ווי אַן עשאַפאָט. פאַר אים — דער טיש מיט די אָנגעזעענסטע מלוכה־לייט. ער האָט פאַרהאַלטן זיין בליק אויף איין פּנים. עפּעס דערוואַרט ער פון דעם פּנים. אַזאַ נאָענטס איז עס. איצט זעט ער די יידישע שטריכן פון אונטער די וואָנסעס. ער דערקענט די יידישע אויגן. דאָס איז לאַזאַר מאָיסעיעוויטש. צוויי פאַר אויגן האָבן זיך צונויפגעטראָפן. דער מלוכה־מאַן האָט ניט געפונען קיין רו פון לירס בליק און איז ווי אַ געפאַנגענער צוגעצויגן געוואָרן צום פייער, וואָס האָט געשלאָגן פון לירן.

— קעניג ליר, כ׳וועל באַזוכן אייער ׳ טעאַטער. גוט וואָס כ׳זע אייך דאָ...

ליר האָט געדאַנקט. אין זיין האַנט — קאַלטע פינגער פון אַ פרעמדן מענטש. אַ מאַסקע ניט קיין פּנים. אַ מאַסקע וואָס שווידערט אויף. ביידע האָבן זיך דערשראָקן. געדוכט האָט זיך זיי, אַז אַלע ליכטער זענען געוואָרן שפּיזלדיק. וואָס מער איינער האָט זיך דערווייטערט פון

צווייטן אַלץ רויקער זענען זיי געוואָרן, אַלץ מילדער דאָס ליכט פון די זשיראַנדאָלן. איצט גייט שוין ליר לעבן אַ גרויסער מאָזאַיִק־וואַנט. אַן אַקטריסע האָט אים אָנגענומען פאַרן אָרעם. זי לאַכט צו אים. אירע פערל אויפן האַלדז דערמאָנען אים אָן טרערן. גרויסע פינקלדיקע טרערן, וואָס פון זיי קען ליכטיק ווערן אין די פינצטערסטע קעלערן. דאָס זענען אוודאי ירושה־פערל פון אַ יידישער מאַמען...

די אַקטריסע האָט לייכט אַרויסגענומען די האַנט פון לירס אָרעם. זי האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן דער וואַנט. איר פּנים איז בלייך. די אויגן — איבערגעשראָקן.

דער פאָטער פון די פעלקער האָט זיך פאַרהאַלטן און זי שווייגנדיק אָנגעקוקט, דערנאָך איז זיין בליק געבליבן הענגען אויף לירס ציטערנדיקע הענט.

— סאַלאָמאָן... איך וויל אייך זען אין דער ראָל פון שיילאָק, דעם סוחר פון ווענעדיק... איצט... ניט אין די פאַרטייאַמטן... נאָר דאָ... אויף דער בינע... דאָס בילד ווי שיילאָק מאָנט דעם פונט פלייש... די בינע איז פריי... איך וואַרט...

ליר האָט זיך פאַרקרימט, ווי ער וואָלט אין רוקן געביסן געוואָרן פון אַ גיפטיקער שלאַנג, ווי ס'וואָלטן אים פאַרוויקלט פייערצונגען פון אונטן אַרויף. גרויסע טראָפּנס שווייס האָבן באַשלאָגן דעם שטערן. ער האָט ניט געקענט עטעמען. זיין לשון איז פאַרהאַקט געוואָרן. ער איז געגאַנגען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ צום עשאַפאָט, כאָטש קיינער האָט אים אַהין ניט באַגלייט.

אויף אַ גאַלעריע האָט דער אָרקעסטער געשפּילט דעם פּאַיאַצן־טאַנץ. די קלאַנגען פון די גלעקלעך זענען געפאַלן אויף זיין האַלב־נאַקעטן שאַרבן, ווי שטיינדלעך געוואָרפענע פון אַ לוסטיקן און שיכּורן המון.

ער איז פלינק אַרויפגעשפּרונגען אויף דער בינע און געטרייסלט פון זיך דאָס שפּאַטישע גלעקל־קלינגעריי, דעם געוואָרפענעם שטויב, די שטיינדלעך. די בליקן — האַלב־חוזקדיקע, האַלב־וווּנדערנדיקע זענען אָפּגעפאַלן פון אים אַזוי ווי זאַמד פון מירמל.

דאָס איז אַן אַנדער מענטש. אַ שטאָלצער, אַ מאָנענדיקער, מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ.

— איר ווילט זען שיילאָקן, דעם מאָנער, אָט איז ער!

ער איז צוגעגאַנגען האַרט ביז דער ראַמפּע. דאָס איז גיכער געווען אַ לויפן פון אַן אויפגעוואַכטן לייב וואָס האָט דערשפּירט געפאַר.

— ...„ער האָט געווונדיקט מיין פאָלק... צעקריגט מיך מיט פריינד... אָנגערייצט אויף מיר די שׂונאים... פאַר וואָס?"

זיין רעכטע האַנט איז דראָענדיק אויסגעשטרעקט געווען צו דער ערשטער ריי, טייטלענדיק צו דער מיט פון דער פראָנטיקער שורה.

— ...„פאַר וואָס? דערפאַר וואָס כ'בין אַ ייד? טאָ זאָל דער באַליידיקטער ייד נעמען אַ ביישפּיל פון אים און אויך אַזוי נקמה נעמען! איך וועל טאָן אַלע געמיינקייטן וואָס איר אַליין האָט מיך אויסגע־לערנט!"...

ער האָט זיך דערשראָקן פאַר זיינע אייגענע רייד און ווי אונטער אַ בייטשן־געפייפערײ זיך צוריקגעצויגן עטלעכע טריט, איינגעקנוילט זיך און אויפגעהויבן די אויגן צו דעם גרויסן בלענדיקן זשיראַנדאָל. די הענט האָב קאָנוווּלסיוו אָנגעכאַפּט דעם קאָפּ, ווי זיי וואָלטן אים געוואָלט באַשיצן. און אפשר איז דאָס געווען אַן אויסדרוק פון גרויס רחמנות צו זיך אַליין? עס איז אָבער שוין שפּעט. דער שטערן זיינער פאַלט פון דער הויכקייט. ער פאַלט און פאַלנדיק צעשטראַלט ער זיך נאָך מערער.

— ...„צו וואָס איך דאַרף זיין פונט פלייש, פרעגסטו? צו מיינע ליידן דאַרף איך עס! ער האָט מיך דערנידעריקט! ער האָט געלאַכט פון מיינע שאָדנס! ער האָט געשפּעט פון מיין פאָלק!"

פּלוצעם האָט זיך דער גרויסער אַקטיאָר צעלאַכט. אַ שפּאָטיש געלעכטער. עס האָט געלאַכט זיין גרויסער שטערן פון אַ תּלמיד־חכם, עס האָבן געלאַכט די אויגן, די הענט, דער גאַנצער גוף זיינער האָט געלאַכט.

געניאַליטעט און שיגעון האָבן זיך פאַרקניפּט אין איין נערוון־געקניפּ. איצט האָט אימפּראָוויזירט דער קינסטלער:

— ...איר האָט צוגענומען מיין טאָכטער, מיין הויז, מיין פאַר־

מעגן. איך דאַרף ניט דיין פונט פלייש. איך דאַרף שוין איצטער גאָרנישט!

ער איז אַ לויערנדיקער צוגעגאַנגען צום ראַנד פון דער בינע און אויסגעשטרעקט זיין ברוסט:

— ...איר האָט אַלץ ביי מיר צוגענומען. געבליבן איז נאָר דער גוף. איך מאָן מער גאָרנישט ביי אייך, ריכטער פון ווענעדיק... איך קום אייך נאָך עפּעס... איך בין אייך שולדיק מיין האַרץ. נעמט! נעמט! קומט נענטער! ריכטער, פּרעזידענט און סענאַטאָרן פון ווענע־דיק!... שאַרפט אייערע מעסערס און שניידט אויס ביי שיילאָקן פון זיין ברוסט דעם פונט פלייש!... איך גיב עס אייך... איך דאַרף שוין גאָרנישט...

אין גרויסן זאַל איז געוואָרן טויט־שטיל.

אַ מיליטערמאַן האָט אָנגעהויבן צו אַפּלאָדירן. עטלעכע האָבן אונטערגעכאַפּט און שיילאָקן האָט באַגלייט פון דער בינע אַ בראַוואָ־קלאַפּעריי.

ווידער האָט עמעצער דיריגירט דעם פּאַיאַצן־טאַנץ. ווידער די גלעקלעך.

דער פּאָטער פון די פעלקער האָט זיך שאַרף אָפּגעקערט מיטן רוקן צו דער בינע...

עס איז שוין שפּעט. האַרבסטיקע נעפּלען איבער דעם קרעמל־טורעם, איבער די שפּיציקע מויערן. ליידיקע גאַסן. אַ שיכּור שאַרט זיך ביי ווענט. די וואַך ביים מאַוזאָליי טוישט זיך. באַשפּאַרנטע טריט. זייגערקלאַנג. אַ פינצטערע מויער. אַ טעקסי מיט אויסגעלאָשענע ליכט שטייט ביי אַ הויז און לייט מיט טאַשן־לעמפּלעך קלאַפּן אין אַ טויער.

דער קעניג ליר גייט אויף פינצטערע טרעפּ. שאָטנס לויפן אים נאָך, פאַרלויפן אים דעם וועג. דער וועכטער פון הויז לייכט אים אין פּנים אַריין. ליר גייט אויף די שפּיצן פינגער. נאָר ניט איבערוועקן זי. זי וואַכט אין קליינעם קיכל. ווידער דער גרויסער, טרויעריקער טיש, אַ באַלייגטער מיט ביכער. ער שאַרט אַלץ אַראָפּ אויפן דיל. די ביכער פאַלן אויף אַן אויסגעריבן טעפּיכל מיט שטילן געשאָרך. דער קאָפּ איז

שוועך. ער פאַלט אויף דעם נאַכטיקן טיש. די הענט קלאַמערן זיך אָן די טישראַנדן. ער טרינקט זיך אין שוואַרצע נאַכט־וואַסערן. נאָך אַ ווייל — און ער וועט פאַלן אין די אָרעמס פון אַן אָפּגרונט. — — —

ווידער דאָס וואַקסנעע ליכט ביי די גלעזערנע קופּע־טירן. דער וואַגאָן וויגט זיך. דער הייזעריקער רעדט. די וואַקס־שיין פאַרשווינדט. די שויבן זענען פאַרלאָפן מיט טרערן־טראָפּנס. די שוואַרצע וואַלדוואַנט פאַלט אויף זיין פנים. די פינצטערניש דריקט אים. ער שליסט די אויגן. איצט איז גוט. איז ער ווידער דער קעניג ליר.

— ...העי, ליכטוואַרפער! צינד אָן אַלע ליכטער! נאָך אַ רגע און עס עפענען זיך די פאָרהאַנגען! ווו ביסטו, ליכטוואַרפער? פאַר־שפּעטיק, זיך ניט אויף קיין אויגנבליק!

אַן איבערגעפולטער זאַל. אין דער הויפּטלאָזשע זיצט אַ מעכטיקער מאַן פון דער פּאַרטיי. לאַזאַר מאָיסעיעוויטש. ס'איז פינצטער. אַרום דער לאָזשע שאָטנס פון דער ספּעציעלער וואַך. הינטער די קוליסן, אויף יעדן שפּאַן — פרעמדע. דאָס זענען זיינע לייבהיטער. זיי פאָלגן נאָך יעדע באַוועגונג פון די אַקטיאָרן, פון די בינע־מענטשן.

ער האָט געהאַלטן וואָרט. דער איינציקער ייד פון פּאָליטביוראָ. ער וויל זען דעם קעניג ליר.

דער גראַף קענט און גלאָסטער זענען היינט ניט פריי אין די רייד. זיי וואַרפן פאַרשעריישע בליקן צו דער לאָזשע. זיי קוקן צו די קוליסן. הינטער די פאָרהאַנגען שטייען פרעמדע ציוויל־מענטשן. דער קעניג ליר פלאַמט. דער קעניג ליר שטורעמט. פון דער נאָענט זעט מען אָבער דאָס ציטערן פון דער אונטערשטער ליפּ. די פאָרשטעלונג גייט. עס איז שוין דער פערטער אַקט. אויף אַ פריי פעלד. גראַף גלאָסטער דער־נענטערט זיך אַלץ נענטער און נענטער צום ליכטראַנד פון דער בינע. אַלע רעפלעקטאָרן פאַלן אויף אים. ער איז אין אַ קרייז פון ליכט. אַ שווידערנדיקער ליכטראָד. ניט וויט שטייט דער קעניג ליר אַ פאַר־הילטער ביי די קוליסן־פאָרהאַנגען. גלאָסטער וועט איצט אויסשרייען

דעם גרויסן צאָרן פון געפּייניקטן און פאַרראַטענעם ליר. זאָל עס הערן דער זאַל דער איבערגעפּולטער, דאָס דאַרף הערן דער פאַרפרעמדטער אין דער לאָזשע, זאָלן דאָס וויסן זיינע קאַפּהיטער. הערט איר, נאַקעטע הימלען! און גלאָסטער צאָרנט:

— ...עס איז די קללה פון דער צייט, ווען בלינדע ווערן פון אַ משוגענעם געפירט!

הינטער די קוליסן האָט זיך דער לץ היסטעריש צעלאַכט. ליר האָט אַרויפגעלייגטביידע הענט אויף דער ברוסט און פאַרשלאָסן די אויגן.

פּלוצעם האָבן זיך דערטראָגן פון זאַל כוואַליעס אַפּלאָדיסמענטן. זיי זענען אויסגעבראָכן אַזוי אומגעריכט, ווי ס׳ברעכט אויס אַ געוויטער, אַזוי ווי פרילינג־וואַסערן וואָס רייסן דורך גרעבליעס.

דער לץ איז געבליבן מיט אַן אָפן מויל, פאַרגליווערט פון עפּעס אַ פאַרהוילענעם פּחד. ליר שטייט ווי אויסגעהאַקט פון פעלדזנשטיין.

די אַפּלאָדיסמענטן באַנייען זיך יעדע רגע. לירס שאַרבן פרירט. פרייד און שרעק מישן זיך אויס. אַ שווערער האָגל פּויקט אויף זיין שטערן. ער וויל מאַכן אַ טריט און קען ניט. דער מאַן אין דער לאָזשע איז קליין געוואָרן. ער האָט זיך איינגעצויגן, אַנגעשפּאַרט אָן לאָזשע־ווענטל און קוקט שטאַר אין חלל אַריין.

ליר איז שולדיק! דאָס האָט ליר זיי דערמונטערט. ער האָט עס פריער אויסגעשריען: „גרויל אויף, דו לומפּ! פאַר די פאַרברעכנס וואָס האָלטסט געהיים!״ — לירס אויסגעשטרעקטע האַנט האָט עס גע־צאַפּלט און פאַרהאַלטן זיך ביי דער לאָזשע. ער האָט דאָס אונטערגע־שטראָכן יעדן זאַץ פון שעקספּירן און ווי גיפטיקע פיילן זיי געשליידערט צו אים. „דער קלוגער סאַלאָמאָן״... איצט האָט ער זיך אויסגעגעבן. ער האָט זיך פאַרראָטן מיט דער אייגענער צונג. איצט איז אַלץ קלאָר. „באַהאַלט זיך, בלוטיקע האַנט! דו פעלשער!״... ער האָט געציטערט פון אויפרעג. אַזעלכע רייד, נאַקעטע, אַרויסרופערישע. אַזאַ שפּאָטישער בליק, אַזאַ פייער אין די אויגן. דאָס איז ניט קיין טעאַטער! אַזוי שפּילט ניט קיין שום אַקטיאָר! דאָס איז אַן אויסגעשריי פון שׂינאה און פּיין.

און אַז ער איז אַוועק, דער פּאַרטיימאַן, זענען אַוועק די שאָטנס פון דער בינע, פון די קוליסן. עס איז געוואָרן שטיל.

דער קעניג ליר האָט געבלאָנדזשעט איבער מאָסקווער גאַסן. עמעצער האָט אים באַגלייט. דאָס איז אַן אַלטער אויסגעדינטער אַקטיאָר. ער באַגלייט אים תּמיד. אין שענק איז טומלדיק. — גיסט אָן, זשאַלעוועט ניט... מען דאַרף דעם אינעווייניקסטן גרים אָפּוואַשן... דאָס קען מען נאָר מיט וואָדקע... ריינע וואָדקע... גיסט אָן... נו, טרינק מיט מיר, פרעמדער... דו ווילסט ניט?... מעגסט נאָך מיט מיר טרינקען... מעגסט... ס'וועט דיר דערווייל קיין האָר פון קאָפּ ניט אַראָפּפאַלן...

לירן האָבן געציטערט די הענט. דער איינגעטריקנטער באַגלייטער האָט אים עפּעס איינגערוימט.

— דו, שאַלאַטן־שמש מיינער... מיש זיך ניט!... אָט איז דער גרויסער קאַטשאַלאָוו. דאַוואַי. נעם גיס אָן. זאָג ניט אָפּ דעם קעניג ליר... נאָר דעם אינעווייניקסטן גרים אַראָפּשווענקען און דערנאָך וועלן מיר קענען ריידן ווי מענטשן... פאַרשטייסט מיך, קאַטשאַלאָוו?

ווידער דער באַגלייטער מיט זיין אויערן־שושקעריי.

— גיי צו אַל די רוחות... דער פאָלקס־אַרטיסט פון דער רע־פּובליק מעג אַמאָל שיכור זיין... נאָך אַזאַ פאָרשטעלונג... אַזעלכע אַפּלאָ־דיסמענטן... ס'אַראַ פּובליקום... בין איך אַ נאַר? זאָג, קאַטשאַלאָוו! זאָג דעם אמת. פאַר וואָס רופט ע ר מיך „דער קלוגער סאַלאָמאָן" ?...

ביידע אַקטיאָרן האָבן זיך אַרומגענומען.

— דו ביסט מיך, מיין ליר. דו ביסט קראַנק... — האָט געשעפּטשעט דער רוסישער אַקטיאָר און אים אַרויסגעפירט פון רעסטאָראַן.

זיי זענען געגאַנגען געאָרעמט איבער די האַרבסטיקע מאָסקווער נאַכטגאַסן. הינטער זיי האָט זיך נאָכגעשלעפּט אַ לאַנגער קאָמישער שאָטן פון אַן איבערגעוואַקסענעם מענטש.

— — — — פאַר וואָס ציט זיך די נאַכט אַזוי לאַנג? פאַר וואָס לויפט דער צוג לעבן דעם אומהיימלעכן וואַלד? זעט, ווי געדיכט דער וואַלד איז. פון קעגנאיבערדיקן פענצטער זעט מען שוין ניט די צעריי־

סענע וואָלקנס, ניט די דערוואָרגענע סטאַדעס שעפּסן — דאָרט שפּרייט זיך אַ צעוויגטער ים, אַזאַ בלאָלעך־גרינער, אַ נעפּלדיקער.

ווי לאַנג דויערט שוין די דאָזיקע נסיעה? ווען איז ער איינגע־שטיגן אין צוג? ווען איז דאָס געשען? ווער האָט אים באַגלייט צום צוג און ווער וועט אים באַגעגענען? ניין, דאָס איז געשען נעכטן ביי נאַכט. ער איז אַריין אין מינסקער צוג. דער הייזעריקער פּאָרעט זיך ווידער אין וואַגאָן־קאָרידאָר. וואָס רעדט ער דאָרט? אַ ליכט גליטשט זיך אויף די ווענט. די טיר סקריפּעט.

ליר איז אויפגעשפּרונגען.

— ווען שטעלט זיך דער צוג? ווו זענען מיר? עפּעס אַזוי לאַנג?...

ער דערקענט ניט זיין שטים. שטענדיק קומט זי פון דער טיף. זי איז ברוסטיק, און איצט — אַזאַ אויבן־אויפיק שטאַמלעריי. אַן אויס־מיש פון פחד און האָפערדיקייט, הכנעהדיק געבעט און באַפעלערישקייט.

— מיר זענען שוין באַלד ווו דו דאַרפסט זיין... עס איז שוין ניט לאַנג...

דאָס זענען פּראַסטיקע רייד. קאַלטע, הייזעריקע, זיכערע.

די שרעק איז אויפגעשפּרונגען אַזוי שטיל, ווי ס'שפּרינגט אויף אין אַ נאַכטיקער כאַטע אַ הונגעריקע שוואַרצע קאַץ. זי האָט אים אָנגע־כאַפּט מיט די פּאָדערשטע לאַפּעס פאַרן האַלדז. ער קען מער ניט עטעמען. זי דריקט אים דאָרט ווו ס'איז די אָטעם־קעל. ער האָט געוואָלט זי אַראָפּטרייבן מיט די הענט. זיי האָבן אָבער געפּאָכעט אין חלל.

— דאָס איז גאָרנישט... סתם עפּעס אַן אומרו... דאָס האַרץ אוודאי... — ער האָט גערעדט צו זיך אַליין, כדי צו פאַרטרייבן די איינ־זאַמקייט.

עס האָט אים נאָר אָפּגעענטפערט אַ שויבן־קלינגעריי און אַ געריטש פון פינצטערע אייזנס ביי די וואַגאָן־דורכגענג.

דוכט זיך ס'ליכטיקט שוין. מען דערקענט עס לויטן נעפּלדיקן טוי אויף די פענצטער. די פינצטערניש טרעט אָפּ, אָבער דער פחד וואַקסט. ער לויערט פון הינטער די בענק, פון די קאָרידאָרן, פון די

טריט, פון רעדער־געסקריפּ, פון וואַלד. ער דרימלט. איצט וואַרגט אים אַ גרויע קאַץ מיט גרינע גאַל־אויגן. זי דריקט אים אויף די שלייפן. ער קען דעם קאָפּ ניט אַרויסרייסן פון אירע לאַפּעס. ער וועט דעם קאָפּ צעזעצן אָן די אייזנס פון צוג און באַפרייען זיך פון דער גרויער לאַסט. עמעצער גלעט אים די האָר. אַזעלכע מילדע פינגער, אַזוי ווי אַ פרילינג־ווינט וואָלט אים באַרירט. רויק ליר, דו ביסט שוין פון יענער זייט שרעק. דיר קען גאָרנישט געשען. גאָרנישט. דו טראָגסט אַ גרויס האַרץ. אַ ריינס ווי די טויען וואָס וואַשן גאָטס פעלדער. דו — טראַגישער קעניג פון אַ דערשטיקט פאָלק. דיין קרוין קען מען ניט אָוועקרויבן. זי איז שוין קיינעם ניט נויטיק. נאָר דיין גוף צאַפּלט זיך אין נעצן פאַרשפּרייטע. זיי רויק. מען קען פון דער דאָזיקער נאַכט ניט אַנטרינען. די נאַכט איז אַ טייל פון באַשאַף. דו פאָרסט איצט אַריין אין דעם קעניגרייך פון נאַכט...

— — — אַ קלינגעריי. עמעצער רייסט זיך פון קייטן. אַן אייזדעק ברעכט זיך אונטער צעווילדעוועטן געלויף פון שוואַרצע פערד.

— סאַלאָמאָן. סאַלאָמאָן.

דאָס זענען אירע הענט, דאָס איז איר קול.

— ווו בין איך, ווו? איצט וועלן מיר פאַרפּלייצט ווערן פון שוואַרצע וואַסערן... די פערד זינקען איין... די רייטער זענען ניט ד׳עררייטן...

— דו פיבערסט? דאָס קלינגט דאָך דער טעלעפאָן!

זיינע אויגן ברענען.

— וואָס ווילן זיי?

— מען רופט דיך, סאַלאָמאָן. מען רופט דיך אַהין.

ער איז אויפגעשטאַנען אַ וואַקלדיקער. געשטעלט אַ טריט און זיך פאַרהאַלטן. זיינע ליפּן צאַפּלען ווי פיש אַרויסגעשליידערטע פון אַ טייכשטורעם אויפן ברעג.

איר אָטעם איז הייס. זי ברעכט די פינגער און שמייכלט אים אין פּנים אַריין. ווי קלאָר עס זענען אירע אויגן!

— איך גיי באַלד. זאָג אַז איך וועל אַליין קומען. וואָס ווילן זיי פון מיר? מיין האַרץ? מיין האַלדז? מיין טרויער? מיין פאַלשע פרייד? נעמט! נעמט אַלץ! ס׳איז נאַכט אַרום. ניטאָ קיין אַנטרינונג. אָ, זומפּ אַלץ־פאַרשלינגענדיקע. מיין ריי איז דאָס? זאָג, שטערן האַרבסטיקער, וואָס אונטער דיין פאַרפירעריש ליכט ביז איך אויפגעגאַנגען! וואָס שווייגסטו? אַ בעלמע אַ בלינדע ביסטו...

ער איז שטיל געוואָרן און אין דער שטילקייט איז דערגאַנגען זיין פרויס רויק ריידן אין טעלעפאָן־טרייבל.

— ...ער קומט גליך. ער גייט שוין אַרויס פון שטוב...

טרערן אויף די וויעס.

— ליר קען ניט זען קיין טרערן. וויש זיי אָפּ. כאַ־כאַ־כאַ. כ׳האָב דיך איבערגעשראָקן. עד, דו נאַרעלע... פון מיר וועט קיין האָר ניט אַראָפּפאַלן. ע ר איז מיין פריינד. אַזוי לאַנג ווי ע ר איז אין קרעמל. ליר האָט זיך צופיל ניט דערלויבט, ליר מעג זאָגן וואָס ער וויל. ליר איז סיי ווי פאַרמישפּט צום טויט. אויך דער לץ מעג אַנטקעגן־ריידן. זיי ווילן זען שיילאָקן... איך וויל זיי ווייזן דעם שיילאָק פון אונדזערע טעג. זאָלן זיי זען דעם מאָנענדיקן שיילאָק... זיי ווילן איצט שניידן פון מיין ברוסט דעם פונט פלייש... דערצו רופן זיי מיך... ביין... דאָס שפּאָס איך. פאַר וואָס ביסטו אַזוי דערשראָקן? איך האָב דיך אַזאַ קיין מאָל ניט געזען... וויש אָפּ, טייערע, דיינע טרערן. ווען איך בין געווען אין אויס־לאַנד מיט עטלעכע יאָר צוריק, האָט מיך אויפגענומען אַ גרויסער ייד, ער האָט אויסגעשטרעקט ביידע הענט צו מיר און מיט טרערנדיקע אויגן געפרעגט: „זענט איר כאָטש גליקלעך, רויטע יידעלעך?"... איך האָב געשלונגען טרערן און געשוויגן. גליקלעך... גליקלעך... האָט געשטאַמלט אין מיר דער פּאַיאַץ... דאָר גרויסע גליק — האָט געלאַכט מיין צורה... און די טרערן האָט קיינער ניט געזען... איצט ווערגן זיי מיך... דו וויינסט?... הער אויף! דאָס איז אַ נאַרישע שרעק... דאָס איז מידקייט... כ׳בין קראַנק... מיר קען גאָרניט געשען! דו ווייסט ניט ווי פריינדלעך ע ר דריקט מיר די האַנט... ע ר גייט מיר אַנטקעגן... אַמאָל איז ע ר מיט פאַרהוילענע אויגן, פאַרנעפּלטע... טייל מאָל שטעכיק־שפּאָטישע...

אָבער דאָס פאַרגייט אין מילדקייט... דו ביסט נאָך אַלץ איבערגעשראָקן... ניט קיין וווּנדער, אַזאַ בייז קלינגעריי פון טעלעפאָן. איך וועל אים אַרויסשליידערן. כאַ־כאַ־כאַ, ווער דאַרף אים אין דער דאָזיקער שטילקייט? מיר זענען אָנגעזאַפּט ווי די שוואָמען, אָנגעדראָלן מיט פוסטער שרעק. מיר איז איצט גוט. עס איז מיר לייכט. עס איז אַזוי ליכטיק אין מיינע אויגן. בייג צו דיין פּנים. נענטער. ס'איז נאָך אַלץ אַזוי פייערדיק דיין אָטעם! איך וועל גלייך צוריקקומען. דאָס מאָל וועל איך ניט אַריין אין קאַפע. כ'וועל באַלד זיין צוריק. אָ, איך שטעל זיך פאָר ווי ער וועט מיך אויפנעמען. „קלוגער סאַלאָמאָן", וועט ער זאָגן. איך קען שוין דעם לאַנגווייל פון אויסנווייניק. כאַ־כאַ־כאַ.

זי איז אָפּגעשפּרונגען פון אים. איר פּנים איז בלייך געוואָרן און די אויגן — טונקל אייז פון אַ פאַרפרוירענעם ברונעם־שפּיגל.

עס האָט אין איר אויפגעזאָטן דאָס פרעמדע בלוט. דאָס בלוט פון אַ ניט־יידין, פון דער פּאַליאַטשקע. דאָס גרעפישע בלוט פון דער פּאָטאָצקי־דינאַסטיע.

זי איז געשטאַנען אַנטקעגן אים אין אויסגעגלייכטע, מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ. די מוסקלען פון פּנים — געשפּאַנט, די קינבאַקן — צונויפגעפּרעסט, די ליפּן — שאַרפע ווי אָנגעצויגענע בויגנס.

— גענוג. גענוג. איך קען דיך ניט זען אַזאַ געבראָכענעם, אַזאַ געפאַלענעם! טרייב פון זיך די שטאַמלעריי. יאָג פון זיך דעם פּחד. קעניג ליר! דו ביסט געשלאָגן מיט בלינדקייט! דיין האַרבסטיקער אָקטאָבער־שטערן האָט ניט געוואַכט איבער דיר. ער האָט דיך פאַרבלענדט מיט אַ פאַלש ליכט. עפן דיינע אויגן. „קלוגער סאַלאָמאָן" — רופט ער דיך! ווייסטו וואָס דאָס באַדייט? ווייסטו, אַז ע ר, דער פאָטער פון די פעלקער, שפּאָט פון דיר און פון דיין שטאַם! אומגליקלעכער! דו טאָפּלט־אומגליקלעכער! דו מיט בלינדקייט פאַרשאָלטענער. דו, זון פון אַ פאָלק וואָס ווערט געטראָטן! דער באַשטיוולטער גולם, וואָס איר האָט אים אַזוי אייפערדיק געהאָלפן אויסקנעטן פון ליים, האָט אייך אַלעמען געשליידערט צו זיינע פיס!

ער האָט זי קיין מאָל אַזאַ ניט געזען. אָ, גאָט, דאָס איז דאָך אַן

אַדלעריין וואָס האָט פּלוצעם צעעפנט אירע שטורעם־פליגל. עס שלאָגט פון אירע אויגן אַ גליווערנדיקע קעלט. זי איז פרעמד און דאָך אַזוי נאָענט, אַזוי אייגן. דער איינציק נאָענטער אויף דעם ערדקיילעך.

— רייד, רייד — האָט ער געבעטן און נידעריק זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן טעפּיך.

— בעט ניט. איך וועל דיר אַלץ זאָגן. איך מוז דאָס זאָגן. איך קען ניט צוקוקן צו דעם וויסטן שפּיל, וואָס מען טרייבט מיט דיר. איך האָב דאָס דיר ניט געקענט זאָגן ביז היינט. נאָר איצט מוזסטו דאָס וויסן. דו מוזסט וויסן ווער דער „קלוגער סאַלאָמאָן" איז. ווער טוט דאָס? דער „פאָטער", דער „באַשיצער". ניט דעם תּנכישן סאַלאָמאָן מיינט ער! ניין, ער האָט דיך פאַרוואַנדלט אין טשעכאָווס אַ העלד. ער רופט דיך „מודרי סאַלאָמאָן" — דאָס איז טשעכאָווס אַ טיפּ. עס שלאָגט פון אים מיט יידן־שינאה. ניט קיין מענטש איז ער, דער מודרי סאַלאָמאָן פון טשעכאָוון, נאָר אַ קאַריקאַטור, אַ פּאַיאַץ, אַ האַלב־צעדרייטער ייד, וואָס שפּילט טעאַטער אויף די מערק פאַר שיכּורע פּריצים און פּויערים, וואָס שפּאַסט פאַר זיי אויס בילדער פון יידישן לעבן. בלעטער־אויף טשעכאָווס דערציילונג „סטעפּ"! זע, דו בלינד־געשלאָגענער, דו טראַ־גישער, ווי מען שפּאָט פון אייך! וואָס האָב איך געזאָגט? „פון אייך"? ניין, פון אונדז. פון אונדז. איך געהער צו אייך. צו דיר. „אַ לאַנגע נאָז פּעטע ליפּן און כיטרע, אַרויסגעזעצטע אויגן". — אַזוי שילדערט טשעכאָוו דעם צעדרייטן אַקטיאָר סאַלאָמאָן. דאָס נאַרישע פּראַוואָסלאַוונע פּאָטערל כריסטאָפאָר רופט אים „מודרי סאַלאָמאָן", „פּרעמודרי סאַלאָ־מאָן". דער „סאַלאָמאָן" פון טשעכאָוון איז אַ פאַלשער, אַ געלטגייציקער און מאַכטגיריקער ייד, וואָס איז גרייט צו ווערן אַ קלאָון, אַ ליץ, אַן אונטערטעניקער, אַבי צו דערגרייכן מאַכט. ווייסטו וויפל מאָל דער „פאָטער" האָט געהייסן פאַרלייענען דאָס קאַפּיטל פון טשעכאָווס דער־ציילונג? דו ווייסט ניט? איך ווייס. מען האָט מיר דערציילט. קאַטשאַלאָוו האָט מיר געזאָגט. דו האָסט ניט געזען די קאַלטע, גלעזערנע אויגן פון דעם „גרויסן מענטש", פונעם „פאָטער פון די פעלקער", דו האָסט ניט געזען זיין פרייד, וואָס האָט געשפּאַרט פון די פּאָקן־גריבלעך, ווי עס

האָט געטאַיעט זיין וואַקסן פּנים פון צעגליטן שׂינאה־פלעמל. דער רוס קאָטשאַלאָוו האָט פאַר מיר געוויינט. ער האָט זיך געשלאָגן מיט די פויסטן אין האַרץ. איך האָב געוויינט און דו — דו האָסט אַלץ געשפּילט דעם אומוויסנדיקן לץ, די ראָל פון „קלוגן סאַלאָמאָן". איך האָב געזען ווי דו זינקסט, ווי איר זינקט. אַ פאָלק זינקט פאַמעלעך אַזוי ווי געפּעג־טעטע רינד וואָס זענען פאַרטריבן געוואָרן אין זומפּ. דו ביסט גע־שטאַנען אויבן־אָן. דו האָסט געמיינט, אַז דאָס איז אַן אינדזל, אַ זיכער אינדזל אין דער זומפּ. דאָס איז אָבער געווען דער זינקנדיקער רוקן פון דיינס אַן אייגענם ברודער. איצט גייסטו אונטער. איצט גיי איך אונטער.

— שווייג!

ער האָט אויפגעהויבן די פויסטן. דראָענדיקע פויסטן. ער האָט געפּויקט זיך אין די שלייפן. פון די מוילווינקלען האָט געזעצט אַ שוים. ער האָט צוגעהאַקט די טיר און שווער, ווי אַ פינצטערער שליטן, אַראָפּ־געגליטשט זיך באַרג־אַראָפּ אין אַ נאַכטיקן תּהום אַריין. — — —

ווידער דער מיאוסער, קלעפּיקער שלאָף. ווידער דער שוואַרץ־גראָער וואַלד.

באַלד ענדיקט זיך אַלץ. נאָך אַ ביסל. מען דערקענט שוין די נאָענטקייט לויטן רעדער־געקלאַפּ. אַזאַ איילנדיק אומגעדולדיקע קלאַפּ־פּעריי. דאָס קומט פון די טאָרמאָזן, וואָס צוימען דעם ווילדן געלויף פון די רעדער.

— — — העי, ווו האָסטו זיך פאַרהאַלטן אין די נעפּלען? פאַר ווייטער! כ'זע דאָך ניט קיין טויער, ניט קיין וואַך! איז דאָס דער סוף פון מיין נסיעה?

ער גייט מיט אויסגעשטרעקטע הענט. עמעצער פירט אים ביים אָרעם. דאָס איז דער שאָפער. אַ ליכטזייל פאַלט אויף זיין פּנים ווי שטע־כיקע שטרויען־סנאָפּעס. אַ פרעמד כּעסיק קול. ווידער קלינגעריי פון אַ טעלעפאָן. מען רעדט צו אים. ער רייסט אויף די אויגן. אַ קאַלטער

האַרבסט־ווינט בריט זיין שאַרבן ווי קראָפּעווע. ער איז אָן אַ הוט. דער מאַנטל — צעקנעפּלט, הענגט אים אויף איין אַקסל.

— בירגער סאַלאָמאָן מיכאַילאָוויטש, דו ביסט שיכּור? דאָס איז אומדערהערט! מען וואַרט אויף דיר, און דאָ?...

ער האָט דערוואַכט. דער מאַנטל איז געפאַלן צו זיינע פיס.

— דער קעניג ליר איז אַראָפּ פון זינען...

— נעמט אים אַוועק פון דאַנען. — האָבן די פרעמדע צווישן זיך גערעדט.

— ניט שיכּור... ניט אַראָפּ פון זינען... איך בין אין מיטן פון דער פאָרשטעלונג. דער לעצטער אַקט... דאָס שפּיל איך מיין אייגן לעבן... אַליין דער אַקטיאָר... אַליין דער פאָרהאַנג־פאָרציער...

ער האָט אויפגעהויבן דעם מאַנטל. אַ וואַכמאַן האָט אים געהאָלפן אַריינשטעקן די ציטערנדיקע הענט אין די אַרבל און דערביי פאָרזיכטיק באַטאַפּט לירס טאַשן, די פּאַלעס. עמעצער פאַרריכט אים דעם קאָלנער. אין דער טיר שטייט דער פּאָלקאָווניק ראָדין, דער שעף פון דער וואַך. ער פירט דעם פאָלקס־אַרטיסט איבער אַ באַלויכטענעם הויף פון קרעמל. ליר זיצט אין אַ לעדער־געבעטן פאָטעל. עמעצער רעדט צו אים העפלעך. דאָס ליכט איז היינט שטאַרק פאַרנעפּלט. דער פאָטער פון די פעלקער האָט זיך באַוויזן. לירן ציטערן די ברעמען. ער ציט איין דעם קינבאַק. עמעצער פאַרנייגט זיך. אָ, דאָס איז דער קעלנער.

— רויטן וויין אָדער קאָניאַק?

ער בייגט אַוועק דעם קאָפּ און שווייגט. נאָר די האַנט טוט אַ פלאַטער אין דער לופטן ווי אַ צייכן פון גלייכגילט.

ווער איז דאָס דער מענטש וואָס זיצט לעבן אים און רעדט אַזוי זיס־איבלדיק?

— שעקספּיר איז גרויס. אָבער אומשטערבלעך האָבן אים געמאַכט די אַקטיאָרן. „קעניג ליר" איז אַ וווּנדערלעכע, ליידיקע קרישטאָל־וואַזע. מ'דאַרף זי אָנפילן מיט וויין. מיט זיסן אָדער גאַליק־ביטערן. יעדער דור שפּילט אים אַנדערש. יעדער דור געפינט דאָרט דאָס וואָס אַנטשפּרעכט אים. דורך דעם „קעניג ליר" רעדט אַרויס דעם אַקטיאָרס וועלט־

באַנעם, זיין פרייד און זיין צאַרן, זיין ליבע און אויך — דער פרעמדער האָט זיך פאַרהאַקט און דערנאָך שטיל צוגעגעבן: — זיין שׂינאה.

— שׂינאה?

זייערע בליקן האָבן זיך צונויפגעטראָפן פאַמעלעך און פאָרזיכטיק, ווי ס'באַרירן זיך איבערגעפולטע בעכער.

ע ר מיידט אים היינט אויס. ע ר האָט זיך אויסגעדרייט צו זיין „קלוגן סאַלאָמאָן" מיטן רוקן.

ליר שוויגט. מען גריסט זיך צו אים. אָבער קיינער דערנענטערט זיך ניט צו זיין טישל. עפּעס ווערט געשען. ער פילט דאָס אַרויס פון דער שטילקייט וואָס לויערט אַרום אים. קען ער שוין אַוועקגיין? נאָך וואָס האָט מען אים גערופן? מיט וועמען רעדט דאָס דער פ אָ ט ע ר? אַזאַ באַקאַנט פּנים. אַרום איז אַלץ ליידיק. אין די ווינקלען זיצן עטלעכע מוזיקער. זיי האָבן מורא צו באַרירן די פּוטליאַרן. אַ פרוי אין שוואַרצן לאַכט צו זיך אַליין. אַ פליכצוואַטער שאַרבן וויגט זיך ווי אַן אָפּגעבליאַקעוועטער אַרבוז אויף אַן אָזערע אַ באַזילבערטער פון שטערנליכט. דער שרבן דרייט זיך אין אַ קרייז אַרום „גרויסן מענטש". גאָלד־עפּאָלעטן שטייפע מיניען זיך מיט אַ רויטלעכן גלאַנץ. דאָס איז דאָך דער גענעראַל פּאָנאַרענקאָ, מיליטער־קאָמענדאַנט פון מינסק. ער גייט דאָס גלייך אין דער ריכטונג צו לירן. דאָס גייט ער פון „פאָטער".

זיי שוויגן. די אָנגעפילטע כּוסות אויפן טישל ציטערן. דאָס קומט פון לירס נערוועזן צוקן מיט די קני.

ביידע האָבן אויסגעטרונקען.

די גאַנצע באַגעגעניש האָט געדויערט נאָר רגעס. איצט פילט ער אַלץ אָפּ אַזוי שאַרף, אַזוי קלאָר. געציילטע רייד. כּמעט באַפעלערישע. דאָס האָט זיי פּאָנאַרענקאָ געזאָגט לירן דריקנדיק זיינע הענט:

— דו ביסט איינגעלאַדן קיין מינסק. היינט נאָך פאָרסטו מיטן צוג. דו ביסט מיין גאַסט. ס'איז צו אַ יאָרטאָג־פייערונג פון באַפרייען די שטאָט פון די דייטשן. אַ ייד ווי דו מוז דאָרט זיין. פאַרשטאַנען?

דער גענעראַל פּאָנאַרענקאָ האָט אַריינגעזעצטע אויגן. די שוואַרצאַפּלען שווימען דאָרט אַרום ווי נאָך ניט אויסגעפּיקטע זשאַבעלעך. זיין

האַנט איז טרוקן און קאַלט ווי זי וואָלט געווען באַצויגן מיט הויט פון אַ טויטן.

עמעצער בייגט זיך איבער אים איין. ווידער דאָס זיס־איבלדיקע קול, דאָס שלאַנגיק־גליטשיקע.

— איר זענט פריי, גרויסער אַקטיאָר. איר קענט גיין... אין דרויסן וואַרט אויף אייך אַן אויטאָ. ער פירט אייך צום מינסקער צוג... זייט רויק... איך האָב אייער יום־טובדיקן מאַנטל, אפילו דעם הוט אייערן האָב איך באַזאָרגט פון אייער היים... איר דאַרפט ניט קלינגען צו דער פרוי... איך האָב שוין אַלץ באַזאָרגט... זי וויס... קומט, זייער געשעצטער בירגער סאַלאָמאָן... אין וואַרטזאַל וועט איר אָנטאָן דעם מאַנטל, דעם הוט, אפילו די הענטשקעס זענען דאָ... זעט ווי אויפמערקזאַם מיר זענען צו אייך...

ליר האָט אויסגעבויגן דעם קאָפּ און אָפּגעמאָסטן דעם נפש מיט אַ פאַראַכטנדיקן בליק.

— הערט אויף!

אָנשטאָט כעס האָט דעם פרעמדנס פּנים אויסגעדריקט הכנעה און סאַרקאַזם.

ליר וויל לאַכן און קען ניט.

— כ'דאַנק אייך זייער, זייער. איך וועל אייך קיין מאָל ניט פאַר־געסן, אָ, איר העפלעכער, ליבנסווירדיקער — — — — ליר האָט ניט פאַרענדיקט דעם זאַץ.

ביים וואָקזאַל איז אויסגעוואַקסן דער הייזעריקער. עטלעכע כוסות וואָדקע. דער פינצטערער וואַגאָן. די קופּע. די ריטשנדיקע טירן. דאָס וואַקסענע פּאָנאָרליכט, און דערנאָך דער וואַלד — די שוואַרצע וואַלד־וואַנט. די דערוואָרגענע סטאַדעס שעפּסן פון צווייטן פענצטער. דאָס רעדער־געקלאַפּ און שליף־געציטער. דאָס לצל לויערט אין פינצטערן ווינקל: „פעטערל ליר. פעטער ליר, וואַך אויף... נעם מיט דעם נאַר מיט זיך״... עס שפּרינגט אַרויף אויפן פענצטער־ברעטל און לאַכט אים אין פּנים אַריין. ער וועט אים פאַנגען, דעם לץ.

דאָס איז אַ קאַלטע פאַרטערטע שויב. די טרערן זענען פון אינעווייניק און פון דרויסן.

אויס פינצטערניש. אויס נאַכט. ער זינקט ווי אין נעצן פון שפּינ־געוועבס. ער רייסט זיך דורך זיי דורך. זיי פאַלן אים אויף די אויגן, אויפן מויל, אויף די הענט. ער פילט זיי אויף דער ברוסט. ער עטעמט איין דעם שטויב פון גרויען געשפּין און וואַרגט זיך. ער קען קיין טריט ניט שטעלן. עמעצער שטייט לעבן אים. ווער ביסטו, מענטש איינער? — — —

— אויסשטייגן! דער צוג איז שוין ליידיק!

— בירגער, ביסט פאַרשלאָפן. איך זוך דיך דאָ אַרום שוין אַ צייט.

— ווער ביסטו?

— דער שאָפער פון מיליטער־קאָמענדאַנט.

אַ קעלט, אַ פייכטע, אַ בייסיקע. דער אויטאָ טראָגט זיך איבער דער טרויעריקער פאַרטאָגיקער וועלט. נידעריקע נעפּלען. צעשוווּמענע שטאָמען. קאָלוזשעס. שאָטנס. שאָטנס. בלינדע מויערן. גרויע, וויינענדיקע. דער אויטאָ לויפט אויפן ראַנד פון אַ נאָך ניט פאַרענדיקטער נאַכט און אַ נאָך ניט אָנגעהויבענעם טאָג.

ליר האָט זיך איינגעיאָזשעט, איינגעצויגן די אַקסלען, אויפגע־שטעלט דעם קאָלנער. ער איז אַריין אין זיך. אויס קעניג, אויס לץ, אויס שיילאָק. ער איז מער ניט דער „קלוגער סאַלאָמאָן". ער פירט איצט זיין אָרעמען גוף. דאָס איז אים נאָך געבליבן. אַן אומרויק האַרץ. גרויסע טרויעריקע יידישע אויגן. אַ פּנים וואָס ער האָט עס געקענט פאַרמירן לויט דעם אייגענעם ווילן. שטאָלץ און הכנעה. כּעס און פרייד. באַטרוג און ליבע. שינאה און משוגעת. קעניג און בעטלער, באַפעלער און גע־טראָטענער.

איצט איז ער פול מיט גרויס רחמנות צום קליינעם גוף, דעם פּשוטן, דעם נאַקעטן. דיר קען גאָרניט געשען. דו האָסט אַריבערגעשפּאַנט די גרענעץ פון נאַכט. ניט אַריבערגעשפּאַנט... ניט אַריבערגעשפּאַנט... — קלאַפּן די רעדער.

אַ זאַל. אַזוי פיל מענטשן. אַזוי פיל מיליטער־לייט.

דו קראַנקער ליר... דו וואַנזיניקער... וואָס דיר איז אַלץ איינגע־פאַלן... ווי שרעקעווודיק דו ביסט... דאָס אַלץ איז פון מיין האַרץ, דעם אָפּגעשוואַכטן... דאָס איז פון אַזוי פיל מאָל שטאַרבן און תחית־המתים אויפשטיין... טרייסל פון זיך אָפּ דעם פּחד... דו וועסט אַראָפּ פון זינען... אַזוי פיל פאַרשווונדענע פריינד?... לאָז אָפּ! עמעצער מוז דאָך בלייבן! זיי מוזן דאָך עמעצן לאָזן! איך וועל דאָס זיין! איך! שעקספּיר איז אומשטערבלעך! ליר לעבט איבער אַלע הערשער! ליר... מיין אָרעמער ליר...

זיינע ליפּן ציטערן ווידער. ער קען זיך אַזוי ניט באַווייזן אין זאַל. פיבער איך? אָ, די קאָשמאַרע נאַכט. ניין, ס'איז מידקייט. נאָר איין גלאָז בראָנפן.

— העי, גיס אָן! פולער! דרייסטער, זיכערער! ווער טרינקט דער ערשטער מיט מיר? כ'בין נאָר וואָס פון וועג! לאָזט אָנקלאַפּן מיין כוס, בירגער! נאָך איינעם. גיס אָן! זעסט ניט אַז מיר ציטערן די הענט! פולער, פולער, ברודערל!

עמעצער האָט אים אַריינגעפירט אין אַ זייטיקן צימער.

יעדעס מאָל, ווען ס'עפנט זיך נאָר די טיר, רייסט זיך אַריין אַ געריש פון פויקן. דעמאָלט שפּרינגט אויף דער קעניג ליר און טרייסלט פון זיך אָפּ דאָס שפּינגעוועבס, די פלעווע וואָס פליט אים אין פּנים אַריין, ווי ער וואָלט געשטאַנען אויף אַ דרעשפעלד. ווי דורך הונ־דערטער גלאָז־שפּליטערס זעט ער די געשטאַלט פון אַ מיליטערמאַן. אַ צעשניטן פּנים אויף קוואַדראַטן און דרייעקן.

— דאָס איז דער גענעראַל פּאָנאַרענקאָ... עך, ווי איך בין פאַר־מאַטערט. ווי ס'שווינדלט פאַר די אויגן. ווי אַזוי זענט איר געקומען?... געזען זיך נאָר וואָס אין מאָסקווע...

— מיט אַ מיליטער־עראָפּלאַן... הם־הם...

פּאָנאַרענקאָס רייד פאַלן אויף לירן ווי שטיקער גלאָז פון אויסגע־זעצטע שויבן.

ער איז אויפגעשטאַנען און באַטראַכט דעם קעניג מיט די גלאָז־אויגן. איצט זענען זיי שוין אויסגעלאָשענע. דערנאָך האָט דער גענעראַל

אַנגעהויבן צו שפּרייזן. דאָס איז אַ גאַנג פון אַ מידן און זאַטן וואָלף אַרום זיין שאָף. אַ וואָלף וואָס דאַרף ניט די שאָף, אָבער ער קען זי ניט אַרויסלאָזן פון זיינע לאַפּעס.

אין קאָמענדאַנטס פּנים איז ניט געווען קיין בייזקייט, ניט קיין רציחה־לוסט. אַ גלייכגילטיק פּנים מיט טיפע קנייטשן ביי די אויגן־ווינקלען.

פון יענער זייט טיר וואַרט שוין עמעצער. געננוג אַ קלונג־טאָן און דער יידישער קעניג ליר וועט אויסגעלייזט ווערן פון אַלע ערדישע ליידן. ניין. ער וועט דאָס ניט טאָן. ער איז אַ מיליטערמאַן וואָס קען ניט באַפאַלן אַ מידן האַלב־שיכּורן צעבראָכענעם מענטשן.

— סאַלאָמאָן... סאַלאָמאָן... ליר... שיילאָק... דערוואַך... וואָס דרימלסטו ?... אוי, אַ בושה, פון עטלעכע כּוסות אַזוי שיכּור...

ליר איז אויפגעשטאַנען. ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן דער וואַנט. ווידער דאָס פּנים פון פאָטער פון פעלקער, דאָס מאָל אויף דער וואַנט, אין אַ גאָלדראַם.

— ניט שיכּור. איר האָט מיך דאָ אָנגעטרונקען. נאָר איצט פּיל איך...

— איר וועט פאַררייכערן ?

און מיט אַמאָל האָט פאָנאַרענקאָ איינגעבויגן זיך נאָענט צו לירס פּנים און אַ זאָג־געטאָן :

— דו האָסט דאָך געקענט בלייבן אין אויסלאַנד בעת דיין נסיעה. געדענקסט ? פאַר וואָס האָסטו דאָס ניט געטאָן ?

— כ'האָב געהאַט אַ שליחות פון הימלאַנד.

— וואָסער הימלאַנד ?

אין פאָנאַרענקאָן צינדט זיך די בייזקייט אַזוי ווי אַ שייטער וואָס דערוואַכט אין אַ ווינט פון אונטערן אַש.

— דאָס סאָוועטישע הימלאַנד.

— דאָס סאָוועטישע, זאָגסטו ? דאָס איז אַ ליגן. דו נאַרסט די גאַנצע צייט. דו האָסט ניט קיין הימלאַנד. דו קאָנסט קיין הימלאַנד ניט האָבן. דו האָסט געדאַרפט פון דאַנען אַנטלויפן, אַנטרינען. דו האָסט עס ניט

געטאָן, דיך האָט געבונדן מיט אונדז עפּעס אַנדערש. שׂינאה האָט דיך געבונדן. פון צו גרויסער שׂינאה האָסטו זיך ניט געקענט פון אונדז דער־ווייטערן. דו האָסט געלויערט אויף אונדז פון דער נאָענט ווי אַ ווילדע קאַץ, מיט הכנעה, מיט שוים גיפטיקע... קעניג ליר... דיין טעאַטער־קעניגרייך איז היינט ביי נאַכט צעטריבן געוואָרן... אַ נעסט פון... כאַ־כאַ־כאַ...

פּאָנאַרענקאָ האָט זיך פּלוצעם צעלאַכט. דאָס איז געווען אַן אומ־געריכטער אויסבראָך פון געלעכטער. דער נידעריקער, גלאַנציקער שטערן האָט זיך צונויפגעצויגן. די טאָפּל־נאָז האָט זיך געשפּרייט ווי צום ניסן און ס'האָבן געפינקלט די גרויסע פאַלשע ציין פון גאָלד און פּלאַטין.

— כאַ־כאַ־כאַ, איבערגעשראָקן, דיך, מיין ליר... איבערגעשראָקן... דו ביסט אַ מענטש ווי מיר אַלע. דו מיינסט, אַז איך האָב א י ם ליב? דו מיינסט, אַז איך שרעק זיך ניט ווען ע ר דערנענטערט זיך צו מיר? טראַכט איך ניט דאָס זעלבע וואָס דו וועגן זיין „פּאַטערליבע"? אוי, סאַלאָמאָן, מיר זענען דאָך אייגענע... דוכט זיך אפילו לאַנדסלייט. צווישן זיך קען מען ריידן אָפן... איך האָב נאָר געוואָלט זען דעם גראַד פון דיין אויפריכטיקייט. דו טוסט גוט... דיין ליר איז דער אמתער... ער איז צוגעפּאַסט צו אונדזער פאַרשאָלטענער צייט. עך, ווי טרויעריק עס איז אויף דער נשמה. איר גייט אַלע אונטער. דאָס טוט וויי. דיר דאַרף עס נאָך מערער וויי־טאָן... דיין פּיינטשאָפּט דאַרף זיין נאָך גליאיקער. דאָס איז מענטשלעך. דאָס איז פאַרשטענדלעך...

דער וואָלף אין פּאָנאַרענקאָן לויערט.

לירס קלענסטע באַוועגונג וועט פאַרטרייבן די זאַטקייט, דעם וואָלפס מידקייט. דעמאָלט וועט ער אויפשפּרינגען מיט וועלפישע נעגל. איצט קען ער ניט. איצט ליגט נאָך פאַר אים אַ געפּענטעטער קרבן. אַלע מוסקלען זענען אָנגעצויגן צום שפּרונג. אַן אויגן־געציטער, אַ שטאָמלע־ריי, אַ שמייכל, אַ וואַקל פון לירס גוף — דאָס אַלץ איז גענוג, אַז דער וואָלף זאָל אויפגערייצט ווערן.

— דו שווייגסט, ליר. דו רעדסט ניט. דו ביסט אַ פּחדן! אַזאַ

דאַרף מען טרעטן! דו ביסט ניט קיין ברודער, כאָטש מיר האָבן צוזאַמען ברודערשאַפט געטרונקען. איך בין מיט דיר אויפריכטיק, אָפן, רייד צו דיר קלאָרע רייד און דו ביסט פול מיט אומצוטרוי. וועסט דערנאָך מיך אויסגעבן. אַזוי ווי יודאַש וועסטו מיך איבערגעבן אין די הענט פון די „באַשיצער" דיינע. עפן דיין מויל! רייד! איך באַפעל דיר!

ליר האָט זיך אָנגעהויבן צוריקצוציען צו דער טיר.

אַ שוואַרצע וואַלדוואַנט רוקט זיך אָן אויף אים. ער הערט שוין דאָס געשאָרך פון טויטע בלעטער. ער פילט דעם ריח פון שליימיקע וואַלדזומפן.

— איך וויל אַוועק פון דאַנען. לאָזט מיך. לאָזט מיך.

— דו ווילסט אַוועק. דו קענסט גיין. דער וועג איז אָפן פאַר דיר. דו וועסט דערגיין ווייט־ווייט. דו ווילסט מיך אַהין מיטשלעפּן. איך דער־קען דאָס אין דיינע אויגן. פאַר וואָס לאַכסטו מיר אַריין אין פנים מיט אַ מטורפדיקן געלעכטער? אַלץ איז פאַלש. ווייז דיין אמת פנים! ווייז אים! כ׳וויל אים זען! דו, פאַרגרימירטער פּאַיאַץ! דו, יידישער קעניג וואָס מיט דיין קרוין האָסטו געווישט דעם שטויב פון רויטן סולטאַנס שוועלן! ווער ביסטו, זאָג? אַנטפּלעק זיך! וואַרף פון זיך דיין גרים. וויפל מאַסקעס טראָגסטו? איין מאַסקע אונטער דער צווייטער. כ׳רייס איין מאַסקע אַראָפּ, אַנטפּלעקט זיך אַ צווייטע. כ׳רייס די צווייטע אַראָפּ, זע איך אַ דריטע. ווער ביסטו אויף אַן אמת? איצט וועל איך דיך ניט אָפּלאָזן. כ׳וויל דיך דערזען דורך־און־דורך! דו שווייגסט? דו גליווערסט אַזוי ווי אַ פאַרמירמלטע סטאַטוע. זעט די מירמל־מאַסקע די מאַיעסטעט־טישע! כ׳וועל דעם מירמל צעברעקלען מיט טויזנט האַמערקלעפּ און אויפרייסן דיינע קאַלטע מירמל־אָדערן. רינט אין זיי בלוט? ניין, גיפט רינט אין זיי! דו ווינסט. האָסט אָנגענומען דעם פרצוף פון אַן אומשול־דיק געפּייניקטן ייד? אויך דאָס איז פאַלש. כ׳וועל אַראָפּרייסן דיינע קליידער פון דיר, — און עס וועט זיך אַנטפּלעקן דער שד! אַ פאַר־כישופער! אַ טייוול! אַ יידישער טייוול, וואָס לויערט אויף דרימלענדיקע דערפער און שטעט, וואָס פייפט אין די קוימענס, וואָס צעבלאָזט אין פּראָסטיקע נעכט שׂריפות, וואָס פרייט זיך אויף יענעמס פּיין, וואָס

העצט ברודער קעגן ברודער און דערנאָך טראָגט זיך זיין שפּאָטיש טייוול־געלעכטער איבער אונדזער אומגליקלעך ראָסיי! קענסט דאָס ניט הערן? מיינע רייד בריען דיך? קוק זיך אָן, זעסטו דען אַליין ניט דיין טייוולשע צורה? — — —

פּאַנאַרענקאָ האָט דער בראָנפן־טשאַד געשלאָגן אין די שלייפן.

ליר האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן דער טיר און מיטביידע הענט פאַרשטעלט זיך דאָס פּנים.

— דו שווייגסט אַלץ? האָסטו, טייוול איינער, פאַרלאָרן דאָס מענטשישע לשון? רייד. רייד אויף דיין טייוול־שפּראַך. רייד. ווילסט ניט? ווייז דיין צורה!

אין וואָלפס אויגן — הונגער־פונקען. אַ ניט־געזעטיקטקייט, אַ שוימיקע, אַ שאַרפציינִיקע.

אַ דרוק אין קנעפּל בייִש טיש.

עמעצער רייסט־אויף די טיר. ליר שטייט אין דער אויפגעפּראַל־טער טיר — אָן איינזאַמער בוים אין אַ נאַכטיק פעלד, וואָס איז אַרומ־געכאַפּט פון בליצן.

און מיט אַ מאָל, ניכטערע רייד פון גענעראַל פּאַנאַרענקאָ צו אָן איבערגעוואַקסענעם סאָלדאַט אין אַ לאַנגן שינעל:

— פיר אים אָפּ צום צוג. ער איז שוין גרייט צו דער נסיעה... שוין לאַנג צייט געווען אים אָפּצושיקן...

אַ פאַרמאַכטער אויטאָ לויפט לענגאויס די באַן־רעלסן. ס'איז פאַרטאָג. נעפּלען. וואַגאָנען. צוימען. שטיקער פעלד. רויך. פייפעריי פון לאָקאָמאָטיוון. פאַרע־קנוילן. נידעריקע וואָלקנס און נעפּלען; נידע־ריקע, געדיכטע, גרינלעך־גראָע.

דער אויטאָ איז פאַרשלונגען געוואָרן אין נעפּלען און רויך.

מיט אַ שעה שפּעטער אין קאַבינעט פון מיליטער־קאָמענדאַנט פון שטאָט מינסק.

פאָנאַרענקאָ רופט מאָסקווע. אויף זיין פנים פון צעברעקלטן גלאָז שווימען נעפלען.

ער רעדט שטיל און זיכער:

— דער קעניג ליר איז טויט.

# אינהאַלט

## ביכער פון זעלבן מחבר

1. די שטילקייט מאָנט. לידער. לאָדזש 1945
2. ירושה. לידער. רעגנסבורג 1947
3. אדם באהל. סיפורים. „עם עובד", תל־אביב 1952
4. אויפגעוואַכטע ערד. דערציילונגען. תל־אביב 1953
5. בכפר נטוש. רומן. פאַרלאַג קיבוץ המאוחד 1953
   „ „ „ ספריה לעם, צווייטע אויפלאַגע 1956
6. אין אַ פאַרוואָרלאָזטן דאָרף. ראָמאַן. פאַרלאַג „קיום", בוענאָס־איירעס 1954
7. בשערי מוסקווה, פאַרלאַג „עיינות", תל־אביב 1955
8. En una aldea abandonada (שפּאַניש) ראָמאַן בוענאָס־איירעס 1956
9. ביי די טויערן פון מאָסקווע, פאַרלאַג אלוו. יידישער קולטור־קאָנגרעס, ניו־יאָרק 1956